יצחק רייזמאַן

# לעבנס אין שטורעם

ראָמאַן



פאַרלאַג „מאסף ישראל" תל-אביב
1965

## קאַפּיטל איינס

# בלייענע טעג

עס איז סוף זומער.

דער אלולדיקער בין־השמשות, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן שוואַרצן אויפן האָריזאָנט, האָט אַרויסגעקוקט פון הינטערן וועלדל, ווי אָפּוואַרטנדיק אַריינ־צוכאַפּן זיך אין שטעטל אַריין.

ביי בעריש בערמאַן אין שטוב איז אויפגעראַמט, ציכטיק און רואיִק. אַלע קינדער זענען זיך פון לאַנג צעפאָרן מעבר־לים, פאַרבליבן איז נאָר דער יינגסטער — יואל, אַ ישיבה־בחור, וואָס לערנט פאַר זיך. זיצט ער אַצינד אָנגעלענט ביים טיש, קוקט אַריין אין אַ ספר און מורמלט דעם שיעור מיט אַ נאָגנדיקן ניגון.

און אין מיטן ניגון גנבעט זיך אַריין איר קול. עפּעס פילט ער, אַז זינט ער האָט אָנגעטראָפן אויף נחום הערש־קלעזמערס מיזינקע, טיאַכקעט אים שטענדיק אין האַרצן און עס לאָזט אים נישט צו רו.

אָנגעשפּאַרט ביים וואַרעמען אויוון זיצט זיין מאַמע, רבקה־רחל, שטריקט אַ זאָק און איר צעאַקערט פּנים שיינט מיט נחת פון איר זונס לערנען אַ בלאַט גמרא, — דאָס איינציקע שטיקל פרייד, וואָס ס'איז נאָך געבליבן ביי טאַטע־מאַמע.

פּלוצעם צעשיטן זיך איבערן קאָרידאָר דראָבנע מיידלשע טריטלעך. די מאַמע הייבט אויף אַ צעשראָקענעם בליק צו דער טיר, ווי זי וואָלט זיך ריכטן אויף אַ נישט־געבעטענעם אורח, וואָס קומט, חס־וחלילה, אָוועקנעמען איר לעצטע טרייסט. אָבער באַלד באַרואיִקט זי זיך. די מאַמע הערט ווי ביי דער שכנה טויבע הערשקעס עפנט זיך די טיר, אַ פרישׂ געלעכטער קייקלט זיך אַריין אינעווייניק און פילט אָן די שטוב מיט טענער, וואָס דערמאָנט דעם געקלאַנג פון זילבערנע גלעקלעך אויף פרישע געשפּאַנען אין פאַר־

ביי־יאָגנדיקע שליטלעך. דאָס הייטערע געלעכטער הייבט אויף דער שכנהס עלטסטע טאָכטער, מלכהן, פון דער קאַנאַפּע, און באַלד נעמען שפּאַנען מייד־לשע פיסלעך צום טאַקט:

איינס, צוויי, דר... איינס, צוויי, דריי...

דאָס לערנט רחלע, נחום הערש־קלעזמערס ייִנגסטע טאָכטער, מלכהן טאַנצן.

יואלס גמרא־ניגון האָט אויפגעהערט: ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויפן טיש, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף דער גמרא, און אין זיינע פאַרמאַכטע אויגן האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט רחלהס געטאָקטע פיסלעך... ער האָט געוואָלט זיך אויפשטעלן און צוגיין צו דער וואַנט, אפשר וועט ער קלאָרער הערן איר געלעכטער, ס׳איז אים אָבער אַ שאָד געווען צו פאַרלירן איר געשטאַלט... איצט האָט זיך דער ניגון פון אים אָפּגעריסן און אַוועק זייער ווייט. ער האָט דערפילט, אַז ביז וואַנען ער וועט נישט דערזען רחלען, וועט ער מער קיין קלאַנג נישט קאָנען פון זיך אַרויסבאַקומען...

בשתיקה, אויסבאַהאַלטן פאַר אַ פרעמד אויג, האָבן זיך יואל און רחלע אָנגעהויבן צו טרעפן. לכתחילה פון דער ווייטן זיך אָנגעקוקט מיט פאַר־שעמטע אויגן, שפּעטער זיך פאַרטשעפּעט מיט אַ וואָרט, און לסוף האָבן ביידנס הערצער דערפילט, אַז זיי האָבן זיך שטאַרק ליב און מוזן זיך באַ־געגענען, צו שטילן זייער גרויס בענקעניש איינער צום אַנדערן.

✶

מיט אַ מאָל האָט דער פייער־שטורעם פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אַרומגעכאַפּט דאָס שטעטל און אַ תל געמאַכט פונעם איינגעפונדעוועטן לע־בנס־שטייגער. די יוגנט האָט דערפילט ווי זי איז געבליבן הענגען אין דער לופטן. עס זענען צערונען זייערע שוועבנדיקע חלומות און זיסע טרוימען.

אויך דער עלטערער דור איז אויפגעטרייסלט געוואָרן.

אין זעלביקן יעסיען איז דאָס בית־המדרש געווען איבערפולט מיט מתפללים. אַרום דעם דיקן יאָסלען, דעם צייטונגס־פאַרקויפער, האָט זיך אַרומגעשטעלט אַ רעדל יידן, וואָס האָבן מיט גרויס בייגער זיך צוגעהערט צו די נייעס פון די פראָנטן. דער דיקער יאָסל, וואָס איז אָנגעגאַנגען פאַר אַ קענער אין דראָבנע אותיותלעך און געוווּסט אויסצוטייטשן די שרייבעכצן

פון די גאַזעטן, איז געשטאַנען אין דער מיט און אויסגעלייגט די מלחמה־פּאָזיציעס ווי אויף אַ טאַץ. ער האָט אויף זיין ברייטער האַנטפלאַך אויסגעשטעלט די פראָנטן פון די קעמפנדיקע אַרמייען ; פון „אונדזעריקע" און די „קורצע". באַשיימפּערלעך באַוויזן, ווי אַזוי מען רינגלט אַרום און ווי אַזוי מען אַטאַקירט און מ׳האַקט אַריין „קלינעס". ווי אַן אמתער יענעראַל, האָט ער געוווסט וויפל „מיר" האָבן האַרמאַטן און ווי שטאַרק עס איז דער שונא. און ערשט ווען עס איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט, האָט ער ווי אַ פּוסק־אַחרון אַרויסגעטראָגן זיין דעציזיע.

קיינער האָט נישט געוואַגט אָפּצושפּאַרן דעם דיקן יאָסלס רייד. דער עולם איז זיך צעגאַנגען אין אַ געדריקטן שטילשווייגן, און אויך יואל איז געלאָפן אָנזאָגן זיין אַלטער מאַמען די טרויעריקע בשורה.

ביי נאַכט האָבן זיך אויפן מאַרק גענומען זאַמלען די „זאַפּאַסנע" און ווי נאָר דער טאָג איז אויפגעשטאַנען זענען זיי אַוועק אין דער גובערניע־שטאָט. מען האָט שוין אויך מאָביליזירט די „רויטע בילעטן" און ס׳איז אויסגערונען געוואָרן די האָפענונג, אַז די מלחמה וועט זיך אין גיכן ענדיקן און אַלע וועלן צוריקקומען אַהיים.

וואָס אַ מאָל האָט זיך דער שטורעם אַלץ מער דערנענטערט. איבערן שטעטל זענען געהאַנגען שווערע בלייענע טעג, וואָס האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט דעם אָנבליק פון נאָענטן פראָנט. קיינער האָט, אייגנטלעך, נישט געוווסט, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר דאָס מלחמה־געשפּענסט, אָבער ס׳איז נישט אַריבער אַ וואָך צייט און די ערשטע סימנים האָבן זיך שוין באַוויזן. די ערד האָט אויפגעציטערט פון האַרמאַטן־שאָסן. די דונערן זענען געוואָרן שטאַרקער און נענטער. ביי נאַכט האָבן שטיקער הימל זיך צעפלאַקערט מיט אַ בייזער רויטקייט און אָפּגעגלאַנצט אין גרויסע שריפות. מיילן־לאַנגע אָבאָזן האָבן זיך צוריקגעצויגן פון פראָנט און פורגאָנעס־אַמבולאַנסן האָבן געאיילט אויף מזרח.

דאָס שטעטל איז געוואָרן פאַרפלייצט מיט פּליטים. היימלאָזע יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך האָבן מיט אויגן פול פּחד דערציילט וועגן דורכגעריסענעם פראָנט, וועגן חורבן און טויט אויף די וועגן. גלייך נאָך זיי איז געוואָרן אַן אָנגעלאָף פון מידע זעלנער, וואָס האָבן פאַרלאָזן זייערע פּאָזיציעס. זייערע פּנימער באַוואַקסן און די שינעלן פאַרבלאָטיקט. מיט פּיס,

ווי שווערע קלעצער, האָבן זיי אַרומגעבלאָנקעט אין די געסלעך און הייפן, זוכנדיק אַ ווינקל, וווּ אַנידערצולייגן זייערע מידעביינער.

פון דער ווייטנס האָט זיך נאָך געהערט אַ ביקסן־געקנאַל און אַ „שטעפּן״ פון פּולעמיאָטן. קיינער האָט נישט געוואַגט אַרויסצוגיין אין גאַס. איינגעהילט אין דער נאַכט־פינצטערניש, האָבן זיך די רוסישע חיילות אָפּגעטראָגן און ווען דער טאָג האָט אויפגעשיינט האָבן קייזער ווילהעלמס זעלנער אַריינ־מאַרשירט אין שטעטל.

זיי האָבן גערעדט אויף אַ שפּראַך, ענלעך צום לשון פון די שטעטלדיקע יידן, נאָר מיט אַ „פּתח״. די דייטשן האָבן געקלונגען מיט ניי־זילבערנע מטבעות און פאַרלאַנגט שאָקאָלאַד, ביר און... מיידלעך. דאָס שטעטל האָט זיך אויסגעטשוכעט און דער קלאַנג פון די נייע זילבערנע מטבעות האָט איבער נאַכט באַשאַפן ניי־געבאַקענע סוחרים און הענדלער. זיי האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צום האַנדל מיט די גרין־מונדירטע סאָלדאַטן. די יוגנט האָט פאַרוואָרפן דאָס גרייטן זיך צו גימנאַזיע „נאַ דאָמו״ און אָנגעהויבן נוצן וואָס מער דייטשע אויסדרוקן. ווען דער פראָנט האָט זיך דערווייטערט און דאָס לעבן איז געוואָרן אַ ביסל נאָרמאַליזירט, איז געעפנט געוואָרן אַ ביבליאָ־טעק און אַ גרויסער זאַל פאַר טעאַטער־פאָרשטעלונגען און פאַרלעזונגען. פון די גרויסע שטעט זענען אַראָפּגעקומען רעדנער. יידישע פאָרשטעלונגען זענען געשפּילט געוואָרן ביי פולע הייזער. וואָס אַ מאָל זענען די רעדנער געקומען אָפטער, זייערע רעדעס האָבן זיך געצויגן לענגער און די רייד פלאַמיקער, אַזוי לאַנג, ביז דאָס שטעטל האָט זיך געשפּאָלטן אויף „לינקע״, בונדיסטן, „פּעצעקעס״ און סתם ציוניסטן.

כעלות הבוקר, ווען יואל האָט צוזאַמען מיט אַנדערע משמרניקעס גע־שפּאַנט אין מקוה אַריין, האָט ער לעבן שטאַטישן גאָרטן געטראָפן אַרומ־בלאָנקען עטלעכע חברים זיינע, געוועזענע ישיבה־בחורים. יואל האָט דער־קענט, אַז זיי זענען בגלופינדיק, און ס׳האָט זיך אים אויך אויסגעדאַכט, אַז ער האָט דערהערט אַן עזותדיק וואָרט. אַ מאָדנער געדאַנק איז אים געקומען אין קאָפּ אַריין, — אַז זיי גייען נישט איצטער צוריק פון רבינס בית־המדרש, נאָר פון עפּעס אַ הוליאַנקע. ער האָט זיך אַ ריס געטאָן פון זיינע מיטגייער, ווי ער וואָלט געוואָלט אַנטלויפן פון שלעכטע מחשבות און אַריבער אויף דער אַנדערער זייט גאַס.

אין רבינס בית־המדרש האָט דאָס לערנען אָנגעהויבן פאַרלירן דעם אַמאָליקן ברען. אין די משמרות, דאָנערשטיק ביי נאַכט, האָבן גענומען ווערן ווייניקער לערנערס, און די וואָס זענען געקומען האָבן געזיפצט, אַז ס'איז נישט דאָס, וואָס אַ מאָל.

אַ מאָל זענען אין בית־המדרש געווען אַלע בענק און שטענדערס באַזעצט מיט ישיבה־בחורים. יעדער האָט זיך געהאַט זיין שטענדיק אָרט, און לערנען פלעגט זיך אַזוי געשמאַק, אַז מ'האָט נישט געוווסט, ווו די נאַכט איז אַהינגעקומען. די קלינגענדיקע שטימען פון די לערנערס האָבן זיך געהאַט הילכיק צעטראָגן איבעם לייידיקן חלל פון דער שול, פון דאָרט אין די דערבייאיקע שטיבלעך און דער אָפּהילך האָט אָפּגעשלאָגן העט־ווייט אין די קאָזע־געסלעך.

פון די אַמאָליקע לערנערס איז שוין כמעט קיינער אין בית־המדרש נישט געבליבן. אַ סך פון די עלטערע האָט מען געכאַפּט ביי אַ טריף־פּסול ביכל, באַהאַלטן אונטער דער גמרא און מען האָט זיי באַזייטיקט, און די יונגע זענען געוואָרן מיטגעריסן פון נייעם לעבן און אַליין אַוועק. דער רוב פון זיי זענען געזעסן נאָך דער חתונה ביי שווער און שוויגער אויף קעסט, געשטאַנען אין אַ קליי‌טל אָדער גאָר געהאַנדלט אין סטראַגאַנעס אויפן מאַרק און גיך געוואָרן ענלעך צו זייערע פרי אַלט געוואָרענע טאַטעס. עס האָבן אויך צווישן זיי נישט געפעלט קיין לייידיקגייער, וואָס האָבן זיך אַריינגעדרייט אין כלערליי געזעלשאַפטן, פאַראיינען, פּאַרטייען און געמישט אין קהלס געמויזעכץ. אַפילו פון די ייִנגערע האָט דער רבי אויך נישט געהאַט קיין גרויס נחת. ס'האָט נישט געהאָלפן די שטרענגע השגחה, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן אין בית־המדרש. בגנבה האָבן זיך די ישיבה־בחורים אַריינגעכאַפּט אין דער גערוימער ביבליאָטעק לעבן דעם שטאָט־גאָרטן טוישן אַ בוך. זיי האָבן זיך אויך אַריינגעשלייכט אין יידישן טעאַטער, נישט אַדורכגעלאָזט אַ רעפעראַט און אויף אַזאַ אופן געוואָלט פּרווון אָנהאַלטן אַ פאַרבינדונג מיט ביידע וועלטן. אין שטעטל האָט מען זיי אַ נאָמען געגעבן : „מאָדערנע".

אויך יואל איז געוואָרן איינער פון די „מאָדערנע", וואָס איז אַריינגעקומען אי אין דער ביבליאָטעק און אי אין בית־המדרש. די צוויאיקייט האָט ביי אים אַרויסגערופן אַן איבערברוך. ער האָט געשפּירט, ווי ער פאַר־

לירט דעם באָדן אונטער די פיס. ער האָט געזען ווי דאָס שטעטל וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם טראַדיציאָנעל־חסידישן שטייגער און ווערט פאַרכאַפּט פון אַ פיבערדיקן אומלעגאַלן האַנדל. צענדליקער יונגע־לייט און מיידלעך האָבן זיך אַ נעם געטאָן צום שמוגל. דער שמוגל האָט זיך פונאַנדערגעבליט און אויסגעשפּרייט אויף אַלע געביטן. אַ סך זענען אין אַ קורצער צייט רייך געוואָרן. עס איז אָבער אויך געווען אַ טייל יוגנט, וואָס האָט אָנגעהויבן חלומען וועגן פאָרן שטודירן אין אויסלענדישע אוניווערסיטעטן, אַנדערע איז גאָר געפעלן געוואָרן צו גיין אויף הכשרה און דערנאָך עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

יואל האָט נאָך אַלץ געלעבט אָן אַ ציל. מיט קיין שמוגל האָט ער נישט געוווסט זיך צו פאַרנעמען, און צו פאָרן אין אויסלענדישע אוניווערסיטעטן איז ער נישט געווען צוגעגרייט. וואָס אַ טאָג ווייטער, האָט ער אַלץ מער אַריינגעטראַכט וועגן אַ תכלית פאַר זיך. ער האָט געוואָלט זיך נעמען פאַר אַ באַשעפטיקונג, ווערן זעלבשטענדיק און אָנהייבן בויען אַ זעלבשטענדיק לעבן.

דאָס מזל האָט אים צוגעשפּילט. ער האָט זיך דערוווסט, אַז זיינס אַ קרוב, אַ רייכער סוחר אין דער גרויסער שטאָט, נייטיקט זיך אין אַ פאַר־טרויונגס־מענטש, וואָס זאָל אים העלפן אין געשעפט. זיינע עלטערן האָבן אַפילו נישט געוואָלט הערן דערפון, אָבער אַז יואל איז צוגעשטאַנען, האָבן זיי מסכים געווען ער זאָל פאָרן צו זייער קרוב און ווערן ביי אים אַן אָנגעשטעלטער.

דאָס שווערסטע איז אָבער פאַר אים געווען צו פאַרלאָזן רחלען. ער איז געלאָפן צו איר און אָפּגעמאַכט מיט זיך, אַז ער וועט דאָס איר זאָגן אָפן. ער האָט זי געטראָפן ביי איר הויז. פעסט האָט ער געהאַלטן איר האַנט אין זיינער, אָבער ווי נאָר ער האָט אָנגעהויבן רירן, האָט ער דערפילט ווי עס טריקנט אים אין האַלדז און האָט קיין וואָרעם וואָרט איר נישט געקענט זאָגן. ער האָט אַריינגעקוקט אין אירע פאַראומערטע אויגן און דערפילט איר בענקשאַפט צו אים. זיינע אויגן האָבן זיך האַלב פאַרמאַכט און די ליפּן האָבן גענומען ביי אים ציטערן, ווי ער וואָלט געשטאַנען אין דער שטילער שמונה עשרה — דאָס האָט יואל געשוואָרן, אַז ער וועט זי קיין מאָל נישט פאַרגעסן!

יענער אָוונט האָט זיך טיף איינגעקריצט אין רחלס נשמה. יואל שטייט איר נאָך אַלץ פאַר די אויגן און האַלט פעסט איר האַנט... ווי אַ פּאַריתומטע דרייט זי זיך אַרום אין איר טאַטנס טאַנץ־זאַל און ס׳איז איר דערווידער דאָס לערנען טאַנצן די האַראַפּאַשנע יונגען, דינסטן און סאָלדאַטן. אַלע — זעט זי — האָבן האַמעטנע „טרעטערס״, אַלע זענען אומבאַהאָלפן און גייען נישט צום טאַקט... דער טאַנץ־זאַל, צו וועלכן עס פלעגט זי תמיד ציען, האָט איצט אויסגעזען אין אירע אויגן ווי אַ פאַרוואָרלאָזטער הקדש... אַציגד איז זי מקנא איר עלטערער שוועסטער, וואָס איז אַוועק אַרבעטן אין שפּיטאָל, אַפילו איר ברודער יוזשעקן, וואָס איז נעלם געוואָרן און מ׳ווייסט נישט, ווו ער איז אַהינגעקומען — איז זיי נאָך אַלץ בעסער פון איר... ווי גוט איז יענע מיידן — טראַכט רחלע — וואָס וויסן נישט פון אַזאַ בענקשאַפט, נאָר קומען אָפּ מיט לייענען פּיקאַנטע ביכלעך און טרוימען פון אַ פּרינץ, וואָס וועט קומען ביי נאַכט זיי אַרויסנעמען פון די אָרעמע שטובן און אַוועקפירן, ווי עס פירט זיך אין די ראָמאַנען — אין דער גרויסער וועלט אַריין...

רחל האָט געפילט ווי אירע בעסטע טרוימען גייען אַוועק, צו מאָל, ווי אַ רויך. טייל מאָל האָט זי זיך אַליין געוווּנדערט, ווי שנעל די צייט לויפט? אָבער אויפן האַרצן איז איר אַלץ געווען מוטנע. זי איז אומעטום געווען. ווו נאָר מ׳האָט זי פאַרבעטן איז זי געגאַנגען, אָבער זינט יואל איז אַוועקגעפאָרן האָט זיך איר קלינגענדיק געלעכטער מער נישט אָפּגערופן...

פלוצעם איז זי איבערראַשט געוואָרן פון אַ גרויס געשעעניש. אין מאַרק האָט זיך דער גרויסער אַליאַרם־גלאָק מוראדיק צעקלונגען. מענטשן זענען אַרויס אין די גאַסן. רחל האָט זיך אויסגעמישט מיטן עולם און גע־לאָפן צו דער פייערלעשער־געביידע. נאָך פון דער ווייטנס האָט זי דערזען אויסגעשטעלט אַ ריי סקויטן מיט לאַנגע שטעקנס. שילער און סטודענטן אין קאָנפעדעראַטקעס״[1] זינגען פראַנק און פריי „יעשטשע פּאָלסקאַ ניע זגינעלאַ״[2]. דערנאָך האָבן זיי זיך געלאָזט אין טאַנץ. דאָס טאַנץ־ראָד ווערט וואָס אַ מאָל גרעסער און שפּרייט זיך אויס איבער דער גאַנצער גאַס. באַלד ווערט זי אַריינגעצויגן אין אַ ווילדן „קראַקאָוויאַק״. אין מיטן טאַנץ רייסן

1. נאַציאָנאַלע היטלען.
2. פוילישער הימן.

זיך אַריין ציווילע מענטשן מיט יעגער־ביקסן אין די הענט און שרייען: „צום מאַגיסטראַט!" די מענטשן־מאַסע, ווי אַ שטורמישע ים־כוואַליע, גיט זיך אַ וויג פון אָרט און פאַרפלייצט די פּלעצער אַרום בנין פון קרייז־אַמט, מאַגיסטראַט און פּאָסט. ווי פון אַ שטורעם־ווינט, ווערן אַראָפּגעריסן די אָקופּאַציע־פענער, און אַן אַמאַראַנט־ווייסע פאָן האָט אַ פלאַטער געטאָן איבערן מאַגיסטראַט.

— אַרויס, שוואָבן! אַרויס, פּרוסאַקעס!

סקויטן האָבן געטריבן די אַנטוואָפנטע דייטשן צו דער באַן און זיי אונטערגעיאָגט מיט די לאַנגע שטעקנס. ביי אַ סך פון זיי האָט מען אַראָפּ־געצויגן די שטיוול און זיי געגעבן גראָבע הילצערנע טרעפּעס. איבערן גאַנצן וועג האָט מען זיי באַגלייט מיט שפּאָטישן געלעכטער.

ערשט ווען די דייטשן זענען אַרויס האָט זיך אָנגעהויבן די אמתע שמחה. וודקאַ און ביר האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער. אַ גאַנצע נאַכט האָט רחל נישט געקאָנט איינשלאָפן. זי האָט זיך צוגעהערט צום ליאַרעם און געפּויקעריי פון דער גאַס און אַרייַנגעקלערט: איז דאָס איר שמחה, אָדער איז זי נאָר אַ צושויערין? איינס האָט זי אָבער געפילט, אַז דער אַליאַרעם־גלאָק, וואָס האָט זיך היינט צעקלונגען, האָט זי איבערגעוועקט, באַפרייט פון דער אַפּאַטיע, וואָס האָט זי געהאַט איינגעהילט ווי אין אַ נעפּל. צום ערשטן מאָל האָט זי דערפילט, אַז זי איז אַ רייפע פרוי...

איר אינטואיציע האָט זי נישט פאַרפירט. יואל איז אַהיימגעקומען אויף די ימים נוראים.

ער איז געקומען אַן אויסגעפּוצטער, מיט גרויסשטאָטישע מאַניערן. אין וועסטל — אַ זילבערנער זייגער מיט אַן אַריבערגעוואָרפענער דיווּזקע. רחל האָט אים נאָך נישט געזען. זי האָט אָבער געהערט דערציילן, אַז ער זעט שיין אויס. זיינע האָר גלאַנצן און זענען פאַרקאַמט מיט אַ שרונט אין דער מיט. אַן אַנגענעמער געפיל האָט איר געוואַרעמט, — וואָס קיינער ווייסט נישט, אַז יואל איז איר נאָענט. זי האָט זיך געשראָקן, ס'זאָל ווער איר דאָס געפיל נישט צונעמען...

אַנדערש איז אָבער געווען מיט יואלן. ער האָט זיך געוואַקלט מיט דער דעה, צי זאָל ער באַלד אַהינגיין, צו רחלען. ער האָט געוווּסט, אַז ער דאַרף נאָך יום־טוב צוריקפאָרן, און ווען ער וועט זי זען, וועט דאָס בענקשאַפט

נאָך מער פאַרשטאַרקט ווערן. ער האָט זיך אַרומגעדרייט ווי אַ פרעמדער, נישט געקאָנט זיך קיין אָרט געפינען. זיינע אַמאָליקע חברים, ישיבה־בחורים, זענען געוואָרן פאַרהאַוועטע באַבערדלטע באַלעבעסלעך. אין דער ביבליאָטעק זעט מען זעלטן ווען אַריינקומען טוישן אַ בוך. בלויז דער פילאָסאָפיש געשטימטער ביבליאָטעקאַר זיצט דאָרט גאַנצע טעג און וואַרט אויף אַ „קרבן״, אַריינצוגיין מיט אים אין אַ פיליאָסאָפישע דיסקוסיע. יואל האָט געוווּסט, אַז אין די היימען פון עטלעכע יונגע פאָרלעך קומט מען זיך צוזאַמען, מען פאַרברענגט דאָרט ביז שפּעט ביי נאַכט און מ׳פירט זיך גאָר פריי; מ׳עסט שינקע און מ׳כאַפּט אַ פלירט מיט ווען עס לאָזט זיך... אָבער דאָרט אַהין האָט ער בשום אופן נישט געוואָלט אַריינשטעלן אַ פוס.

וואַרטנדיק מיט אומגעדולד דער יום־טוב זאָל שוין אַריבער און ער זאָל קאָנען צוריקפאָרן צו זיין אַרבעט אין דער גרויסער שטאָט, האָט יואל דערווייל אַרומגעבלאָנקעט פאַראיינזאַמט איבערן שטעטל. איין מאָל בעת אַ נאָכמיטיק־שפּאַציר לעבן שטאָט־גאָרטן, איז ער אומבאַמערקט צוגעקומען צו נחום הערש קלעזמערס טאַנץ־זאַל און פלוצלונג דערזען פאַר זיך רחלען, וועלכע איז געשטאַנען אין טויער, אַ פאַראיינזאַמטע, און געקוקט אין דער האַלב־ליידיקער גאַס אַריין.

די אומגעריכטע באַגעגעניש האָט זיי ביידן דערפרייט, גלייך ווי זיי וואָלטן נאָך אַ לאַנגער צייט צעשיידונג זיך ווידער געטראָפן ערגעץ אין דער פרעמד. ביי ביידן האָבן אויפגעטויכט דעראינערונגען, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן מיט „געדענקסטו?״... רחלע איז געוואָרן הייטערדיק. זי האָט יואלן אַ נעם געטאָן ביי דער האַנט, אַריינגעבעטן אין שטוב אַריין און געבראַכט כיבוד. ווי לאַנג יואל האָט געטרונקען טיי, איז זי געזעסן קעגנאיבער אים, מיט פאַרלייגטע הענט אויפן בוזעם, און גערעדט וועגן איר טרוים, אַנטייל צו נעמען אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון שטעטל, אָבער זי קאָן דעם קראַנקן טאַטן נישט לאָזן אַליין... זי האָט יואלן דערמאָנט די אַמאָליקע פאַראַנשטאַלטונגען אין דער ביבליאָטעק, די טעאַטער־פאָרשטעלונגען, אין וועלכע זיי האָבן ביידע געהאַט מיטגעשפּילט, די אינטערעסאַנטע פאָרלעזונגען פון פערזענלעכקייטן, וואָס מ׳האָט געלאַדן פון דער גרויסער שטאָט, און צום סוף איז איר שמועס אַריבער אויף אַ צווייטער טעמע — וועגן דער אַפּאַטיע און טויטקייט, וואָס הערשט איצט אין שטעטל.

— איך איז גוט — האָט זי פאַרענדיקט טרויעריק — איר פאָרט אַוועק צוריק אין דער גרויסער שטאָט, אָבער איך ?...

יואל האָט זיך אויפגעשטעלט, אויסגעגלייכט זיך און אָנגעהויבן שפּאַנען אַהין און צוריק איבער דער שטוב. ער איז פאַרגאַנגען הינטער איר שטול, און דעם מיידלס הויט אויפן נאַקן האָט אויפגעציטערט, ווי זי וואָלט פון דער נאָענט דערשפּירט זיינע הייסע ליפּן... רחל האָט געפילט ווי זיין קוש הענגט אין דער לופטן, און אָט באַלד וועט ער אָ ברי טאָן איר נאַקן, איר האַלדז, ביז זיינע ליפּן וועלן צוקומען צו אירע... דעמאָלט וועט זי פאַר־שפּאָרן אים צו זאָגן, אויפקלערן, ווייל אין טיפן שטילשווייגן וועט ער דער־הערן ווי עס שטורעמט אין איר האַרצן. אָבער פּלוצעם איז ער גאָר אויס־געקומען אַנטקעגן איר פּנים. ער האָט גערעדט צו איר, ווי צו אַ קליין קינד :

— קום, רחלע, מיר וועלן אַרויסגיין שפּאַצירן !

אין דרויסן איז שוין געווען טונקל. זיי זענען שנעל אַדורך עטלעכע שמאָלע געסלעך און אַרויסגעקומען אויפן ברייטן שאָסיי. ערשט איצט האָט יואל געשפּירט ווי אַ ליבע־געפיל צו רחלען פלאַטערט אין אים. צו ערשט האָט זיך אים אויסגעדאַכט אַז דאָס איז אַ רחמנות־געפיל, וואָס ער פילט צו זיך אַליין, אָבער באַלד האָט ער דערפילט ווי עפּעס אַ בייזער גורל מישט זיך אַריין אין זייער צוקונפט און דערלאָזט נישט צו זיי דאָס גליק, פון וועלכן זיי טרוימען. ווי אַ צעפּיעשטשעט קינד האָט יואל זיך פאַר איר געקלאָגט אויפן גרויסשטאָטישן טומל, אויף דער גרויסער שטאָט, אין וועלכער מ׳זעט זיך לחלוטין נישט אָן, אויף דער שטענדיקער יאָגעניש, אין וועלכער די טעג פאַרלויפן, אָן אַ מינוט אָפּרו, צו קאָנען זיך פאַרטראַכטן, און ער האָט אַ פרעג געטאָן :

— וואָס איז אייגנטלעך דער זין פון אָט אָ דער דאָזיקער יאָגעניש ?

יואל איז אַריינגעגאַנגען וואָס אַ מאָל טיפער אין דעם שמועס. ער האָט גערעדט ווי אויף אַ סימפּאָזיום, געדרייט זיך אַרום זיין פילזאָגנדיקער טעמע, אָבער קיין שום אויספיר האָט ער נישט געמאַכט. אין אָנהייב האָט רחל זיך צוגעהערט צו זיינע רייד. עס איז איר געפעלן געוואָרן זיין אַרט דענקען און וואָס לענגער יואל האָט גערעדט, אַלץ מער האָט זי געפילט ווי אירע ברוסטן ווערן אָנגעלאָדן מיט שטורעם. אָט באַלד וועט צווישן זיי אַדורכ־

שניידן אַ בלענדנדיקער בליץ... זי האָט דערוואַרט, אַז אַט, אַט וועט ער אָנהייבן דערציילן וועגן זיין אייגן לעבן, וועגן דעם לעבן, וואָס שטייט גרייט פאַר זייביידן. ער וועט ריידן וועגן איר, דירעקט צו איר, צו איר האַרץ, וואָס ליבט אים.

ווען יואל האָט אויפגעהערט ריידן האָט זי אים צוגעדריקט צו זיך און איר קאָפּ האָט זיך געטוליעט צו זיין האַלדז. זיי האָבן זיך ביידע גוט פאַרשטאַנען, אָבער די ווערטער, וואָס זי האָט געגאַרט פון אים צו הערן, זענען נישט געקומען. עס איז שוין געווען שפּעט ביי נאַכט. יואל האָט זי צוגעפירט צום טויער פון איר הויז. ביים געזעגענען זיך האָט ער לאַנג געהאַלטן איר קליין הענטל אין זיינער. זייערע אויגן האָבן אויפגעגלאַנצט מיט קעגנזייטיקער ליבע.

אויף צו מאָרגנס איז יואל צוריקגעפאָרן אין דער גרויסער שטאָט אַריין. נאָך זיין אָפּפאָרן האָט רחלע דערפילט, אַז ער פעלט איר אויף טריט און שריט און אַז ער איז איר אייגציקער פריינד אין לעבן. די לעצטע באַגעגעניש, זייער שפּאַצירן אַרומגענומען, און דער שמועס וועגן אינהאַלט פון לעבן, וואָס יואל האָט אַזוי שיין באַגרינדעט, איז איר נישט אַרויס פון קאָפּ. ס׳האָט זי גענומען ציען אין דער גרויסער שטאָט אַריין, דאָרט ווו יואל איז איצט, און די מאָנאָטאָנקייט פון שטעטל האָט זיך מיט אַ נאָך שווערערער לאַסט געלייגט אויף איר געמיט. אַ שטיל־פאַרטרויערטע האָט זי זיך אַרומגעדרייט אין טאַנץ־זאַל, אָנגעפירט מיט די טענץ, געגאַנגען אין די נאַכמיטיק־שעהען אין די רייכע הייזער לערנען די באַלעבאַטישע טעכטער טאַנצן, און שטענדיק געדענקט, אַז איר פאָטער איז ערנסט קראַנק און זיינע כוחות שעפּן זיך אויס פון טאָג צו טאָג. עס האָט איר אויך געדריקט, וואָס אירע ברידער און שוועסטער זענען אַוועק ווייט פון דער היים און געלאָזט זי מיטן קראַנקן טאַטן אַליין, אויף גאָטס באַראָט. אָבער באַלד האָט יואל ווידער אויפגעטויכט פאַר אירע אויגן און, ווי אַ גליענדיקע זון, פול געמאַכט איר האַרץ מיט ליבע און פרייד.

קאַפּיטל צוויי

# דער טאַטע איז מסכים

אויפֿן באַלקאָן פֿון דער גרויסער פּאָוויאַטאָווער געביידע, אין מיטן מאַרק, האָט געפּלאַטערט אַן אַמאַראַנט־ווייסע פֿאָן, באַצירט מיט אַ ווייסן איינקעפּיקן אָדלער. אַרום, אויף די טראָטואַרן, וואָס האָבן זיך גע־צויגן פֿון דריי זייטן און זיך צונויפֿגעקומען אין אַ „ח", האָט זיך, ווי אין אַ געווירבל, געדרייט אַ געמיש פֿון יוגנטלעכע און עלטערע, געוועזענע באַלמעלאָכעס און סוחרים, וואָס האָבן איינער דעם אַנדערן אָנגעבאָטן פֿאַר־שידענע סחורות, גאָלד און וואַלוטע. די באַוועגונג אויף דער שטעטלשער „בערזע" — אַ גאַנצן טאָג אַ שטילע, — פֿלעגט אין די נאָכמיטיק־שעהען, ווען עס קומט אָן טעלעפֿאָניש דער לעצטער קורס, זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַ נערוועזער אַרומלויפֿעניש. יעדער מאַכט אייגענע חשבונות פֿון פֿאַרדינסטן.

צום לערער טרומפּ זענען געקומען וואָס אַ מאָל וויניקער שילער, וואָס ער האָט געגרייט צו עקזאַמענס. אַ סך זענען אַוועק פּרוּוון מזל אויף דער בערזע, אָבער זיי האָבן נישט רעזיגנירט פֿון גרייטן זיך אַלס עקסטערן. זיי האָבן נאָר פֿריער געוואָלט קומען צו אַ ביסל געלט. מיט געלט — האָבן זיי געוווּסט — קאָן מען אַפֿילו אָנקומען אין אַן אוניווערסיטעט אין אויס־לאַנד. דערווייל האָבן זיך די אַלע יונגע־לייט אַרומגעדרייט אויפֿן טראָטואַר אַרום מאַרק, זיך געסודעט איינער מיטן צווייטן, אויף שנעל געכפּלט און געחיבורט לאַנגע ציפֿערן. זייערע שותּפֿים, די געוועזענע באַלמעלאָכעס, האָבן זיך צו דעם צוגעקוקט מיט דרך־ארץ. זיי זענען געווען זיכער, אַז אויף אַזעלכע קעפּ קאָן מען זיך פֿאַרלאָזן. דורך זיי קאָן מען רייך ווערן.

עס האָבן זיך אויך גענומען אָנזען „די אַמעריקאַנערינס". זייערע מענער זענען געווען מעבר־לים און אין די מלחמה־יאָרן איז זיי שווער געווען דאָס לעבן. זיי זענען געגאַנגען אין די דערפֿער בעטן ברויט, געשטאַנען אין מאַרק, געאַרבעט אַלס דינסטן און וועשינס, אַבי צו האָבן אַ ביסן פֿאַר זיך

און די קינדער. איצט זענען זיי געוואָרן אויפגעריכט. מיט אַ מאָל האָט זיך צו זיי אַ שיט געטאָן בריוו מיט דאָלאַרן. אַלץ וואָס זייערע מענער האָבן אין מלחמה־צייט אָפּגעשפּאָרט האָבן זיי אַהערגעשיקט מיט אַ ברייטער האַנט. עס האָט אויסגעזען ווי אײנער האָט דעם צווייטן געוואָלט איבערשטייגן אין שיקן געלט. די „אַמעריקאַנעריגס״ האָבן זיך באַלד געענדערט, נישט צום דערקענען. זיי האָבן פאַרריסן די קעפּ. נישט געוואָלט אָנקוקן קיין ביליקע זאַכן און אָנגעהויבן אַריינמישן אין זייער לשון פרעמד־ווערטער: „לעטערס״, „פּיקטשורס״, גאַנצע טעג האָבן זיי נאָר גערעדט וועגן די „אַפּידייוויטס״ און „טיקעטס״, געבנדיק דערמיט אָנצוגעהערן, אַז זיי זענען שוין האַלבע אַמעריקאַנערינס.

הערש קלעזמערס טאַנץ־זאַל האָט איצט אויפגעלויכטן מיט אַ נייער, אַמעריקאַנער רייכקייט. דאָס דאָזיקע עשירות האָט געלאָקט די באַלמעלאָכישע יונגען, וואָס זענען שוין לאַנג אַרומגעגאַנגען חול־המועדיק אויסגעפּוצט און געהאָפט צו באַקומען אַ שיפס־קאַרטע פון אַ פריינד אינעם גאָלדענעם לאַנד. אַנדערע זענען געווען מער פּראַקטישער און צוליב דעם צוועק געקומען אין טאַנץ־זאַל פאַרפירן ליבעס מיט מיידלעך, וואָס זייערע טאַטעס זענען געווען אין אַמעריקע. די לופט איז געווען אָנגעזאַפּט מיט אַ גערוך פון פּערפום און פּודער. די באַלמעלאָכישע יונגען האָבן אומגעלומפּערט זיך געדרייט אין „באַיאַדעראַ״ און „טיטינאַ״־טענץ, וואָס זענען דעמאָלט געווען אין דער מאָדע. די „שטרויענע״ אַלמנהס — די „אַמעריקאַנערינס״, זענען געקומען פריש־פּאַרקעמטע, פון זייערע פריזורן האָבן געבלאַנקט שרייענדיק־קאָלירטע קאַמען. זיי האָבן שוין געהאַט זייערע סטאַבילע קאַוואַלערן, צו וועלכע זיי האָבן זיך געטוליעט בעתן טאַנצן, און אין זייערע בליקן האָט מען דערקענט, אַז עס ברענט אין זיי אַ פייערל, וואָס נעמט זיך דערפון, וואָס דאָס מענערישע בעט קעגנאיבער איז שוין יאָרן לאַנג צוגעבעט...

קיין סך גליקלעכע „אַמעריקאַנערינס״ זענען אין שטעטל נישט געווען, ווייל נישט יעדער משפּחה איז דאָך אַ מאָל אָנגעשטאַנען צו לאָזן ווער פון זייערע בני־בית פאָרן קיין אַמעריקע. ווען עס האָט זיך געטראָפן, אַז אַ קרוב איז אַוועק קיין אַמעריקע, האָט מען דערפון געמאַכט אַ פאַמיליען־געהיימעניש, ווייל ס׳האָט דאָך געקאָנט גריילעך שטערן צו אַ שידוך.

יואל האָט פון קינדוויַיז אָן געהערט ווי דער טאַטע, אַריינפאַלנדיק צוליב עפּעס אין כעס, פלעגט דער מאַמען פאַרוואַרפן: — „שלמהקע!"... שפּעטער, ווען יואל איז אַוועק פון רבינס בית־המדרש און געוואָרן „אַ גאַנצער מאַכער" אין דער ביבליאָטעק, פלעגט דער טאַטע בייז שוויַיגן. אָבער ווען „דער ישיבה־בחור" איז אַהיימגעקומען שפּעט ביי נאַכט, און דער פאָטער האָט געוווּסט, אַז דאָס קומט ער פון אַ טעאַטער־רעפּעטיציע — דעמאָלט האָט ער מער נישט געקאָנט איבערטראָגן און האָט צו דער מאַמען אַ זאָג געטאָן: — „דער צווייטער שלמהקע!"

לויטן טאַטנס געבייזער האָט מען געקאָנט מיינען, ווער ווייס וואָס פאַר אַ פאַרשוין דער דאָזיקער שלמהקע איז געווען, אָבער ווער עס האָט אים גע־קאָנט, ווייסט, אַז ער איז גאָר געווען אַן אנשטענדיקער בחור, יואלס אַ שוועסטערקינד. די משפחה האָט זיך מיט אים אויפגעוואָרפן נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט אָנגעהויבן „קלעטערן אויף די גלייכע ווענט" און אַוועק קיין אַמעריקע. דערמיט האָט ער געשטעלט בחרפה די גאַנצע משפחה. אָבער אַציַנד איז די חרפה אָפּגעווישט געוואָרן. דער „אָנקל סאָלאָמאָן" — ווי ער האָט שוין אין אַמעריקע געהייסן — האָט זיך גאָר לייטיש אויפגעפירט. ער האָט געשיקט פאַר דער גאַנצער משפחה פּעקלעך מיט שבתדיקע מלבושים און רעגיסטרירטע בריוו מיט דאָלאַרן.

טייל מאָל, נאָכן דערהאַלטן דיקע בריוו מיט געלט, פלעגט מען זיך אַוועקזעצן און נעמען זוכן אַ זכות פאַר די, וואָס זענען אַוועק קיין אַמעריקע און אַרבעטן אום שבת. ערשט דעמאָלט האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז נישט איין מויד וואָלט פאַרזעסן ביזן גרויען צאָפּ אַריין, ווען נישט די שאָלטיקעס, וואָס האָבן זיך אַריבערגעכאַפּט קיין אַמעריקע, שיקן אויף נדן און גאַנצע פּעק אויסשטייער. פאַר זייער געלט האָט מען געפּראַוועט חתונות, געהיילט קראַנקע און אויפגעהאַלטן זקנים פון שטעטל. טייל מאָל האָט אויך געטראָפן, ווי פון הימל אַראָפּ, איז אָנגעקומען אַ שיפס־קאַרט צו אַ „מיידל אין די יאָרן", מיט אַ קליין צעטעלע, זי זאָל וואָס שנעלער קומען, ווי זי שטייט און גייט, קיין אַמעריקע און זיך גרייטן ווערן דאָס וויַיב פון מיסטער גינסבורג — שמואל בעקערס זון, וואָס אַלע געדענקען נאָך, ווי ער האָט צוגעלאָטכנט ביים טאַטן דעם גאָלדענעם זייגער מיט דער דיוויזקע, פאַרזעצט אין לאָמבאַרד און אַריבער די גרענעץ.

אין דער זעלבער צייט האָט מען אין דער גרויסער שטאָט געשפּירט, אַז עפּעס רוקט זיך אָן, מען האָט אָבער נישט געוווּסט ווי אָנצורופן דאָס אָנקומענדיקע געשפּענסט. קודם האָט מען גענומען נאָכקוקן, וואָס עס טוען די גבירים. די באַלעבאָטים פון דער פירמע, ווו יואל האָט געאַרבעט, זענען באַצייטנס אַוועקגעפאָרן קיין אויסלאַנד אין די וואַרעם־בעדער. אַנדערע גבירים האָבן גענומען אַרויסשיקן סחורות אין פאַרבאָרגענע ערטער. די גרויסע געשעפטן זענען געוואָרן האַלב־ליידיק און אַ פּאַניק־שטימונג האָט באַהערשט די שטאָט.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און איבער די גאַסן זענען צעהאַנגען געוואָרן רויטע פּלאַקאַטן, וואָס האָבן אָנגעזאָגט אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַציע. באַלד זענען רעקווירירט געוואָרן אַלע טראַנספּאָרט־מיטלען און די קלאַנגען וועגן מאַרש פון די „רויטע" אויף דער הויפּט־שטאָט האָט נאָך מער פאַר־גרעסערט די פּאַניק.

אין געשעפט ווו יואל האָט געאַרבעט איז נאָר געבליבן דעם באַלעבאָס עלטסטער זון. אין אַ נאָכמיטיק האָט ער פּלוצעם אויסגעצאָלט די אָנגעשטעלטע פאַר אַ חודש געהאַלט און זיי באַפרייט פון די פּאָסטנס. ער האָט אַלעמען, אויך יואלן, געראָטן צו פאָרן אַהיים.

אין באַן האָט יואלן ערשט אויף אַן אמת אַרומגעכאַפּט די מלחמה־פּאַניק. שמוגלערס האָבן בכיוון דערציילט שווידער־מעשות. פון פיל געגנטן איז מען געלאָפן טיפער אין לאַנד אַריין. אַנדערע האָבן בסוד געגעבן אָנ־צוהערן, אַז די בעסטע זאַך איז, צו ציען צו דער גרענעץ און זיך אַרויס־כאַפּן קיין אויסלאַנד — אַ סברא, אַז די בעל־דברס אַליין האָבן טאַקע גע־צויגן צו דער גרענעץ.

יואל האָט שווייגנדיק זיך צוגעהערט צו די שמועסן פון די פּאַסאַזשירן און זיך געשפּירט ווי אַ לייכט שטרויעלע אויף אַ צעשטורעמטן ים. אַפילו זיין פאָרן אַהיים האָט אויך פאַרלוירן דעם אייגנטלעכן זין. ער האָט פאַר קיין פאַל נישט געקאָנט צונויפנעמען זיינע געדאַנקען און טראַכטן וועגן עפּעס אַ פּלאַן פאַר זיך. פאַרקערט, עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז אַלע זיינע פּלענער זענען פּלוצעם צערונען.

אַהיימקומענדיק שפּעט אין אָוונט האָט ער טאַטע־מאַמען געטראָפן וואַך, ווי זיי וואָלטן אים דערוואַרט, כאָטש ער האָט גאָר קיין צייט נישט געהאַט

זיי וועגן דעם צו שרייבן. זיי האָבן גערעדט ביז שפעט אין אָוונט, און יואל האָט זיך געוווּנדערט אויף זיין פאָטער, ווי גוט ער אָריענטירט זיך אין דער סיטואַציע. ער האָט געפילט ווי זיין פאָטער איז געוואָרן ווייכער, נאָכגיביקער, ווי ער וואָלט אַלץ געשטעלט אין אַ זייט און נאָר געציטערט פאַר זיין קינד, וואָס קאָן באַלד אַריינגעצויגן ווערן אין דער מלחמה. ווען עס איז טאָג געוואָרן איז דער פאָטער צוגעקומען צו יואלס בעט און געזאָגט:

— לייג נישט אָפּ מיין קינד, פאַר נאָך היינט צו דער גרענעץ און קום אָן בשלום קיין אַמעריקע!

אַ גאַנצן טאָג איז יואל נישט אַרויס פון שטוב, ווי ער וואָלט זיך פאַר וועמען אויסבאַהאַלטן. אַלע אין שטוב זענען אַרומגעגאַנגען שווייגנדיק־נערוועז, ווי ס׳וואָלט אין הויז געלעגן אַ שווער־קראַנקער, וועמען מ׳טאָר נישט באַאומרואיקן. דער טאַטע איז יעדעס מאָל געקומען פון גאַס אַ בלאַסער און שווייגנדיקער. זיין פּנים האָט מער געמסרט וועגן דער פּאַניק אין שטאָט, ווי ער אַליין האָט דערציילט. די מאַמע האָט געוויינט און געזיפצט. זי האָט גענישטערט אין דער קליידער־שאַנק און אין וועש־אַלמער, און ווו נאָר אַ גוט העמד, אַ גוטע פאַר הויזן, מיטגעגעבן יואלן אין וועג אַריין.

אין צווייטן צימער האָט זיך אַרומגעדרייט יואל. ער האָט באַטראַכט זיינע ביכער און די געשריבענע פּאַפּירן. ער האָט אַנגערירט יעדעס שטיקל מעבל און אפילו די ווענט פון צימער, געזעגענדיק זיך מיט אַלץ. אין העמד האָט ער איינגענייט אַ ביסל געלט און דעם אַדרעס פון שלמהקען אין אַמעריקע.

פאַרנאַכט צו האָבן טאַטע־מאַמע זיך מיט אים געזעגנט. דורך דער האַלב־אויפגעהויבענער זשאַלוזע האָבן זיי אַרויסגעקוקט פון פענצטער, געזען ווי זייער מיזיניק פאַרשווינדט אין פינצטערן געסל.

אין אַ קורטקע און וועליסאָפּעדן־היטל, אַנגערוקט איבער די אויגן, האָט זיך יואל געלאָזט אין וועג. פאַרן פאַרלאָזן דאָס שטעטל האָט ער זיך געלאָזט צו הערש קלעזמערס הויז און אַנגעקלאַפּט אין פענצטער. זי איז אַרויסגעקומען פאַר דער טיר אין אַן אָפּגענוצט קליידל און אַלטע שיך. אין דער ערשטער מינוט האָט זי זיך פאַר אים דערשראָקן, ווייל זי האָט אים לחלוטין נישט דערוואַרט, און דערצו, צו זען אים אין אַזאַ הולך. יואל האָט איר האַסטיק גענומען דערציילן, אַז ערשט נעכטן שפעט ביינאַכט איז ער

צוריקגעקומען פון דער גרויסער שטאָט און שוין פאָרט ער אַוועק קיין אויסלאַנד.

רחל איז געבליבן ווי געפּלעפּט. דאָס האַרץ האָט איר גענומען שטאַרק קלאַפּן און אַ בייזער געדאַנק איז איר געקומען אין קאָפּ אַריין:

— ער איז געקומען אויף אייביק זיך מיט מיר שיידן!

יואל האָט אַ בליק געטאָן אין אירע אויגן און ס'האָבן אים גענומען שטיקן טרערן. ער האָט באַנומען איר פאַרשטאַרט שווייגן און זי געוואָלט באַרואיקן. ער האָט זיך אָבער קוים אַליין באַהערשט און געפילט, אויב ער וועט לענגער מיט איר בלייבן שטיין, וועלן די שטיקנדיקע טרערן זיך אויס־גיסן מיט אַ הייס געוויין. דאָס געוויין האָט ער בשום אופן איר נישט גע־וואָלט איבערלאָזן. ער האָט עס געוואָלט מיטנעמען מיט זיך, ס'זאָל אַלע מאָל אין אים קלאָגן, ביז ער וועט זי ווידער דערזען, האָבן לעבן זיך.

רחלע איז נאָך אַלץ נישט געקומען צו זיך. אירע פאַרחלומטע מאַנדל־אויגן האָבן אָנגעקוקט יואלן און זי האָט נישט געקאָנט פון זיך קיין וואָרט אַרויסברענגען. אָבער באַלד האָט זי געפילט ווי אַ זיסער געפיל באַהערשט זי. זי האָט ביידע הענט אַרומגעוויקלט אַרום זיין קאָפּ און אים אָנגעהויבן קושן. יואל האָט געפילט ווי זיין פּנים ווערט באַגאָסן מיט אירע טרערן. ער האָט זי פעסט איינגעקלאַמערט אין די אָרעמס און זיך איינגעביסן אין אירע ליפּן. זייערע פנימער האָבן זיך וואָס אַ מאָל מער צוזאַמענגעדריקט און די טרערן צונויפגעמישט. רחל האָט נאָך אַלץ אירע הענט נישט געוואָלט אויפשליסן, אָבער ווען יואל האָט דערהערט איר שטיל געוויין, האָט ער מיט כוח אַרויסגענומען זיין קאָפּ פון אירע הענט און, צוואַרפנדיק איר אַ „זיי געזונט!", איז ער מיט גיכע טריט אַוועק צו דער באַן־סטאַציע.

רחלע איז נאָך אַ צייט געשטאַנען ווי פאַרשיכורט. זי האָט געזען בלויז די שוואַרצע נאַכט און עס האָט זיך איר אויסגעדאַכט, ווי אין דער דאָזיקער שוואַרצקייט צערינט איר אייגן לעבן.

## קאַפּיטל דריי

# אין פּאַריז

יואל איז היינט אויפגעשטאַנען פרי, זיך לאַנג געוואַשן, ראַזירט, געפּוצט דעם אַנצוג און זיך געשפּיגלט אין שטייף־געפּרעסטן העמד און צינד־רויטן קראַוואַט, וואָס ער האָט זיך געקויפט צום אַרויסלאָז פון דער קונסט־שול „עקאָל דע באָזאַר״.

ער האָט אָפּגעגעסן פרישטיק און איז אַרויס שפּאַצירן לעבן וועלדל, הינטערן באַרג. ער האָט נאָך געדאַרפט עטלעכע מאָל איבערלייענען און איינחזרן די רעדע, וואָס ער האָט צוגעגרייט צו דער גראַדואירונג־צערעמאָניע אין אָוונט. מיט עטלעכע טעג צוריק האָט פּראָפעסאָר גאַמעלין געזאָגט צו יואלן, אַז ער וועט, אַלס פאַרשטייער פון זיין קלאַס, דאַרפן האַלטן, אין נאָמען פון די אַביטוריענטן, אַ רעדע, אָבער פריער מוז ער עס געבן דורכ־לייענען דעם פּראָפעסאָר.

יואל איז געווען צופרידן, אָבער אויך אַ שפּאָר ביסל נערוועז. עפּעס אַ קלייניקייט — ענדיקן די באַרימטע פּאַריזער קונסט־שול און קריגן אַ דיפּלאָם. אמת, דער דיפּלאָם עפנט נאָר פאַר אים די טירן. ווייטער מוז ער זיך אַליין פּרעזענטירן. צי וועט ער אָבער אויף דעם געביט מצליח זיין? וועט אים די קריטיק גוט אויפנעמען און העלפן שטייגן, אָדער מען וועט אים פאַרשוויגן און ער וועט ענדיקן ווי הונדערטער אַנדערע קאָלעגן — מיט שיכרות, הונגער און דעגענעראַציע.

פאַר אים האָט זיך אויפגעוויקלט אַ לענטע מיט זיין לעבן פון די לעצטע פינף יאָר, נאָכן אָנקומען קיין פּאַריז. ער האָט אַפילו נישט געחלומט וועגן אַ קונסט־שול. די ערשטע צייט האָט ער געוואַשן דאָס געפעס אין אַ צוויט־קלאַסיקער קאַוויאַרניע „קאַבאַלט״ און אין אָוונט איז ער געגאַנגען אויף די לעקציעס. נישט איין מאָל איז ער פון מידקייט אין מיטן פאַרטראַג איינגעשלאָפן. שפּעטער איז ער אָנגעקומען אַרבעטן אין דער קליניק פון

„דזשאַינט”, וווהין די אָרעמקייט האָט טאָג־טעגלעך געשטראָמט מיט אירע צרות און קרענק. ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם שטראָם פון דלות, וואָס האָט אים כמעט ווי פאַרשווענקט. ער האָט צוליב דעם אויפגעהערט מאָלן און שיער נישט פאַרלוירן דעם חוש צו פאַרבן. יאָ, שווערע צייטן זענען דאָס געווען, ער האָט זיך אָבער מיט אַלע כוחות אָנגעהאַלטן ביי זיין אידעאַל, נישט אַרויסגעלאָזט דעם פענדזל פון האַנט און שטענדיק געטרוימט צו דערגרייכן צו אַ מדרגה, וואָס זאָל אים אַוועקשטעלן אין איין ריי מיט וועלט־באַרימטע קינסטלער.

אין זיינע פאַנטאַזיעס איז געווען געננג פּראָווינציעלקייט און אייגנגע־גלויבטקייט אין זיך. נאָר ווען ער האָט אויסגעשטעלט זיין „פּרויען־פּאָרטרעט” אויף דער אויסשטעלונג פון יונגע מאָלער און זיין בילד איז גלייך פאַרקויפט געוואָרן פאַר עטלעכע הונדערט פראַנק, איז דער גלויבן אין זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן. ער איז געווען גליקלעך. בכדי צו זיין ערלעך צו זיך אַליין — האָט ער געטראַכט — טאָר מען נישט פאַרגעסן, אַז די קריטיק האָט כמעט נישט באַמערקט זיין בילד. בלויז איין וויכטיקער קונסט־זשור־נאַל האָט יאָ געגעבן אַ נאָטיץ וועגן דער אייגנאַרטיקייט פונעם אויסגע־שטעלטן „פרויען־קאָפּ”. נאָך דעם ווי ער האָט געקראָגן די קונסט־סטי־פּענדיע, האָט ער אויפגעגעבן זיין זייטיקע אַרבעט, זיך פיין אויסגעקליידט, געדונגען אַ באַקוועמע דירה נישט ווייט פון וואַלד און זיך אין גאַנצן אָפּ־געגעבן מיט לערנען און מאָלן. צוויי פון זיינע בילדער הענגען איצט אין דער גאַלעריע פון קונסט־שול און די פּראָפעסאָרן זענען שטאַרק אויפמערק־זאַם צו זיינע שאַפונגען.

זינט ער איז אַוועק אין דער גרויסער וועלט אַרייַן האָט זיך אַ סך גע־ענדערט אין זיין לעבן. פון שטעטל איז ער שוין זייער ווייט, אָבער רחלען האָט ער נישט פאַרגעסן. ער געדענקט, ווי איצט וואָלט עס געווען, ווען רחלע האָט אים געקושט און געהאַלדזט, בעת ער איז געקומען זיך גע־זעגענען מיט איר. דאָס זענען געווען די ערשטע אומשולדיקע, פייערדיקע קושן פון אַ יונג מיידל. מיט כוח האָט ער זיך געמוזט אַרויסרייסן פון אירע פאַרקלאַמערטע הענט. אַוועק פון רחלען, אַוועק פון שטעטל, פון טאַטע־מאַמע, פון דער וואַרעמער אַטמאָספער, און געגאַנגען אין אַ פרעמדער, גרוי־סער וועלט אַריין. דאַכט זיך אַזוי פיל יאָרן זענען פאַרביי, אַזוי פיל האָפע־

גונגען זענען דורך דער צייט צערונען. ער האָט דעמאָלט געהאַפּט שנעל זיך צו עפּעס דערשלאָגן, נאָך דעם אַראָפּפאָרן אין שטעטל אַריין, חתונה האָבן מיט רחלען און לעבן אַ שטיל, רואיק און גליקלעך לעבן. דערווייל איז געשען דאָס פאַרקערטע. בלויז עטלעכע חדשים זענען אַוועק און שוין באַקומט ער אַ בריוו פון רחלען. ער האָט דעם בריוו מיט פרייד געעפנט, אָבער ווי נאָר ער האָט די ערשטע שורות געלייענט, האָבן שוואַרצע רעדער געגומען לויפן פאַר זיינע אויגן. רחלע שרייבט אים, אַז איר פאָטער איז געשטאָרבן, און עפּעס אַ וויטער קוזין איז געקומען פון אַ ווייט לאַנד, פון דער שטאָט ריאָ דע זשאַנייראָ. זיי האָבן חתונה געהאַט און פאָרן צוזאַמען אָפּ קיין בראַזיל.

„חתונה געהאַט האָב איך — שרייבט רחלע — אָבער דיין ליבע, דיינע קושן וועל איך אייביק געדענקען! וואָס זאָל מען טאָן? מוז זיין, אַז ס׳איז אַזוי באַשערט. איך האָב נישט געקאָנט זיך אַקעגנשטעלן מיין גורל. אפשר וועסטו זיין גליקלעכער פון מיר און דערגרייכן צו וואָס דו שטרעבסט. זיי וויסן, אַז דו וועסט אייביק פאַרבלייבן מיין שענסטער טרוים. ביזן לעצטן אָטעם וועט מיר דיין ליבע זיין טייער. פאַרגעס מיך נישט, ווען אַפילו אונדזערע וועגן זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען״.

דאָס איז געווען איר ערשטער און איינציקער בריוו צו אים, זינט ער איז אַוועק אין דער פרעמד.

ער איז דעמאָלט אַ לאַנגע צייט געווען ווי צעמישט. ער האָט פאַרנאַכלעסיקט דאָס לערנען אין דער שול. צונויפגעפאָרט זיך מיט אַ גרופּע שמוגלערס און צוזאַמען מיט זיי געשמוגלט עסנוואַרג פון די דערפער אין שטאָט אַריין. ער האָט געמאַכט אַ ביסל געלט און געטראַכט נאָכצופאָרן רחלען קיין ריאָ דע זשאַנייראָ. נאָר פּלוצעם האָט דאָס שמוגלען זיך געענדיקט. לינד, די טאָכטער פון דער באַלעבאָסטע, וווּ ער האָט געוווינט אויף קוואַרטיר, האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, הלמאי ער מיידט זי אויס. וויפל ער האָט נישט געפּרוווט איר אויפקלערן, אַז ער איז שוין פאַרקנסט און זיין געליבטע וואַרט אויף אים, האָט זי נישט געקאָנט און נישט געוואָלט דאָס פאַרשטייך. לינד האָט אויסגעגאָסן דעם צאָרן אויף דער גאַנצער באַנדע שמוגלער. מ׳האָט זיי אַרעסטירט, אָבער אין דער לעצטער מינוט האָט זי יואלן אויסגעזאָגט, וואָס זי האָט אָפּגעטאָן און עס איז אים געלונגען זיך צו ראַטעווען. ער איז אין איילעניש אַנטלאָפן קיין פּאַריז.

אין פּאַריז האָט ער געלעבט באַשיידן, אָבער דאָס ביסל געלט האָט זיך גליך אויסגעלאָזט און קיין אַרבעט האָט ער נישט געקאָנט באַקומען. נאָך לאַנגע זוכענישן האָט ער געקראָגן אַ באַשעפטיקונג אין אַ קליניק פון „דזשאָינט". ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן די סביבה און איז אַוועק אַרבעטן אין אַ רעסטאָראַן. געוואַשן געפּעס אין קאַפע „קאָבאַלט". די אַרבעט איז נישט געווען קיין לייכטע, נאָר אַנדערע האָבן אויך אַזאַ אַרבעט נישט געקראָגן. אַ גאַנצן טאָג איז ער געשטאַנען אין אַ פאַרשמוצטן פאַרטעך אין דער הייסער קיך און געריבן געריינקט גאַנצע שטויסן טעפּ און געשיר. אין די אָוונטן איז ער געגאַנגען אין דער שול, און יעדע פרייע צייט האָט ער אויסגענוצט צו מאָלן. לכתחילה האָט ער פאַר אַלעמען אויסבאַהאַלטן, אַז ער מאָלט, נאָר ווען דער באַלעבאָס האָט אים אַ מאָל געטראָפן ביי דער אַרבעט איבער זיין „פרויען־פּאָרטרעט", האָט ער אים דערמוטיקט ווייטער צו מאָלן. ער פלעגט אים צושאַרן אַ זייטיק פאַרדינסטל און זאָגן אַ גוט וואָרט.

פון יענע שווערע צייטן, וועלכע ער האָט געדולדיק איבערגעטראָגן, האָט ער אַ ווייטן שפּרונג געטאָן. איצט, ווען רחלעס צווייטער בריוו איז געלעגן פאַר אים האָט ער געפילט ווי אירע ווערטער טרייבן אים, ער זאָל שטייגן העכער, ווערן באַרימט, אפשר אויך רייך. אים איז געקומען אויפן געדאַנק, אַז רחלע האָט מיט דער כוונה פאַרשוויגן דעם פאַקט, וואָס ער איז אָרעם; צוליב זיין אָרעמקייט — איז ער געווען זיכער — האָט ער רחלען פאַרלוירן. ער מוז איצט ווערן באַרימט און רייך, צו קאָנען זיך וויזן פאַר איר.

און אָט איז ער אויפן באַרג־שפּיץ, דערגרייכט דעם העכסטן פונקט פון זיינע שטרעבונגען — ער ענדיקט די קונסט־שול. ס'דאַכט זיך אים אָבער, אַז נישט אין גאַנצן זענען פאַרווירקלעכט געוואָרן זיינע פּלענער. עפּעס איז ערגעץ ווו נישט אין אָרדענונג. דורך די אַלע יאָרן האָט רחלע נישט געלאָזט פון זיך הערן און אַפילו נישט געענטפערט אויף זיינע בריוו. אָ, ווען זי זאָל קאָנען זיין ביי דער גראַדואַציע־פייערונג, הערן ווי ער האָלט די אָפּ־שייד־רעדע אין נאָמען פון זיין קלאַס, זען זיינע בילדער אין דער גאַלעריע, וואָלט זי כאָטש געוווּסט, אַז ער האָט גענומען ערנסט איר ווונטש, צו קעמפן און דערגרייכן, צו וואָס ער שטרעבט. זי וואָלט דערפילט, אַז זיינע „פרויען־פּאָרטרעטן" זענען בלויז אויסגעטרוימטע וואַריאַציעס פון איר

שיין, ליכטיק פּנים, פון איר לענגלעך אַליוון־געזיכט, פון אירע שיינע חן־גריבעלעך און פאַרחלומטע מאַנדל־אויגן. אוי, ווי ער וואָלט געוואָלט, זי זאָל באַטש וועגן דעם זיך דערוויסן...

פון אָט אַ דעם געדאַנקען־שטראָם האָט ער זיך אַרויסגעריסן, ווען ער איז צוגעקומען צום ראַנד פון וואַלד. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין פּלאַץ — אויף דער באַנק לעבן אַלטן גרויסן בוים — און גענומען לייענען זיין צוגעגרייטע רעדע צום אַרויסלאָז־אָוונט. דורכקוקנדיק די טעזיסן „וועגן דער ראָל פון קינסטלער אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט" האָט ער אָנגע־הויבן ריידן אויפן קול, זשעסטיקולירן, ווי ער וואָלט זיך גרייטן מאַכן דאָ אַ פּראָבע פאַר זיין בעסטן פריינד, דעם אַלטן בוים. ער האָט געלייענט איין מאָל, אַ צווייט מאָל. די רעדע האָט זיך אים אַזוי אַריינגעפּאַקט אין זכרון, אַז ער האָט שוין נישט באַדאַרפט אַריינקוקן אין די בייגעלעך פּאַפּיר. די זון איז שוין געווען אין מיטן הימל, און יואל, אַ צופרידענער מיט זיך, איז אַרויס פון וואַלד. אויפן וועג איז ער אַריין אין אַ רעסטאָראַן, אָפּגעגעסן מיטאָג, געטרונקען ווייַן און אַוועק אַהיים.

פון שלאָף האָט אים איבערגעוועקט די באַלעבאָסטעס שטים. ס'איז געקומען פאַר אים אַן עקספּרעס־בריוו. יואל האָט אונטערגעשריבן דאָס קוויטל, צוגעוואָרפן דעם בריוו־טרעגער טרינק־געלט און אַרויף צו זיך אין צימער.

ער איז נאָך געווען פאַרשלאָפן און בעת מעשה נישט געקוקט אויפן צוריק־אַדרעס, ערשט ווען ער האָט אויפגעריסן דעם קאָנווערט האָט ער דערקאָנט רחלס האַנטשריפט און דאָס האָט אים גלייך אויפגעוועקט. ער האָט געקוקט אויף די געדיכט־באַשריבענע בייגעלעך פּאַפּיר מיטן אַזוי גוט אים באַקאַנטן כתב, געכאַפּט אין איילעניש לייענען, עפּעס נישט פאַרשטאַנען און צוריקגעדרייט דאָס זייטל, אַזוי ביזן סוף פון בריוו, וווּ ס'איז געווען איר אונטערשריפט — „דיין רחל".

זיינע אויגן האָבן זיך נישט געקאָנט אָפּרייסן פון לעצטן זייטל און ער האָט עטלעכע מאָל איבערגעחזרט — „דיין רחל". ער איז געווען איבער־ראַשט און ס'האָבן זיך ביי אים אָנגעהויבן פּלאָנטערן זיינע איבערלעבונגען פון די לעצטע יאָרן, וועגן וועלכע ער האָט אין דער פרי געטראַכט. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס אַלץ האָט גאָרנישט קיין שייכות צו אים. ס'איז

מן־הסתם אַ בייזער חלום, וואָס האָט זיך צונויפגעמישט מיט דער ווירקלעכ־קייט. ער איז גאָר, דאַכט זיך, אין שטעטל. רחלע, ווייסט ער, גייט נישט אַרויס פון שטוב. טעג און נעכט זיצט זי ביים קראַנקן־בעט פון איר פאָטער. אָבער אין אים געדענקט זי. בריוו שרייבט זי אים יעדן טאָג...

דער קאָנווערט מיט די אומבאַקאַנטע פּאָסט־מאַרקעס און שטעמפּלען, וואָס איז געבליבן ליגן אויפן טישל, האָט אים צוריקגעפירט צו דער ווירק־לעכקייט און ס'איז אים קלאָר געוואָרן, אַז דאָס שרייבט אים טאַקע רחלע, אָבער נישט פון שטעטל, נאָר פון וויטן ריאָ דע זשאַניירא. פאַר וואָס האָט זי אים די גאַנצע צייט נישט געשריבן? און פאַר וואָס גראָד היינט, ווען ער ענדיקט די קונסט־שול, איז אָנגעקומען פון איר אַ בריוו, פּונקט ווי זי זאָל ווּיסן, אַז ער ביטיקט זיך אין אירס אַ וואָרעם וואָרט, אין אירס אַן אָנדייט, אַז זי האָט אים נישט פאַרגעסן. פון וואַנען האָט זי געוווּסט, אַז ער לערנט אין אַ קונסט־שול און ווער האָט איר געגעבן זיין אַדרעס?

דעם בריוו האָט ער שוין געהאַט איינִיקע מאָל איבערגעלייענט און עפּעס אויסערגעווייגלעכעס איז אין אים פאָרגעקומען. ער איז נישט געווען זיכער, צי ער טייטשט ריכטיק אויס די געפילן, וואָס איר בריוו האָט ביי אים אַרויסגערופן. ער איז פאַרוועבט געוואָרן אין אַ געדאַנקען־פּלאָנטער פון וועלכן ער האָט נישט געקאָנט אַרויס. פון רחלס בריוו האָט ער אַרויס־געלייענט, אַז זי איז אַצינד אַליין, איז קיין מאָל נישט געווען גליקלעך. זי איז רייך, אָבער איינזאַם און אָן קיין איינציקן פריינד אין לעבן. זעט אויס, אַז זי ווייסט, וואָס ער איז דורכגעגאַנגען פאַר די פאַר יאָר זינט זיי האָבן זיך געשיידט. פון וואַנען ווייסט זי? ער האָט דאָך איר קיין מאָל דערוועגן נישט געשריבן. זי עצהט אים, ער זאָל זיך אָפּזוכן אַ ווויל מיידל, חתונה האָבן און פירן אַ שטיל־רואיק פאַמיליען־לעבן, וואָס איר איז נישט באַ־שערט געווען צו דערגרייכן. אוי, ווי זי וואָלט געוואָלט אַנטלויפן פון דעם גאַנצן טומל און הו־האַ, וואָס רינגלט זי אַרום, און לעבן שטיל־רואיק ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל.

אויפן טישל זענען געלעגן די בלעטלעך מיט דער אויפגעשריבענער רעדע צום אַרויסלאָז־אָוונט און ס'האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז רחלס עצה — פירן אַ רואיק פאַמיליע־לעבן, גיט אַן ענטפער אויף אַלע פראַגן, אויף אַלע בונטאַרישע געדאַנקען וועגן דער ראָל פון קינסטלער אין דער מאָדער־

נער געזעלשאַפט, וואָס ער האָט זיך דאָרט באַמיט אַרויסצוהייבן. איצט האָבן אַלע געדאַנקען אין זיין רעדע פאַרלוירן דעם זין. ער האָט געשפּירט, אַז ער וועט נישט קענען האַלטן זיין רעדע, ווי זי איז אָנגעשריבן. נאָך אַ מאָל האָט ער איבערגעטראַכט די אַלע געדאַנקען פון זיין געשריבענער רעדע און פּלוצעם אויסגעפונען, אַז הגם זיי זענען, פאַר זיך, אמתדיקע, פעלט אָבער אין זיי דער ענד־ציל. אָן דעם האָבן אָט אַ די באַטראַכטונגען קיין זין נישט. וואָס אַ שטייגער טויגן די לעקציעס פון די פּראָפעסאָרן, צו וואָס טויגן די אַלע טעאָריעס, אַז דאָס וויכטיקסטע אין מענטשנס לעבן איז דאָס גליק און צופרידנקייט פון יחיד — פירן אַ רואיק פאַמיליען־לעבן. יאָ, דאָס איז דער ענד־ציל פון אַלע אונדזערע שטרעבונגען, איז ער געקומען צום אויספיר.

מיט איין קורצער פראַזע האָט רחלע געגעבן אַ דעפיניציע וועגן אַלע שטרעבונגען פון מענטשן. דערקלערט דעם באַטייט פון האָפן, קעמפן און ליידן. אפשר איז עס אַ צו פּשוטע דעפיניציע, אָבער אַן אמתע, אַ ריכטיקע. כמעט די איינציקע ריכטיקע, ווייל אַלע אַנדערע טעאָריעס און אידעען זענען בלויז אַ שלייער, אַ לבוש פון ווערטער און פוסטער פּראַזעאָלאָגיע אַרום דעם דאָזיקן צענטראַלן געדאַנק. געוויס וועלן פיל פּראָטעסטירן און אויף פאַר־שידענע אופנים פאַרקריפּלען דעם דאָזיקן פּשוט־לאָגישן אויספיר. ס׳קאָן זיין, אַז זייערע טעאָריעס, וואָס זענען באַזירט אויף פילאָסאָפישע פאַר־מולעס, זענען אין אַ געווויסן זין, אויך ריכטיקע, אָבער דער ענד־ציל איז דער זעלבער.

עס איז אים איינגעפאַלן, אַז דאָס בעסטע וואָלט געווען, קומען צום היינטיקן אַרויסלאָז אין דער קונסט־שול און זאָגן אַלעמען פּראָסט און פּשוט: קאָלעגן, אַלע אָנשטרענגונגען, וואָס מיר האָבן געמאַכט, צו דער־גרייכן אונדזער ציל, האָבן געהאַט איין צענטראַלן פּונקט — געפינען אַ זין אין לעבן. דעריבער איז דער בעסטער אויסוועג פאַר אונדז, אָפּזוכן זיך אַ פרוי, חתונה האָבן, פירן אַ רואיק פאַמיליען־לעבן, שאַפן גרויסע ווערק, כסדר זיך פאַרפולקאָמען, און, דער עיקר, זיין גליקלעך!

ער האָט אַ בליק געטאָן אויפן זייגער, ס׳איז געווען צייט צו גיין.

יואל האָט זיך אויסגעפוצט און געפאָרן צו דער אַרויסלאָז־פייערונג. דורכגעדרונגען מיט אַ רעספעקט־געפיל צו זיינע פּראָפעסאָרן און זייערע

אַרויסגעזאָגטע מיינונגען וועגן קונסט און קינסטלער און זייער ראָל אין דער געזעלשאַפט, האָט ער פון דעסטוועגן זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון זיינע אייגענע איבערצייגונגען. ער האָט געוווסט, אַז מיט די מאָדערנע אידעען פאַרשפּרייט מען אַ גרויסן וויכטיקן אמת. ס׳האָט אים אָבער אויסגעפּעלט מוט אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך אָט די אַלע אָנגענומענע פאַראורטיילן, ווי מ׳וואַרפט אַראָפּ אַן אַלטן בגד.

אין פּאַריז האָט ער שוין געטראָפן פאַרזאַמלט אַ גרויסן עולם, צווישן זיי אַ סך באַקאַנטע מאָלערס, אויך פּראָפעסאָרן פון אַנדערע קונסט־שולן. אַ סך פון זיי האָט ער פּערזענלעך געקענט. געקענט זייער לעבן, זייערע ליבע־אַוואַנטורעס. זיי זענען געקומען אין באַגלייטונג פון שיינע פרויען, פאַר־געשטעלט זיי אַלס געליבטע. יואל האָט געוווסט, אַז די פּראָפעסאָרן בייטן אָפט זייערע געליבטע. דאָס רוב קינסטלער, וואָס ער האָט דאָ געזען, ווינען אין שמוציקע בוידעם־שטיבלעך. ביי נאַכט שלעפּן זיי זיך אַרום אין די קאַפע־הייזער און שלאָפן אָפּ דערנאָך דעם גאַנצן טאָג. זיי עסן נישט נאָרמאַל, אפשר נאָר דאַן, ווען זיי האָבן וואָס צו עסן... דערפאַר טרינקען זיי און רויכערן אַ סך. פון אַזאַ אַרט לעבן דערקייקלען זיך אַ טייל פון זיי צום אָפּגרונט. אַזעלכע זענען שוין אַפילו נישט בכוח אויפצוטאָן עפּעס פאַר זיך. זיי הערן אויף מאָלן און שאַפן, ווערן אומהיילבאַרע דעגענעראַטן און האַלטן זיך אַפילו נישט אָפּ פון קרימינעלע פאַרברעכנס.

אונטערן שווערן לאַסט פון אָט אַ די שטימונגען איז יואל אַריין אין גרויסן זאַל און איז ממש פאַרבלענדט געוואָרן פון דער גרויסער צאָל ליכט־לאָמפּן, דעקאָראַציעס און הייטערקייט, וואָס האָט דאָרטן געהערשט.

די שילער און פּראָפעסאָרן זענען געווען געקליידט אין די טראַדי־ציאָנעלע אַקאַדעמיקער־מאַנטלען און אין היטלען מיט פּראַנדזלעך. זיי זענען געווען אומעטום: אין די קאָרידאָרן, רעסטאָראַן, אויפן הויף, געפלירטעוועט מיט יונגע פרויען, אפשר געליבטע, אָדער נאָר וואָס באַקאַנטע. פון אַלעמענס פּנימער האָט אַרויסגעשיינט די גרויסע פרייד, וואָס אַ נייע גענעראַציע יונגע קינסטלער זענען דערגאַנגען צום הויך־פּונקט, פון וואַנען ס׳הייבט זיך אָן דער אַרויסמאַרש אין לעבן.

אָנטרעפנדיק זיך מיט זייערע בליקן, האָט יואל זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין, פאַר זיינע טריבע געדאַנקען. ער האָט געוואָלט צוגיין צו איינעם

פון זיינע קאָלעגן, וואָס איז געגאַנגען געאָרעמט מיט אַ מיידל און אים פרעגן, וואָס באַטראַכט ער פאַר דאָס וויכטיקסטע אין זיין מאָרגן, אין קינסטלער־לעבן... ער האָט אָבער פון דעם זיך אָפּגעהאַלטן, ווייל ער האָט נישט גע־וואָלט פאַרשווערכן דעם היינטיקן יום־טוב מיט אַזעלכע וואָכעדיקע פראַגעס. ער האָט זיך אַוועקגערוקט אין אַ זייטיקן ווינקל און אויסגעמיטן מיט וועמען צו ריידן. פאַרטיפט אין זיינע אומהיימלעכע געדאַנקען איז ער צו צום גאַסט־צימער, ווו די פראָפעסאָרן, איינגעלאַדענע געסט און פאַרשטייער פון דער פרעסע האָבן געוואַרט אויפן אָפיציעלן טייל פון דער פייערונג.

יואל האָט זיך מיט באַקאַנטע באַגריסט, צוגעהערט זיך צו פאַרשידענע שמועסן, וואָס זיי האָבן צווישן זיך געפירט. ער האָט זיך געמיט אויסצוזען רואיק, נאָר טיף אין אים — האָט ער געשפּירט — ברויזט אַ שטורעם.

איידער דער פאַרהאַנג פון דער בינע האָט זיך אויפגעהויבן, האָט יואל פון זיין פּלאַץ באַמערקט אויף דער גאַלעריע, ווו ס'געפינען זיך די געסט, אַ גרויסע צאָל פרויען. צווישן זיי האָט ער דערקענט די געליבטע פון זיינע פריינד, זייערע שוועסטערס און מוטערס. אין געדאַנק זענען אים ווידער דורכגעלאָפן געשיכטעס פון קינסטלער, זייער טראַגיש לעבן און נאָך מער טראַגישער סוף. ער האָט זיך נישט געקענט באַפרייען פון די זעלביקע פּראָבלעמען, וואָס האָבן אים די גאַנצע צייט געמאַטערט. באַזונדערס האָט אים דערקוטשעט אַ מאָדנע מחשבה: ווי אַזוי קאָן מען פאַרויסזען, וויפל פון די יונגע־לייט, וואָס ענדיקן צוזאַמען מיט אים די קונסט־שול, וועלן פירן אַ נאָרמאַל, צופרידן, גליקלעך לעבן און זיין קינסטלעריש שעפעריש, און וויפל פון זיי וועט דאָסווירקלעכע לעבן אַראָפּקייקלען אין תהום אַריין...

וואָס מער ער האָט זיך געמיט צו באַפרייען פון די דאָזיקע שוואַרצע מחשבות, זענען זיי געוואָרן אַלץ מער אימפּולסיווער, ווי זיי וואָלטן זיך געריייצט מיט אים, אַז ביים סוף פון זיין דערגרייכן דעם אידעאַל, ווייסט ער אַפילו נישט, ווו זיך צו קערן און ווענדן. און וואָס וועט ער אין דער ברייטער וועלט אָנהייבן טאָן, כדי צו דערגרייכן זיין ציל?

ער האָט זיך איצטער געזען אין דער זעלבער לאַגע, ווי בעת ער האָט זיך געזעגנט מיט רחלען און איר צוגעזאָגט צוריקצוקומען. ער האָט דע־מאָלט נישט געוווסט ווי מען הייבט אָן אַ ניי לעבן אין דער נייער וועלט און אַציגד, ווען ער האָט שוין די דאָזיקע וועלט באַקענט, ווייסט ער ווידער

נישט, ווי אָנצוהייבן. כדי זיך ראַטעווען פון אָט די מרה־שחורהדיקע גע־דאַנקען, האָט ער זיך געפּרוּווט אָנכאַפּן אין רחלס ווערטער: „אַנטלויפן פון גאַנצן טומל און לעבן אַ שטיל, רואיק לעבן ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל".

וואָס מער ער האָט זיך געלאָזט באַהערשן פון זיינע געפילן, אַלץ מער האָט ער זיך איבערצייגט, אַז ס'וועט אים זיין שווער צו האַלטן זיין צוגעגרייטע רעדע... ער האָט אַלץ געקלערט דערוועגן, וואָס ס'וועלן זאָגן זיינע קאָלעגן, איבערהויפּט זייערע מוטערס און געליבטע, ווען ער וועט זיין אָפן און ערלעך אין זיינע רייד און זאָגן, ווי ער זעט די צוקונפט פאַר יונגע קינסטלער. אַלץ האָט אין אים רעוואָלטירט קעגן די אויסגעדראָשענע פראַזעס וועגן דער ראָל פון קינסטלער אין דער מאָדערנער וועלט, וואָס די קאַזיאָנע רעדנערס לאָזן הערן בעת אַזעלכע פייערונגען. זיי, די פּראָ־פעסאָרן, ווייסן גאַנץ גוט, אַז די אַפּראָבירטע קינסטלער וועלן מאָרגן אָנ־טרעפן אַ גאַנץ אַנדערעווירקלעכקייט, ווי מ'זאָגט זיי דאָ פאַר, און דאָך האַלטן זיי אָן דעם צערעמאָניאַלן טאָן און זאָגן אָן גאָלדענע גליקן.

צוליב אָט דער סיבה האָט יואל די אָפיציעלע רעדעס כמעט נישט געהערט. פאַר אים האָבן די רעדעס אָפּגעהילכט, ווי אַן עכאָ פון ערגעץ ווייט. וואָס זיין אויער האָט יאָ אויפגעכאַפּט, איז געווען אַזוי שאַבלאָניש־באַקאַנט און אומוויכטיק, אַז ער האָט זיך גאָרנישט געמיט צו דערגרונ־טעווען צום עצם געדאַנק. אַלץ האָט געקלונגען באָמבאַסטיש, אינהאַלטסלאָז און אומבאַדייטנד פאַר דער אוידיטאָריע, צו וועמען די רייד זענען געווען געווענדעט.

ענדלעך האָט ער זיך דערוואָרט. מען האָט אויסגערופן זיין נאָמען. יואל איז מיט לאַנגזאַמע טריט צו צו דער רעדנער־טריבונע און מיט איינ־שטודירטער פּאָזע אָנגעהויבן זיין רעדע. ווייזט אויס, אַז ער האָט שוין דעם טעקסט געקענט פון אויסנווייניק, ווייל ער האָט געקוקט אויפן עולם, און בלויז זעלטן אַ בליק געטאָן אין דעם אָנגעשריבענעם פּאַפּיר, וואָס איז געלעגן אויפן שטענדער. אַלע צוגעגרייטע רעדעס זענען אַדורכגעגאַנגען דורך אַ געניטער האַנט און איינגעטיילט געוואָרן אין צוויי גרופּן: פּראָפעסאָרן און סטודענטן. עס האָט באַדאַרפט אַזוי אַרויסקומען, אַז די פּראָפעסאָרן און די אָפיציעלע געסט רופן די נייע גענעראַציע קינסטלער, זיי זאָלן איבער־נעמען די פירערשאַפט אין דער וועלט פון קונסט. אַרבעטן פאַר דער פאַר־

שפּרייטונג פון שיין־גייסט און פאַרשטענדעניש פאַר קונסט צווישן פאָלק. די שילער, ווידער, דער קלאַס פון נייע קינסטלער, אין וועמענס נאָמען ער רעדט, האָט באַדאַרפט דאַנקען פאַר דער אויפגאַבע, וואָס די גערזעל־שאַפט לייגט אויף זיי אַרויף, און פייערלעך צוזאָגן, אַז זיי וועלן גיין אינעם אָנגעצייכנטן וועג. זיי וועלן שטאָלץ טראָגן די קינסטלער־פאַן און מיט איר אַנטקעגנגיין די קומענדיקע דורות, און פאַרזיכערן, אַז די האָפענונגען פון זייערע פּראָפעסאָרן און דער געזעלשאַפט וועלן מקוים ווערן.

ביז אַהער איז אַלץ געגאַנגען כשורה. יואל האָט דאָ באַדאַרפט פאַר־ענדיקן זיין רעדע. נאָר איידער ער איז אַראָפּגעגאַנגען פון דער טריבונע האָט ער עפּעס צוגעגעבן. ער האָט דעמאָנסטראַטיוו אָוועקגערוקט פון זיך דאָס אָנגעשריבענע פּאַפּיר און מיט אַן אינטימען, האַרציקן טאָן, זיך גע־ווענדעט צו דער גאַלעריע. ער האָט גאָר אָנגעהויבן ריידן וועגן די גרויסע געפאַרן, וואָס לויערן אויף יעדן נייעם קינסטלער. וואָס אַ מאָל זענען זיינע רייד געוואָרן וואַרעמער, זיין שטימע העכער, און דער געדאַנקען־גאַנג קלאָרער. דער עולם האָט גענומען אויפשטעלן מויל און אויערן. יעדער האָט געפילט, אַז ער איז אַ קרוב צו זיינע רייד. דערווייל איז דער רעדנער גע־קומען צום אויספיר, אַז דער איינציק־ריכטיקער וועג איז, קודם־כל, צו זאָרגן פאַרן אייגענעם גליק. איינשטעלן אַ געזונט, נאָרמאַל לעבן, אַ גליק־לעך פאַמיליען־לעבן. ווען דער קינסטלער וועט זיין גליקלעך — האָט יואל צעשפּרייט זיינע הענט, — ווען ער וועט זיין צופרידן פון זיין היים, וועט זיך זיין טאַלאַנט אַנטוויקלען און ער וועט קענען שאַפן נייע וועלטן!

זיינע רעוואָלוציאָנערע רייד, וואָס זענען געקומען אַזוי אומדערוואַרט פאַר די אָנוועזנדיקע, איבערהויפּט פאַר די פּראָפעסאָרן, האָבן אַלעמען דערשטוינט. קיינער האָט נישט געוואָגט אים איבערצורייסן. אין זאַל האָט געהערשט אַ שטילקייט. יואל האָט אָבער מער נישט געוואָלט פאַרציען זיינע רייד און ער האָט אויסגעלאָזט מיט אַ פּראַקטישן רוף צו זיינע קאָלעגן, וואָס איז געווען זייער ענלעך צו די ווערטער, וואָס רחל האָט געשריבן צו אים:

— קודם־כל אָרדנט איין אייער אייגן לעבן. אַנטלויפט פון טומל און בויט אייער נעסט פון ליבע און גליק, אין אַ שטיל, פאַרוואָרפן ווינקל. אַרבעט, מאָלט און באַמיט זיך צו שאַפן דאָס בעסטע, וואָס איר זענט בכוח. אויב

איר האָט ווירקלעך טאַלאַנט, וועט אייער זשעני אויך פון שטילן ווינקל אַרויסשיינען און באַלייכטן אייער לעבנס־וועג.

פאַרשידן האָבן זיינע געדאַנקען געווירקט אויף די צוהערער. די פרויען אויף דער גאַלעריע האָבן אים הייס אַפּלאָדירט. ער האָט, הפּנים, אויפּגע־דעקט אַ וווּנד אין די הערצער פון די מוטערס און געליבטע. צווישן די סטודענטן האָבן טייל געהאַט צו אים טענות, אַז ער מאָלט אַלץ אין שוואַרצע פאַרבן און אַז אַ קינסטלער דאַרף זיך נישט אָפּשליסן פאַר דער אויסער־לעכער וועלט. אַנדערע האָבן געשוויגן, ווייל, אין תוך, זענען זיינע רייד געווען אַבסאָלוט אמת. די פּראָפעסאָרן, פון וועלכע דער רוב האָט געלעבט אין אייגענע פּאַלאַצן, פול מיט דערהויבענע אידעען און זיכערע פּענסיעס, האָבן אים באַטראַכט ווי אַן עקסצענטרישן פּעמיניסט.

זיין רעדע איז אָבער געווען די גרעסטע סענסאַציע פאַר די קונסט־קריטיקער און רעפּאָרטערס פון די טאָג־צייטונגען. יעדעס יאָר זענען זיי געוווינט צו באַזוכן די אַרויסלאָז־פייערונגען אין די קונסט־שולן און ס׳איז זיי דערהווידער געווען צו הערן די זעלביקע סקאַרבאָווע רייד וועגן די הויכע אידעאַלן און די פליכטן פון די גראַדואירטע פאַר דער געזעלשאַפט. אָפּט מאָל דאַכט זיך די צייטונגס־מענטשן, אַז זיי וואָלטן גאָרנישט פאַרלוירן, ווען זיי גייען נישט אויף די פייערונגען און דרוקן איבער דעם פאַראַיאָריקן באַריכט מיט קליינע ענדערונגען. אָבער צוליב פּרעסטיזש מוזן זיי קומען און אויסהערן די רעדעס, וואָס זיי קענען כמעט שוין פון אויסנווייניק. און דאָ, אין מיטן דערינען, האָט פּלוצעם אַן אומבאַקאַנטער סטודענט אַנטפּלעקט דעם געזעלשאַפטלעכן אָפּגרונט, אין וועלכן עס פאַלן אַריין אַזוי פיל צו־זאָגנדיקע טאַלאַנטן. קאָן זיין, אַז זיין „רעצעפּט" וועט דאָס שווערע פּראָב־לעם נישט לייזן, אָבער שילדערן די לאַגע אין דער פולער נאַקעטקייט האָט נאָך קיינער פון דער טריבונע נישט געוואַגט. דאָס אַליין איז שוין פאַר אַ יונגן קינסטלער אַן אָנזאָג פון דרייסטקייט און טאַלאַנט.

די רעפּאָרטערס און אייניקע פּראָפעסאָרן, דער רוב יונגע מענטשן, האָבן אים אַרומגערינגלט און געוואָלט הערן פון אים מער איינצלהייטן וועגן זיינע אידעען. איין פּראָפעסאָר האָט געוואָלט ביי אים דערגיין, צי ער איז נישט אַ מאָל באַאיינפלוסט פון דער יידישער מיסטיק. אין זאַל האָט געזומען זידן ווי אין אַ קעסל. איינער מיטן אַנדערן האָט דיסקוטירט. עס זענען גע־

ווען פאַר־און קעגן־מיינונגען, נאָר יואל אַליין האָט נישט פאַרשטאַנען דעם גאַנצן טומל, וואָס מען מאַכט פון זיינע אַרויסגעזאָגטע מיינונגען, אַז אין גאַנצן איז דאָך אַלץ אַזוי איינפאַך־קלאָר און זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אַפּילו רחלע ווייסט דערפון...

אַ גרופּע סטודענטן מיט זייערע מוטערס און געליבטע האָבן זיך דורכ־געשלאָגן דורכן עולם און אים אַריינגענומען אין אַ רעדל, אָפּווערנדיק אים פון די צודרינגלעכע רעפּאָרטערס. די קאָלעגן, וואָס האָבן מסכים געווען מיט אים, האָבן אים געלויבט פאַר זיין געוואַגטקייט און זעלבשטענדיקן אַרט דענקען. באַזונדערס האָבן די פרויען אים געדאַנקט פאַר אויפדעקן די פּלאָג פון דעגענעראַציע אין דער קינסטלער־וועלט, און פאַר זיין מוט צו רופן צו אַ נאָרמאַל, געזונט לעבן.

זיי האָבן געבעטן, אַז ער זאָל גיין מיט זיי פאַרברענגען דעם אָוונט. יואל האָט זיך אַנטשולדיקט, אַז ער מוז היינט זיין ערגעץ אַנדערש.

אויפן וועג אַהיים האָבן אים אַנגעיאָגט עטלעכע זיינע נאָענטע חברים און אים געוואָלט מיטנעמען צו אַ הוליאַנקע לכבוד דעם פאַרענדיקן די קונסט־שול, נאָר יואל, וואָס האָט געוואָלט היינט זיין מיט זיך אַליין, האָט זיך ווידער מיט עפּעס אַ תירוץ אַרויסגעדרייט, און איז ווייטער געגאַנגען זיין וועג.

ער האָט זיך אַצינד געפילט, ווי ער וואָלט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן אַ שווערע לאַסט. איצט איז ער אַ פרייער מענטש מיט אַ סך פרייער צייט און האָט מעגלעכקייטן איינצואָרדענען זיין לעבן, אַזוי ווי ער פאַרשטייט און ווי אים געפעלט. גענוי, וואָס ער וועט איצט אָנהייבן טאָן, האָט ער אַליין נישט געוווּסט. ווען עמעצער זאָל אים פרעגן, ווי אַזוי ער מיינט איינ־צואָרדענען זיין לעבן, וואָלט ער נישט געקאָנט געבן קיין קאָנקרעטן ענטפער. עס זענען אים אויפגעקומען אייניקע פּלענער פון פּרווון עפּעס אונטערנעמען, אָבער אַלץ האָט געפירט צו קונסט־געשעפטן, אַגענטן, קריי־טיקער און צייטונגען. אָדער ס׳האָט געשמעקט מיט קאַפע־הייזער און באָהעמע־לעבן, פון וואָס ער האָט איצט אַפילו נישט געוואָלט טראַכטן.

ער האָט טיף אַריינגעאָטעמט אין זיך די קילע פרימאָרגן־לופט. געווען אַזוי אויפגעלייגט, אַז עס האָט זיך אים גאָרנישט געגלוסט צו גיין אַהיים, אין זיין ענג בחוריש צימערל. די גאַנצע נאַכט האָט ער אַרומגעבלאָנקעט

איבער די פּאַריזער גאַסן. ער איז שוין נישט ווייט פון דער קאָוואַרניע „קאַבאַלט", ווו ס'אַרבעט און וווינט זיין קאָלעגע מסיע עקס.

דער פראַנצויז, וועמען יואל האָט צוגעטשעפּעט דעם נאָמען עקס, איז אַ סטודענט, אַ קינסטלער, אַ מוזיקער, אַלץ אָן עקס — אַ געוועזענער. געווען אַן אָפיציר אין דער אַרמיי, און לויט ווי ער אַליין האָט געהאַט דערציילט — געווען אויך אַ גליקלעכער פאַמיליע־מענטש. איצט טוט ער אין קאַפע „קאַבאַלט" אַלע אַרבעטן: ראַמט, וואַשט, קאָכט און לעבט דאָרטן אויס זיינע עלטערע יאָרן.

ווען יואל איז אַריינגעקומען האָט שוין מסיע עקס געהאַט אויפגע־ראַמט די קיך, אַלץ אויסגעוואַשן און אויסגעשייערט. פאַמעלעך האָט ער געזופּט די הייסע קאַווע און אַריינגעקוקט אין אַ צייטונג.

מסיע עקס האָט געלייענט וועגן אַרויסלאָז אין דער קונסט־שול און וועגן יואלס רעדע. ער האָט אויך געזען זיין בילד אין דער צייטונג און די רעפּראָדוקציע פון זיין „פּרויענקאָפּ". ער געדענקט גוט ווי יואל האָט עס געמאָלן אין זיין קעלער. מסיע עקס איז געווען צערוישט פון זיין פריינדס דערפאָלג און ווען ער האָט פלוצעם דערזען יואלן אַריינקומען, האָט ער אים אַרומגעכאַפּט און געקושט.

ער האָט אָנגעגאָסן פרישע קאַווע און זיך אַוועקגעזעצט קעגנאיבער יואלן מיט דער צייטונג אין האַנט, ווייזנדיק אויף זיין בילד און דעם באַ־ריכט פון דער פייערונג. יואל האָט גענומען די צייטונג, אַ קוק געטאָן, וואָס מ'שרייבט דאָרטן און עס צוריקגעגעבן. מסיע עקס האָט געהאַלטן אין איין קוקן אויף יואלן און אויף זיין בילד אין דער צייטונג. ער האָט אָבער דערביי נישט אויסגערעדט קיין וואָרט, ווי ער וואָלט נישט וועלן יואלן שטערן אין זיינע מחשבות.

ווען יואל האָט זיך אויפגעשטעלט אַוועקצוגייען און אים געגעבן די האַנט, האָט מסיע עקס אים שטאַרק אַרומגענומען און שיער נישט גע־וויינט פאַר פרייד.

— דיינע גאָלדענע רייד, מיין יונגער פריינד — האָט ער געזאָגט מיט טרערן אין די אויגן — זענען אַ פּאַטש אין פּנים דער וועלט פון שקר און דעגענעראַציע, אין וועלכער אויך ערלעכע מענטשן ווערן אויף אייביק פאַרלוירן. דו האָסט זיך אָנגענומען דעם כבוד פון מין מענטש, וואָס ווערט

געשענדעטע אונטערן צודעק פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט. דו האָסט אויסגעשריען דעם ווײ און די שאַנדע פון הונדערטער און טויזנטער אומגליקלעכע ווי איך, וואָס וואַלגערן זיך אַרום, פאַרלאָזענע און פאַרגעסענע. אַצינד קאָן איך רואיק שטאַרבן. זאָל דיך גאָט בענטשן, מיין יונגער פריינד, זשוליען!

בעת יואל איז אַרויס פון קאַפע האָט זיך מסיע עקס געהאַלטן אין איין צלמען. יואל איז איצט געגאַנגען מיט ראַשיקע טריט, ווי מסיע עקס רייד וואָלטן אים אונטערגעטריבן. ער האָט זיך אויסגעמישט מיטן גרויסן שטראָם מענטשן, וואָס האָט מיט דער דערוואַכונג פון טאָג פאַרפולט די גאַסן.

*

אַ גאַנצן טאָג איז יואל אָפּגעשלאָפן אין זיין צימער. ער האָט אַפילו געהערט ווי די באַלעבאָסטע רופט אים, נאָר איר רופן האָט זיך אים אויסגעדאַכט ווי אַן עכאָ פון ערגעץ וויט, ווי נישט אים מיינט מען דאָס, און ער איז ווידער איינגעשלאָפן.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט איז שוין געווען נאַכט און די אָנגעצונדענע לאָמפּן האָבן אים געבלענדט די אויגן. די באַלעבאָסטע האָט אים דערציילט, אַז אַ גאַנצן טאָג האָט דער טעלעפאָן געקלונגען און פאַרשידענע מענטשן האָבן מיט אים געוואָלט ריידן. אייניקע זענען אַפילו צוגעשטאַנען, אַז זיי ווילן אים איבערגעבן זייער וויכטיקע נייעס. זי האָט אים נישט געוואָלט איבערוועקן און יעדן געזאָגט, אַז ער איז אַרויסגעפאָרן צו אַ פריינד אויף דער פּראָווינץ און זיי געהייסן קלינגען מאָרגן. אַנטשולדיקט, מסיע זשוליען — וואָס איך האָב וועגן אייך געזאָגט ליגן — האָט זי זיך פאַרענטפערט.

אויפן גרויסן טיש אין עס־צימער זענען געלעגן צעוואָרפן די מאָרגן־ און נאָכמיטיק־אויסגאַבן. פון די בלעטער האָט אַרויסגעקוקט יואלס בילד און ס׳האָבן אויסגעשריען גרויס־אותיותדיקע קעפּ וועגן זיין אויפטריט בעת דער גראַדואירונג־צערעמאָניע. יואל האָט איצט אַ ביסל מער געלייענט, וואָס מ׳שרייבט וועגן אים, אָבער ס׳האָט זיך אים נישט געוואָלט גלייבן, אַז דאָס אַלץ האָט אַ שייכות מיט אים און מיט זיין „פרויענקאָפּ“.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט בײַ אַ סערווירט טישל, אָבער באַלד האָט דער טעלעפאָן זיך צעקלונגען און די באַלעבאָסטע האָט אים געפרעגט, צי ער וויל ענטפערן. ער האָט געגומען דאָס טרייבל. ס'האָט גערעדט מסיע לע־טיסיא, דער אייגנטימער פון קונסט־געשעפט לעבן „אָדעאָן", ווו יואל האָט מיט אַ צייט צוריק איבערגעלאָזט צוויי בילדער צו פאַרקויפן. לעטיסיא האָט איצט אים אָנגעזאָגט די בשורה, אַז אין דער היגער קינסטלער־וועלט קאָכט זיך מיט זיין געוואַגטן אַרויסטריט אויף דער נעכטיקער פייערונג. ער קאָן איצט פאַרקויפן אַלץ, וואָס ער וועט מאָלן. זיינע „צוויי פרויען־קעפּ" האָט מען היינט בײַ אים אויסגעכאַפּט פאַר אַ געפעפערטן פרייז. עפּעס אַ קלייניקייט, אַזוי יונג, נאָר וואָס פאַרענדיקט די קונסט־שול און שוין באַ־רימט. ערשט נעכטן געווען אומבאַקאַנט, און שוין זענען די צייטונגען פול מיט אים און די גרעסטע קריטיקער דיספּוטירן זיינע אַרויסגעבראַכטע אידעען. דער קונסט־הענדלער, וואָס איז געווען אַ שלעכטער צאָלער, שרייט אים איצט אַריין אין טעלעפאָן־טרייבל:

— מסיע זשוליען, קומט באַלד אָפּנעמען אייער געלט! אויב איר האָט נאָך עפּעס פאַרטיק, ברענגט מיט. כ'וועל דאָס פאַרצוקערן! וואַרפט אַוועק אַלע זייטיקע נאַרישקייטן און נעמט מאָלן מיט פולן אימפּעט און ברען. געדענקט, אַזאַ געלעגנהייט מאַכט זיך איין מאָל אין אַ יובל!

אַוועקגעלייגט דאָס טעלעפאָן־טרייבל, האָט ער זיך געזעצט עסן און ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיין גלאָז וויין, האָט ער זיך געווענדעט צו דער באַלעבאָסטע:

— מאַדאַם, איר האָט נישט אויסגעטראַכט קיין ליגן. איך פאַר טאַקע די טעג אַוועק פון פּאַריז. איר קאָנט פאַרדינגען דעם צימער.

די באַלעבאָסטע האָט געוואָלט וויסן צי ער וועט אין גיכן צוריקקומען, ווייל זי האָט אים ליב, ווי אַן אייגענעם זון, אויב יאָ, וואָלט זי געהאַלטן דעם צימער פאַר אים.

— ניין, מאַדאַם — האָט יואל איר פאַרזיכערט — איך וועל אַזוי שנעל נישט צוריקקומען. מעגלעך, קיין מאָל מער נישט צוריקקומען אַהער.

בלייבנדיק אַליין אין זיין צימער האָט ער ערשט אָפּגעשאַצט, אַז זיין ספּאָנטאַן־אָנגענומענער באַשלוס אַוועקצופאָרן פון דאַנען, איז דער איינ־ציקער אויסוועג אין איצטיקן מאָמענט. וווהין צו פאָרן האָט ער, אייגנטלעך,

נישט געוווסט. אין געדאַנק זענען אויפגעקומען פאַרשידענע פּלענער, אַפילו וועגן צוריקפאָרן אין זיין געבוירן־שטעטל האָט ער געטראַכט, נאָר צו קיין ענדגילטיקן באַשלוס איז ער נישט געקומען.

רחלס בריוו איז נאָך געלעגן אויפן טיש. ס'האָט זיך אים אויסגעדאַכט ווי דער בריוו מאָנט ביי אים אַן ענטפער. יאָ, ער וועט איר שרייבן אַן אויספירלעכן בריוו און זיך אָראָפּריידן פון הארצן. ער וועט איר שרייבן וועגן אַלץ, וואָס ס'האָט מיט אים פּאַסירט, זינט זיי האָבן זיך צעשיידט.

ער האָט געשריבן מיט אימפּעט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז די געדאַנקען זאָלן אים נישט אַנטלויפן. אַלץ איז ביי אים געוואָרן פריש, גע־ווויקלט זיך ווי אַ פאַרביקער פילם און געלאָזט זיך אַרויפכאַפּן אויף די בייגעלעך פּאַפּיר. ערשט שפּעט אין אָוונט האָט ער פאַרענדיקט דעם לאַנגן בריוו און אַ פאַרמאַטערטער זיך אַריינגעוואָרפן אין בעט.

אין דער פרי איז ער געווען זייער אויפגעלייגט. ער איז אַראָפּ אין גאַס און אין האַנט האָט ער פעסט געהאַלטן דעם אָנגעשריבענעם בריוו. איידער ער האָט דעם בריוו פאַרקלעפּט, האָט ער נאָך אַ מאָל אַ קוק געטאָן, צי ער האָט איר געשריבן וועגן זיין באַשלוס צו פאַרלאָזן פּאַריז. יאָ, ער האָט נישט פאַרגעסן. ער האָט איבערגעלייענט אַ פּאָר שורות: „איך וויל פאַרלאָזן פּאַריז און זיך באַזעצן און אַרבעטן ערגעץ ווו אין אַן אומבאַקאַנטן אָרט, קיינער זאָל פון מיר נישט הערן און וויסן". ער האָט אָבער נאָך אַלץ דעם בריוו נישט צוגעקלעפּט.

אין מעטראָ האָט ער געהאַט אַ ווילן נאָך אַ מאָל איבערצולייענען דעם גאַנצן בריוו, נאָר ער האָט זיך געשעמט פאַר זיינע צעגאָסענע סענטימענ־טאַלע אַנטפּלעקונגען, וואָס האָבן געמאָנט, ווי אַ צעפּיעשטשעטע קינד, וואָס באַקלאָגט זיך פאַר דער מאַמען אויף באַגאַנגענע עוולהס קעגן אים. צום סוף האָט ער דעם בריוו אַריינגעוואָרפן אין פּאָסט־קעסטל און דערפילט אַ דערלייכטערונג. ענדלעך אַראָפּגערעדט זיך פון האַרץ, ווי פאַר אַ מאַמען אָדער עלטערער שוועסטער. זיין געמיט האָט זיך באַפרייט פון אַ שווערער לאַסט.

קאַפּיטל פּיר

# יואלס שאָטן

אין קונסט-געשעפט פון מסיע לאַטיסיאַ איז געווען האַלב טונקל. צופעליק האָט יואל זיך דאַרטן אָנגעטראָפן אויף אַ שיין־געקליידעטן, הויך־געוויקסיקן מאַן אין די מיטעלע יאָרן. דער עלעגאַנטער מאַן האָט זיך אַרומגעדרייט אין געשעפט און אַפילו קיין בליק נישט געטאָן אויף די פאַרשידענע אַנטיקן. פון זיין האַלטונג האָט מען נישט געקאָנט וויסן, צי ער איז נאָר וואָס אַריינגעקומען, אָדער ער האַלט ביים אַוועקגיין. ווען יואל איז אַריינגעקומען האָט דער אומבאַקאַנטער פאַמעלעך אויסגעטאָן די הענטשקעס, אַראָפּגענומען דעם מאַנטל און זיך געשטעלט אין אַזאַ פּאָזע, עמעצער זאָל אים פרעגן, וועמען ער זוכט.

די מאָדנע האַלטונג פון דעם אומבאַקאַנטן האָט יואלן אַרויפגעפירט אויפן געדאַנק, אַז דער פרעמדער האָט אים עפּעס וואָס צו זאָגן, און ער האָט ספּעציעל צוליב דעם אויסגעטאָן דעם מאַנטל און אַוועקגעלייגט דעם הוט. יואלן האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט דעם דאָזיקן מאַן שוין ערגעץ ווו באַגעגנט, אָדער פאַרבייגייענדיק געזען, נאָר ער האָט בשום אופן נישט געקענט זיך דערמאָנען גענוי, ווו. ערשט איצט האָט ער זיך געכאַפּט, אַז דער דאָזיקער הער, וואָס האָט זיך פאַר אים קיין מאָל נישט פאָרגעשטעלט, גייט אים נאָך אַלע יאָרן, וואָס ער איז אין פּאַריז. ער קוקט זיך צו צו אַלץ וואָס ער טוט, און נישט איין מאָל איז אים אויסגעקומען, אַז יענער סוגעסטירט אים, וואָס ער זאָל טאָן.

פּעסטע באַווייזן אויף צו באַזירן זיין השערה האָט יואל, פאַרשטייט זיך, נישט געהאַט, ווייל קיין מאָל האָט קיינער וועגן דעם מאַן קיין וואָרט נישט געזאָגט. ער האָט אַפילו נישט געוווסט, ווי ער הייסט און, בכלל, נישט געהאַט קיין אַנונג וועגן דער סיבה פון זיין אינטערעס צו אים. ער האָט געוואָלט פאַרטרייבן פון זיך דעם חשד, אָדער אפשר דאָס אויסדאַכ-

טעניש, אַז דער דאָזיקער מענטש קריכט אים אומעטום נאָך. אָבער וואָס מער ער האָט זיך געמיט צו מאַכן זיך נישט ווויסנדיק — אַלץ מער האָט זיך די דאָזיקע מחשבה איינגעניסטעט אין אים, נישט געלאָזט אים צו רו.

יואל האָט דאָ מער נישט געוואָלט בלייבן. ער האָט עטלעכע מאָל אָנגעקלאַפּט אין מסיע לעטיסיאס ביוראָ־צימער, אים גערופן אויפן קול, אָבער קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן, אַפילו דער באַדינער האָט נישט געוווּסט, ווי עס צו דערקלערן און האָט פאַרלעגן געשמייכלט. וואָס מער די צייט האָט זיך געצויגן, אַלץ מער האָט יואל זיך אָריענטירט, אַז מן־הסתם האָט אים מסיע לעטיסיאַ אַהער גערופן, כדי דער דאָזיקער עלע־גאַנטער מאַן זאָל אים איבערגעבן וועגן עפּעס אַ וויכטיקן ענין. דאָס האָט יואלן אינטריגירט. סוף־כל־סוף איז ער צו צום אָרט, ווו דער מאַן איז זיך רואיק געזעסן, רויכערנדיק אַ ציגאַר, און האָט זיך פאַר אים פאָרגעשטעלט. ווען דער מאַן האָט נאָר געהאַט אַרויסגעזאָגט זיין נאָמען — אַרנאָלד, האָט יואל אים נערוועז איבערגעשלאָגן:

— איצט מסיע אַרנאָלד, קאָנען מיר שמועסן...

מסיע אַרנאָלד האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין שום איבערראַשונג און ווי ער וואָלט באַגעגנט אַ גוט באַקאַנטן האָט ער אים אָנגעוויזן אויפן קעגנאיבערדיקן פאָטעל און מיט אַ טאָן פון זיכערקייט האָט ער אָנגעהויבן:

— איך גלייב, אַז איר ווייסט נישט וועגן דעם, נאָר איצט מוז איך אייך שוין אויסזאָגן דעם סוד. איך בין עס געווען דער איניציאַטאָר פון אונדזער באַגעגעניש דאָ. כ׳האָב געבעטן מיין פריינד מסיע לעטיסיאַ, ער זאָל אייך דאָ אַהער פאַרנאַרן...

ער האָט פאַרלעגן אַ שמייכל געטאָן. אַ וויש געטאָן די ליפּן מיטן ווייסן טיכל פון רעקל־קעשענע און האָט ממשיך געווען:

— אייגנטלעך פאָלג איך אייך נאָך שוין אַ שיינע פּאָר יאָר, זינט איר זענט געקומען קיין פּאַריז און געאַרבעט אין „דזשאָינט״־קליניק. איך פלעג אייך אָפט טרעפן אין קאַפע „קאַבאַלט״, ווו איר האָט אין דאָרטיקן קעלער געשאַפן אייער ערשט בילד.

אין ווייטערדיקן שמועס האָט מסיע אַרנאָלד אים אויף אַ זייער דע־ליקאַטן אופן דערמאָנט וועגן פאַרשידענע פאַלן און עפּיזאָדן אין זיין לעבן. ביי יואלן איז נישט געווען קיין שום ספק, אַז דער דאָזיקער מענטש איז

זיין שאָטן אין משך פון יאָרן. נאָר צוליב וואָס האָט ער עס געטאָן? דאָס האָט יואל נישט געקאָנט באַגרייפן, און צו פרעגן — האָט ער פאַרשטאַנען — האָט אויך נישט קיין זין.

יואל האָט אַ ווײַלע פאַרזשמורעט די אויגן און אין זכרון איז אים אַרויפּ־געשווומען דאָס קינדער־שפּיל אין „גרויסן מויער"־באַהעלטעניש אין שטעטל. ער דערמאָנט זיך, ווי ער פלעגט דווקא אויסזוכן דאָס סאַמע נישט־פאַר־שטעקטע ווינקעלע צו באַהאַלטן זיך. פלעגט דאָרטן זיצן און קיינעם איז נישט אײַנגעפאַלן, אַז אין אַזאַ פּלאַץ האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן. אויך איצט האָט ער אַזוי זיך אַ זאָג געטאָן, אָן שום פאַרבאָרגנקייט:

— איך באַדויער זייער, וואָס מיר וועלן זיך אַ צווייט מאָל נישט קאָנען טרעפן. איך פאָר אין גיכן אַוועק פון פאַריז.

יואל איז געווען זיכער, אַז מיטן דערקלערן וועגן זיין אַוועקפאָרן וועט ער אים צווינגען אָפּן צו זאָגן די סיבה, צוליב וועלכער ער האָט אים אַהער פאַרנאַרט. אָבער אויף אַרנאָלדן האָט דאָס נישט געמאַכט קיין רושם. ער האָט נאָר געוואָלט וויסן, וווהין ער טראַכט צו פאָרן, און וואָס זענען זיינע פּלענער. יואל האָט געוואָלט דערגיין פון וואַנעט נעמט זיך זיין אינ־טערעס צו אים? אָבער פון די אַלע פראַגן האָט זיך אַרנאָלד קונציק אַרויס־געדרייט.

ער האָט באַשלאָסן ווייטער אָנגיין מיט דער אָפענער שפּיל און אַרנאָלדן איבעררעאַשן, אַז ער ציט זיך טאַקע אַרויס פון זיין וווינונג אָבער ער פאַר־בלייבט אין פראַנקרייך. עס איז אויך מעגלעך, אַז ער זאָל זיך איבערציען אין לאַטייניזשן קוואַרטאַל און אָננעמען אַרבעט אויף באַשטעלונגען. באַלד ווי ער האָט דאָס געזאָגט האָט יואל באַמערקט ווי אַרנאָלד ווייזט אַרויס אַ געוויסע נערוועזיטעט, ווי ער וואָלט דערפון נישט געווען צופרידן, דעריבער האָט ער ווייטער געצויגן:

— מיט וואָס טויג נישט דאָס באַהעמע־לעבן? אויב מען אַרבעט און פאַרדינט, קאָן מען בויען אַ נאָרמאַל, נוצלעך לעבן.

מסיע אַרנאָלד האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ געשיקט שפּיל פון יואלן, וועלכער וויל אויף אַזאַ אופן דערגיין פון אים, צוליב וואָס ער אינטע־רעסירט אים. די גאַנצע צייט וואָס מסיע אַרנאָלד האָט אין פאַריז נאָכ־געקוקט יואלן האָט ער געהאַט פאַר אים גרויס אָפּשיי. ער האָט באַוווּנדערט

זיין אַרבעטסזאַמקייט און אויסדויער. ס'איז אים נישט באַקוועם געווען אויס־צובאַהאַלטן פאַר אים, אַז ער גייט אים נאָך אויף טריט און שריט, אָבער אַפילו איצט האָט ער נאָך געמוזט פאַרשוויגן, פאַר וואָס ער קריכט אים נאָך און ווער ס'האָט אים אַנגאַזשירט צו שפּילן די דאַזיקע ראָל.

דאָס רעדל האָט זיך אַ דריי געטאָן אין יואלס זייט. זיין טאַקטיק האָט אויסגענומען. מסיע אַרנאָלד האָט געגלייבט, אַז יואל טוישט די דירה, אָבער ער בלייבט אין פּאַריז. דער בחור איז פאַרבלענדט פון זיין כלומרשטן דער־פּאָלג — האָט אַרנאָלד געטראַכט — עפּעס אַ קלייניקייט? אַ באַרימטער קונסט־הענדלער האָט אים איינגעלאַדן צו זיך. זיינע בילדער — האָט ער אים געזאָגט — כאַפּט מען פון די הענט. זיין צוקונפט איז געזיכערט. טאָ צו וואָס זאָל ער פון דאַנען אַוועק? אָבער זיין אויפגאַבע איז דאָך פּונקט אַ פאַרקערטע. ער זיצט דאָך דאָ, כדי נישט צו דערלאָזן צו דעם... ער מוז דעריבער מאַכן אַ „קייזער־שניט".

— מסיע זשוליען, איר זענט דאָך געוויס שטאָלץ מיט אייערע דער־גרייכונגען — האָט אַרנאָלד אָנגעהויבן מיט אַ טאָן פון איראָניע — דו גלייבסט דאָך געוויס אין דיין טאַלאַנט און קינסטלערישן כוח, וואָס האָט דיך אַ הייב געטאָן העכער פון טויזנטער אַנדערע, מיט וועלכע דו האָסט אָנגעהויבן מישן פאַרבן. און מ'קאָן זאָגן, אַז דו האָסט אַ גרונט צו גלייבן, ווייל קונסט־הענדלער לאַדן דיך איין, צייטונגען שרייבן וועגן דיר און דיינע בילדער ווערן גערן געקויפט. ווייל איך דיר קליפּ און קלאָר זאָגן — עס הייבט זיך גאָרנישט אָן! נישט דו האָסט טאַלאַנט, נישט דיינע פעאיקייטן האָבן דיך אַרויסגעפירט פון קאָפּע „קאַבאַלט". נישט מען האָט דיר געגעבן אַ שול־סטיפּענדיע און אַפילו דיין אייגענער מזל וואָלט דיך נישט געפירט צו דעם, וואָס דו ביסט היינט. אויב דו מיינסט טאַקע, אַז ס'איז אַ רעזולטאַט פון דיינע אייגענע אָנשטרענגונגען, זאָלסטו זיך עס אַרויסשלאָגן פון קאָפּ. עמעצער האָט אַלץ געטאָן פאַר דיר מיט אַ כוונה, בכדי דיך צו דערפירן צו אַ טאָלק און געבן דיר אַ צוקונפט אין לעבן. אויב דו באַשליסט טאַקע צו פאַרבלייבן אין פאַריז, זיך וואַלגערן אין דאַזיקן באַהעמישן אָפּגרונט, איז אפשר גלייכער פאַר דיר צו וויסן, אַז אַלע דיינע חלומות פון שטייגן אויפן לייטער פון קונסט און דערפאָלג האָבן נישט קיין שום רעאַלן ווערט. אָן דער שטויס־קראַפט, וואָס איז ביז איצט געשטאַנען הינטער דיר און גע־

שטופט דיך פון אין דערפאַלג צום צווייטן, וועסטו שוין ווייטער נישט דער־גייך צו קיין רום...

כאָטש אַרנאָלד האָט גערעדט רואיק, האָט זיך אָבער זיין פּנים באַדעקט מיט שווייס־טראָפּנס. יואלן האָט זיך אויסגעדאַכט, ווי עס רעדט פון אַרנאָלדן אַרויס אַ צווייטע שטים, וואָס איז געווען אין אים גאָר טיף באַהאַלטן און פּלוצעם זיך אַרויסגעריסן אויף דער אויבערפלאַך. אַרנאָלד האָט זיך אויפגעשטעלט און פּאַמעלעך אַרומגעשפּאַצירט איבערן צימער, וואַרטנדיק יואל זאָל רעאַגירן אויף זיינע האַרבע ווערטער.

יואלן האָט דער אופן פון אַרגומענטירן אויסגעזען באַקאַנט. ס׳האָט אים דערמאָנט אין רחלס פּאַרעקשנט איינשטעלן זיך, ווען זי האָט עפּעס זייער שטאַרק געוואָלט דערגרייכן. דאָס איבערגיין אויף „דו״, איז פאַר יואלן געווען אַ באַווייז אַז אַרנאָלד וויל ווערן מיט אים אינטימער, האַרציקער, בכדי בעסער ווירקן, ער זאָל זיך צוהערן צו די עצות פון אַ נאָענטן פריינד. אַן ענלעכע טאַקטיק האָט ער געזען ביי רחלן. זי פלעגט אים אַרומנעמען, קוקן אין די אויגן אַריין און מיט „נאַרעלע, וואָס טויג עס דיר״, האָט זי שטענדיק אויסגעפירט דאָס איריקע.

אָבער פאַר וואָס האָט ער פאַרבונדן זיינע טרוימען וועגן רחלען מיט מסיע אַרנאָלדס רייד? ריכטיק, ער האָט אים בפירוש געזאָגט, אַז עמעצער איז שטענדיק געשטאַנען הינטער אים און אים געשטופּט. איז עס טאַקע געווען רחלע? טאָ פאַר וואָס האָט זי וועגן דעם נישט דערמאָנט אין אירע בריוו? ס׳קאָן זיין — איז ער ווידער צוריקגעגאַנגען — אַז דערפאַר האָט זי אים גאָרנישט אָנגעדייט, ווייל זי האָט געוווסט, אַז ס׳וועט מאַכן אויף אים אַ שלעכטן איינדרוק. אָבער וואָס פאַר אַ געמיינזאַמס איז פאַראַן צווישן אַרנאָלדן און רחלען? זאָלן עס זיין בלויז געשעפטלעכע פאַרבינדונגען, אַ שטייגער, ווי מ׳דינגט אַ פּריוואַטן דעטעקטיוו פאַר אַ געוויסן צוועק? אויף די אַלע פראַגן האָט יואל געהאַט איין ענטפער:

— אַלץ איז מעגלעך!

מסיע אַרנאָלד האָט נאָך אַלץ אַרומגעשפּאַצירט איבערן צימער און געטראַכט, אויף וואָס פאַר אַן אופן צו פירן דעם שמועס, און ווי אַזוי צו באַאיינפלוסן יואלן, ער זאָל פאָרן צו רחלען קיין ריאָ דע זשאַניירא. די שוועריקייט איז באַשטאַנען דערין, יואל זאָל זיך נישט כאַפּן, אַז רחלע האָט אים

אָנגעשטעלט אויסצופירן די ספּעציעלע מיסיע. אין צווייטן עק זאַל איז, ווידער, יואל געשטאַנען אין אַ ווינקל און געפּרוווט טרעפן, וואָס פאַראַ שייכות איז דאָ צווישן רחלען און מסיע אַרנאָלד.

צו לעצט איז אים קלאָר געוואָרן, אַז ס'לייגט זיך נישט אויפן שכל, אַרנאָלד זאָל האָבן אַ וועלכע ס'איז שייכות צו זיין רחלען. ווייל צו וואָס דאַרף זי זיך באַנוצן מיט דער פאַרמיטלונג פון אַזאַ פאַרשוין? ווער ווייס, אפשר גאָר אַ ראַפינירטער אונטערוועלט־מענטש? ווען זי וואָלט געקאָנט דירעקט זיך מיט אים אַליין פאַרבינדן, וואָלט ער דאָך זיכער זיך צוגעהערט צו אירע אָנווייזונגען און עצות. אָבער אויך די סברא האָלט זיך נישט לאַנג. ער דערמאָנט זיך אין פאַרשידענע פאַסירונגען וואָס שלעפּן צום היפּוך. ווער ווייסט — טראַכט ער — וואָס פון רחלען איז דאָרט געוואָרן? וואָסערע גילגולים זי איז אין משך פון יאָרן דורכגעגאַנגען, און אין וואָסער געזעל־שאַפט זי לעבט דאָרטן. אַלץ האָט זיך אים איצט געלייגט אויפן שכל.

געטריבן פון שטאַרקן ווילן צו דערגיין, וואָס ס'געשעט איצט מיט רחלען, ווי זי לעבט און וואָס זי טראַכט וועגן אים, האָט יואל זיך געכאַפּט, אַז ער טאָר נישט אַדורכלאָזן די געלעגנהייט, צו קאָנען זען רחלען. ער איז מיט ראַשיקע טריט געגאַנגען פון איין עק זאַל צום צווייטן, ווו עס האָט אַרומשפּאַצירט מסיע אַרנאָלד.

— איך בין גרייט צו פאָרן קיין ריאָ דע זשאַנייראָ — האָט יואל אים דערלאַנגט די האַנט.

פון האַלב־טונקעלן זאַל אין לעטיסיאַס קונסט־געשעפט איז יואל אַריין אינעם העל־באַלויכטענעם דרויסן פון פאַריזער פרילינגדיקן פאַרנאַכט. די היימישע גאַסן האָבן אים איצט אויסגעזען פרעמד, ווייט נישט דאָיִק, ווי ער וואָלט געקוקט אויף זיי פון אַ גרויסער הויך, דורך אַן עראָפּלאַן־פענצ־טער. זיין באַשלוס צו פאָרן צו רחלען האָט ביי אים אַרויסגערופן רייזע־פיבער און ער האָט זיך גענומען דערמאָנען, וואָס ער דאַרף אַלץ דערליידיקן, איידער ער פאַרלאָזט פאַריז. ער האָט פאַקטיש נישט געהאַט קיין ביסל צייט. נאָך אַ מאָל צו באַטראַכטן זיין דרייסטן באַשלוס. ער איז געווען פאַרנומען מיט אַ סך קליייניקייטן. טייל מאָל האָט זיך ביי אים אַדורכגעריסן אַ געדאַנק: לוינט עס טאַקע, צו פאַרלאָזן פאַריז? וועט זיך פאַר אים אַנטפּלעקן אַ שענערע וועלט? און, דער עיקר, צי וועט ער צוריקגעווינען זיין רחלע?

אין די אמטן, ווו ער איז געקומען דערליידיקן פארמאליטעטן, האט מען אים אויפגענומען מיט אן אויסערגעוויינלעכער פריינדלעכקייט. ווו נאר ער איז אריינגעקומען און דערמאנט זיין נאמען, האט מען אין פארלויף פון מינוטן אים געגעבן די געפאדערטע דאקומענטן, און יואלן האט זיך אויסגעדאכט, אז די באאמטע זענען פון עמעצן באווירקט געווארן אים צו העלפן. נאך מער האט אים געחידושט דאס כסדרדיקע דערהאלטן פאקעטן מיט מתנות, וואס קומען אים צו נוץ. באזונדערס האט מען אים צוגעטראפן מיטן צוגעשיקטן לוקסוס־אלבאם מיט גוט־אויסגעסדרטע אויסשניטן פון ציטונגען און קונסט־זשורנאלן מיט נאטיצן וועגן אים און זיינע בילדער. דער דאזיקער אלבאם האט פאקטיש אפגעמערקט יעדן פרט פון זיין לעבן אין פאריז. טייל אויסשניטן זענען געווען פון פראווינצער ציטונגען, וואס ער האט אפילו נישט געהאט קיין געלעגנהייט זיי צו זען. בעתן בלעטערן דעם אלבאם, זענען פאר זיינע אויגן אדורכגעלאפן די יארן אין פאריז. זיין פלאגן זיך, ביזן באקומען די סטיפענדיע, און דער וויטערדיקער עטאפ, ביזן באקומען דעם דיפלאם. דאס דערמאנען זיך דעם שווערן וועג האט אים שטענדיק אנגעפילט מיט גלויבן אין זיך, אבער אצינד פארפאלגט אים ארנאלדס שטים: „לאז דיר ארויס פון קאפ, אז דאס האסטו דערגרייכט מיט אייגענע כוחות. דאס האט ווער געטאן פאר דיר מיט א כוונה“.

מיט א מאל האט מען אים געגעבן אנצוגעהערן, אז ער איז נישט קיין באלעבאס איבער זיינע אייגענע כוחות, איבער זיין טאלאנט און זשעני. דאס האט אים דערפירט צו פארצווייפלונג. ער האט זיך געמיט דערגיין, וויפל ס'איז פאראן אמת אין מסיע ארנאלדס רייד. זאל זיין — פלעגט יואל טראכטן — אז ס'האט ווער געהאלפן פארלייכטערן זיין דאליע. גריילעך קאן זיין, אז אן דער דאזיקער הילף וואלט ער גארנישט דערגרייכט. גענוג זענען באקאנט פאקטן, ווען טאלאנטן זענען אומגעקומען צוליב נויט. אבער וואס וואלט געהאלפן די שטיצע, ווען ער וואלט נישט געווען בכוח צו דערפילן די אויפגאבע? מיט געלט בלויז קאן מען אויך נישט אלץ דערגרייכן — האט ער זיך אליין דערמוטיקט. האט מען דען נישט געזען, אז רייכע זינדלעך מיט אומבאגרענעצטע געלט־מיטלען, נאר אן א ברעקל טאלאנט, האבן זיך אין ערגעץ נישט דערשלאגן מיט זייערע אמביציעס, צו ווערן קינסטלער.

פריער, בעת ער האט געטראכט, זאל זיין בלויז טעארעטיש, וועגן אנ־

נעמען הילף פון ווען ס׳איז, איז ער נישט געווען זיכער, צי וואָלט ער מסכים געווען אויף אַזאַ מין הילף, וואָס אַנטהאַלט אין זיך די געפאַר צו אַטראָפירן די אייגענע ענערגיע און אונטערנעמונגס־גייסט. אים האָט שטענ־דיק געלאָקט דער טיפּ מענטש, וועלכער דערגרייכט צו אַלץ אין לעבן מיט אייגענער מי. נאָך דעם אָבער, ווי ס׳איז פאָרגעקומען דער שמועס מיט אַרנאָלדן אין לעטיסיאַס קונסט־גאַלעריע, איז אים קלאָר געוואָרן, אַז מען האָט אים געהאָלפן, און נישט ווי ער האָט געמיינט, אַז זיין אייגענע ענערגיע האָט אים צו דעם אַלעם דערפירט. גלייכצייטיק איז אים אויך קלאָר, אַז ווען ער וואָלט געווען אין גאַנצן אָן טאַלאַנט און פעיקייטן וואָלט דאָס שטופן אים — ווי מסיע אַרנאָלד דריקט זיך אויס — אויך נישט געהאָלפן.

נאָכן אַדורכזיפן דאָס אַלץ אין זיינע רעיונות, האָט יואלן אויפגעהערט צו אַרן דער עצם פאַקט, ווי אַזוי ער הייבט אָן זיין קאַריערע — מיט אייגענע כוחות, אָדער דורך אַן אומזעבאַרער האַנט, וואָס שטופט אים צום אויפשטייג. ער האָט אַלץ אויפגענומען, ווי מ׳וואָלט עס אים דערלאַנגט אויף אַ טאַץ. ער האָט זיך פיבערהאַפט געגרייט צו פאָרן קיין ריאָ דע זשאַ־ניירא, זען רחלען, זיך דערוויסן אַלץ פון איר לעבן און אפשר אויך דער־גיין דעם סוד פון מסיע אַרנאָלד.

## קאַפּיטל פינף

# אויף דער שיף

ווען יואל איז אַרויף אויף דער שיף האָט אים ווידער דערוואַרט אַ סורפּריז. לעצטנס האָבן אויף אים די סורפּריזן, ממש גערעגנט, אין פּאַריז. זיין קאַבינע, וואָס האָט געדאַרפט זיין פאַר צוויי פּערזאָן אין צווייטן קלאַס, איז פאַרביטן געוואָרן אויף אַ לוקסוס־קאַבינע אין ערשטן קלאַס. אויב דאָס איז נאָך ווייניק, איז אין דער קאַבינע געווען אַ פּרעכטיקער קויש מיט בלומען און אַ קאַרטל פון רחלען.

יואל האָט פאַרשטאַנען, וועמענס אַרבעט דאָס איז, פונקט ווי ער האָט שוין געוווסט די סיבה, צוליב וואָס ער איז אין פּאַריז אומעטום

אויפגענומען געוואָרן מיט ספעציעלער אויפמערקזאַמקייט. זינט ער האָט זיך דערוווּסט, אַז דער שליסל צו דעם אַלעמען ליגט אין די הענט פון רחלען, האָט עס אים מער נישט געערגערט.

ער האָט שפּאָטיש געקוקט אויף דער היפּער־העפלעכקייט פון דער דינערשאַפט אין ערשטן קלאַס. עפּעס האָט זייער לאַקייאישע אונטערטע־ניקייט געאיבלט פון צו פיל לאַקריץ־זיסקייט. ס׳האָט אויסגעזען, ווי די פּאַסאַזשירן וואָלטן זיין געליימטע, אָדער שווער־קראַנקע און מען מוז זיי קעכלען, אַלץ דערלאַנגען און אין אַלעם אַרויסהעלפן.

דער טומל אויף דער אָפּפאָרנדיקער שיף האָט זיך ביסלעכווייז איינגעשטילט. דער עולם רייזנדע האָט זיך איינגעאָרדנט, יעדער אין זיין ווינקל, און צו ביסלעך זיך אָנגעהויבן פילן באַקוועם, ווי ס׳איז בכלל מעגלעך צו פילן זיך באַקוועם אויף אַ שווימענדיקער שיף.

דער הויפּט־קעלנער האָט אויפגענומען יואלן מיט דער העפלעכקייט, וואָס עס קומט אַ פּאַסאַזשיר פון ערשטן קלאַס, אים צוגעפירט צו אַ טיש, ווו ס׳איז שוין געזעסן אַן עלטערער מאַן, און קעגן אים אַ יונגער, אַ זון. ביי דעם טיש איז געווען רעזערווירט אַ פּלאַץ פאַר אים אויף דער גאַנצער צייט פון דער נסיעה.

יואל האָט צוליב העפלעכקייט אַרויסגעברומט זיין נאָמען און אויך דער פּאָטער מיטן זון האָבן געטאָן דאָס זעלבע. יואל האָט בלויז אויפ־געכאַפּט זייערע ערשטע נעמען ; דער פּאָטער — אַלפאָנסאָ און דער זון — פּעדראָ. אַזוי ווי זיי האָבן צווישן זיך גערעדט שפּאַניש, אָדער אפשר פּאָר־טוגעזיש, האָט יואל געהאַט אַ גוטע געלעגנהייט צו עסן זיין אָוונטברויט שווייגנדיק און דערביי באַטראַכטן אַלע אַנדערע פּאַסאַזשירן, וועלכע זענען געווען אין אַ געהויבענער שטימונג, ווי זיי וואָלטן זיך דאָ צונויפגעקומען אויף אַ פּייערונג.

די שכנים ביים טיש האָבן צווישן זיך גערעדט זייער טעמפּעראַמענט־פול, ווי זיי וואָלטן דיסקוטירט איבער אַ וויכטיקן ענין. וואָלט ער גע־ענדיקט דער ערשטער עסן, וואָלט ער זיך זיכער אויף שטום־לשון מיט זיי געזעגנט, פּונקט ווי ער האָט זיך געהאַט פאַר זיי פאָרגעשטעלט. נאָר זיינע שכנים האָבן די ערשטע פאַרענדיקט עסן. דער יונגער־מאַן האָט זיך אויפ־געשטעלט און אָנגעהויבן ריידן פראַנצויזיש. יואלן האָט זיך גערדאַכט, אַז

ער קוקט אים אויס באַקאַנט, ער האָט זיך אָבער נישט געקאָנט דערמאָנען, ווו ער האָט אים באַגעגנט.

פונקט ווי יואלן, איז אויך פעדראָן איינגעפאַלן, אַז ער קען זיין שכן פון פאַריז, נאָר ביי דער ערשטער באַגעגעניש האָט אים נישט געפּאַסט דערוועגן צו פרעגן. נישקשה — האָט פעדראָ געטראַכט — ס׳וועלן אויף דער שיף זיין גענוג געלעגנהייטן צו קאָנען וועגן דעם זיך דערוויסן.

די ערשטע נאַכט איז געווען אַ שטורעמדיקע. אויך אין דער פרי האָט דער ים געברויזט. פונקט ווי אין דרויסן, האָט אויך אין יואלן געבושעוועט און אים נישט געלאָזט צו רו. ער האָט אַרומגעבלאָנקעט אויפן אייבערשטן דעק, ווי וועלנדיק זיך באַהעפטן מיטן שטורעם, וואָס האָט אים געשמיסן אין פנים אַריין מיט טראָפּנס רעגן. מיט אַ מאָל האָט ער דערזען ווי אַ יונגער פּאַסאַזשיר פון דריטן קלאַס דראַפּעט זיך אויף די זייטיקע שמאָלע טרעפּ, וואָס זענען באַשטימט פאַר פּאַסאַזשירן פון ערשטן קלאַס. ס׳האָט אויס־געזען, אַז דער יונגער־מאַן קומט אַהער זוכן פאַר עמעצן הילף.

יואלס קינסטלעריש אויג האָט דערקענט, אַז דאָס איז נאָך אַ נישט דערפאַרענער בחור פון אַ קליין שטעטל. ער האָט נישט לאַנג געטראַכט, צוגעלאָפן צו די טרעפּ, אָנגעכאַפּט דעם יונגן־מאַן און, ווי זיי וואָלטן געווען אַלטע באַקאַנטע, אים אָפּגעגעבן אַ ברייטן „שלום עליכם״.

דער יונגער־מאַן האָט אָנגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר פרעגנדיקע אויגן, ווי איינער זאָגט: פון וואַנען קומט דאָ אַהער, אויפן אייבערשטן דעק, אַ ייד? ער איז אָבער געווען זייער אויפגערעגט און קוים געלאָזט הערן אַ פּאָר ווערטער:

— מיין נאָמען איז לייבל — האָט ער ווי געפּיבערט. איך זוך דאָ דעם דאָקטער. אַ חברטע איז קראַנק געוואָרן. זי וואַרפט זיך ווי אין קדחת און מ׳קאָן זיך מיט איר קיין עצה נישט געבן. אפשר ווייסט איר אין וועלכע קאַבינע עס געפינט זיך דער דאָקטער?

— קומט, איך גיי מיט אייך!

יואל איז אַליין אַריין אין דאָקטערס קאַבינע און אים געבעטן אַראָפּ־גיין און דערטיילן הילף אַ קראַנקער. ס׳האָט נישט לאַנג גענומען און אַלע דריי זענען אַראָפּ צו די עמיגראַנטן אויפן צווישנדעק.

אונטן, אויפן צווישנדעק, האָט זיך געפונען אַ גרופּע עמיגראַנטן

פון יידישע שטעט און שטעטלעך אין פוילן און אוקראַינע. ווען יואל האָט זיך נאָכגעפרעגט, אויב ס'איז ווער פאַראַנען פון זיין שטעטל, האָבן זיך עטלעכע יונגע־לייט און מיידלעך אָנגערופן. מאַנכע פון זיי האָט ער דער־קענט לויט די פאַמיליע־נעמען. זיי זענען אָבער געווען אַ סך ייִנגער פון אים און האָבן אים נישט געדענקט, כאָטש יעדער פון זיי האָט געקענט בעריש בערמאַן אין שטעטל — יואלס פאָטער.

דער דאָקטער איז אַרויס פון דער קאַבינע, ווו די קראַנקע איז געלעגן, האָט יואלן אינפאָרמירט וועגן איר מצב און פאַראָרדנט גלייך נעמען אין אַפּטייק די רעצעפּטן, וואָס ער האָט אויסגעשריבן. יואל איז אַוועק מיטן דאָקטער, כלומרשט באַגלייט אים, און איז באַלד צוריקגעקומען מיט די רפואות. אויף אַ ווײַלע איז ער אַרײַן צו דער חולה געוואָר ווערן, וואָס זי מאַכט און געפרעגט אין דער שטיל לייבלען, צי זי נייטיקט זיך נישט אין וואָס.

צווישן די דאָזיקע עמיגראַנטן האָט ער זיך געפילט רואיק און צו־פרידן, ווי ער וואָלט דאָ אויפן צווישנדעק האָבן געפונען די גאולה פאַר זיינע מאַטערנישן. מעגלעך אַז אין אָנבליק פון זייער אָרעמקייט און נויט, וואָס האָט זיי געטריבן אויסצווואַנדערן פון שטעטל, האָט ער אינסטינק־טיוו זיך געפילט זיכערער אין זיך. ער האָט מיט דער דאָזיקער ווילער חברה זיך גוט איינגעלעבט און האָט פאַרבראַכט מיט זיי גאַנצע טעג ביז שפּעט אין די אָוונטן.

די פּאָר טעג, וואָס אים איז אויסגעקומען צו זיין אין דער געזעלשאַפט פון זיינע נייע פריינד האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער איז אויך איינער פון זיי, וועלכער האָט ערשט מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק פאַרלאָזט דאָס היימ־שטעטל און זיך געלאָזט אין די ווייטע לענדער — בראַזיל, אורוגוויי און אַרגענטינע. ער האָט מיט זיי צוזאַמען געגעסן, געשמועסט, דערציילט איבערלעבונגען און גערעדט מיט זיי דעם זעלביקן פּאָלעסיער יידיש, ווי אַן אייגענער.

די קראַנקע, סאָניע, איז שוין געווען געזונט און געדאַנקט אים ביי יעדער געלעגנהייט פאַר ברענגען איר הילף. זי האָט זיך געפילט מיט יואלן גאָר היימיש. די יונגע חברה האָבן אים געהאַלטן פאַר זייער וועגווייזער.

וואָס מער די שיף האָט זיך געריקט צו דרום, אַלץ שענער איז געוואָרן דאָס וועטער. דאָס הערלעכע וועטער האָט אַלעמען אַרויסגענומען אין דרויסן, אויפן אייבערשטן דעק. דער עולם האָט זיך פאַרווילט אין פאַרשידענע שמועסן, שפּילן און געזאַנג.

צווישן די יונגע־לייט, מיידלעך, ווייבלעך, כלות, וואָס זענען געפאָרן צו חתנים, און האָבן געפירט מיט זיך איבערגעפולטע הערצער מיט טרוימען און האָפענונגען, איז יואל געווען דער איינציקער פריילליידיקער. פאַר יואלן האָט מען זיך נישט געהיטן. זיי האָבן אים דערציילט די אינטימסטע איבערלעבענישן. אויפגעדעקט פאַר אים אַלע זייערע פּלענער און פאָרשטעלונגען וועגן נייעם לעבן, צו וועלכן זיי פאָרן איצט.

נישט איין מאָל איז יואלן געווען אַ גרויס רחמנות אויף די דאָזיקע אומדערפאַרענע פּראָווינציעלע יוגנטלעכע, וועלכע זענען אויפגעוואַקסן אין אַ וועלט פון אויסגעטראַכטע העלדן, וועגן וואָס זיי האָבן געלייענט אין די ביליקע ראָמאַנען. עס וואָלט גוט געווען — האָט ער געטראַכט — אָפּצושטעלן זייער צעוויגטע פאַנטאַזיע און זיי זאָגן, אַז דאָס רעאַלע לעבן איז ווייט נישט דאָס, וואָס זיי האָבן אויסגעחלומט אין די קליינע שטעטלעך. ער האָט זיי געוואָלט דערציילן פון זיין אייגענער דערפאַרונג אין לעבן, נאָר יעדעס מאָל האָט אים אַן אינערלעך געפיל אָפּגעהאַלטן פון צעשטערן זייערע אילוזאָריש־אויסגעטרוימטע וועלטן.

יואלס נייע פריינד האָבן מיט רעספּעקט אַרויפגעקוקט צו אים און אויפמערקזאַם אויסגעהערט זיינע שילדערונגען פון דער גרויסער שטאָט פאַריז און בפרט פון דער קונסט־וועלט.

גאַנצע טעג, ביז שפּעט אין אָוונט, פלעגט יואל פאַרברענגען מיט זיינע פריינד פון צווישנדעק. בלויז אויף עטלעכע שעה איז ער אַריין אין זיין לוקסוס־קאַבינע, אַריינגעוואָרפן זיך אין בעט אַריין, זייער אָפט אין די קליידער, און אין דער פרי ווידער צו זיי אַוועק אויפן צווישנדעק.

די פאָר שעה שלאָף זענען זייער אָפט פאַר אים געווען פול מיט אַ שווערן קאָשמאַר פון די אינטימע איבערלעבונגען, וואָס די עמיגראַנטן פון צווישנדעק האָבן פאַר אים אַנטבלויזט. פון זייער נאַטירלעכן שטייגער פון דערציילן וועגן זייערע אינטימע באַציונגען פלעגט אים אַרומכאַפּן אָפט מאָל אַן עקל און ער פלעגט רויט ווערן פאַר חרפּה. ער האָט זיך נישט

פאַרגעשטעלט, אַז אַזוי זעט אויס דער קולטור־מצב אין דער פּראָווינץ.

די קאַשמאַרן האָבן אים פּיזיש און גייסטיק אויסגעמאַטערט. ער האָט אָנגעהויבן שפּירן, אַז ער פאַרלירט דעם גלויבן אין דער אידיליע פון זיין יידיש שטעטל און דורך דעם — דעם אָנהאַלט אין לעבן גופא. בכלל איז דאָס לעבן — האָט ער געטראַכט — אין ליכט פון דער אויפ־פירונג פון דער יוגנט, נישט ווערט קיין שמעק טאַבעק. און אפשר זענען זיי גערעכט — האָט ער איבערגעקלערט — אפשר דאַרף מען טאַקע בלויז טראַכטן פון געניסן, אַריינכאַפּן, וואָס עס לאָזט זיך, און שפּייען אויף אַלע מאָראַלישע צוימען?

ביים גרויען אויף טאָג, וואָס אויפן אָפענעם ים הייבט זיך עס אָן זייער פרי, האָט יואל זיך געמיט צו אַנטלויפן פון זיינע נאַכטיקע קאָש־מאַרן. ער פלעגט נעמען אַ קאָלדרע, זיך איינגורען אין ליג־שטול אויפן פריש־געוואַשענעם דעק און אויסלופטערן זיינע קאָשמאַר־בילדער. ער פלעגט כאַפּן אַ זיסן דרימל און זיך אויפכאַפּן ערשט, ווען מ׳האָט גע־קלונגען צו פרישטיק.

אויפן צווישנדעק האָט מען טאָג און נאַכט געהאַט צייט צו שפּילן אין פאַנטאַן, פלירטעווען, דערציילן אַנעקדאָטן און זינגען יידישע פאָלקס־לידער.

דאָס טוליען זיך אין די ווינקלען פון צווישנדעק און — זייערע פאַרווײַלונגען, האָבן יואלן אויפגעדעקט דעם אמתן פּרצוף פון דער דאָזיקער עמיגראַנטן־גרופּע. ער האָט זיך באַמיט איינצורײַדן, אַז דאָס זענען אַזעלכע קרייזן, וואָס זענען שטענדיק געווען די שוים פון דער יוגנט. די מערהייט אָבער איז מן הסתם, ווי אַ מאָל אין זיינע יונגע יאָרן — פאַרטאָן אין ביכער, אין שטודירן און דיסקוטירן וועגן פּראָבלעמען. ווען ער האָט זיך אָבער צוגעקוקט און געזען, אַז די עמיגראַנטן־גרופּע באַשטייט פון פאַרשידענע סאָציאַלע קרייזן, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז די אַמאָליקע יוגנט מיט זייער דורשט נאָך וויסן עקזיסטירט מער נישט. ס׳קאָן זיין, אַז ס׳איז ערגעץ ווו נאָך פאַראַן אַ יוגנט, וואָס לעבט מיט אידעאַלן און גיט זיך אָפּ מיט קולטור און בילדונג, נאָר אויב ס׳עקזיסטירט אַזאַ גרופּע, איז זי זיכער נישט קיין באַדייטנדיקע. די איבעריקע ווייסן אַפילו נישט פון דעם.

יואל האָט שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז אַזאַ איז שוין דער מצב אין שטעטל. ער האָט אָבער דאָך געזען אין דער יוגנט וויטאַליטעט און ס׳האָט צו זיי כלל נישט געפּאַסט זייער לייכטע אויפפירונג, וואָס האָט דערמאָנט אין ישעיהוס „אכול ושתה כי מחר נמות״ — לאָמיר עסן און טרינקען, ווייל מאָרגן וועלן מיר אומקומען. ער האָט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַזוי די דאָזיקע יוגנט, וואָס רייסט זיך מיט איבערמענטשלעכע כוחות אין דער גרויסער וועלט אַריין צו אַ ניי לעבן, אָן אַ פּאַך און אָן אַ שפּראַך, אָפּט מיטן איינציקן אַנצוג אויף זיך — ווי אַזוי קומט עס — וואָס דווקא די יוגנט איז זייער ווייניק אָנגעזאָפּט מיט יידישע און אַלגעמיינע קולטור־ווערטן? הייסט עס — האָט יואל געטראַכט — געטריבן פון נויט און פאַר־פאָלגונגען, פאָרן זיי, ווי אַרבעטס־בהמות, אַהין, וווּ מ׳קאָן פאַרקויפן די הענט פאַר ברויט.

יואל האָט ליב געהאַט דאָס פאַרנאַכטיקע צונויפזאַמלען זיך ערגעץ וווּ אין אַ טונקל ווינקל פון צווישנדעק. עס איז אים אָבער נישט געפעלן געוואָרן זייער הילכיק געלעכטער בעתן שפּילן אין פאַנטאַן. אויך נישט די פאַרוויילונג מיט „שטראָפן״, אָבער ווען זיי האָבן גענומען זינגען יידישע פאָלקס־לידער, האָט ער זיך מיט זיי צוזאַמענגעגאָסן און ס׳איז אים פאַר־געקומען, ווי זיי טוען אַן עבודת קודש, ווי אַ טובלען זיך אין די ריינע לויטערע קוואַלן פון פאָלקס־שאַפונג.

אַליין אַ זינגער מיט אַן אָנגענעמער שטים, האָט יואל באַלד דער־שנאַפּט, אַז ס׳זענען פאַראַן צווישן די בחורים און מיידלעך אייניקע מיט שיינע שטימען. ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער זיי אָנגערעגט צו זינגען זייערע לידער. לכתחילה האָט ער גערן געוואָלט הערן די לידער, וואָס מ׳זינגט לעצטנס אין די שטעטלעך. שפּעטער האָט ער אויך אַריינגעשריבן אין אַ העפט די ווערטער און די נאָטן פון דער מוזיק. דורך זייערע לידער האָט ער זיך געוואָלט שאַפן אַ בולט בילד פון קולטורעלן ניוואָ פון דער שטעטלשער יוגנט.

אין זייער געזאַנג איז געקומען צום אויסדרוק די גאַנצע וועלט פון חלומות און האָפענונגען פון פּרט און כלל. דאָס זינגען האָט זיך פאַר־וואַנדלט אין אַ קאָלעקטיוון השתפכות־הנפש און אין אויסטרוימען אַ

## לעבנס אין שטורעם

צוקונפט פון אַ וועלט אַ נייער, פון אַ ניי גליקלעך לעבן, פול פאַר אַלעמען מיט פאַרווירקלעכטע האָפענונגען.

יואל איז היינט געווען מער סענטימענטאַל ווי אַלע מאָל און געזונגען זיין באַליבטע באַלאַדע:

אַ האַרבסט־נאַכט אַ קילע
צווישן ביימער שטילע,
פאַרוואָלקנט איז דער הימל,
פאַרכמאַרעט די נאַכט.

עס שטייען צוויי געליבטע,
פאַרטראַכטע און באַטריבטע
מיט פאַרחלומטע אויגן,
פון טרערן גאַנץ פייכט...

יואלס שטימע האָט זיך וואָס אַ מאָל מער דערוואַרעמט, און אין גאַנצן אַ פאַרחלומטער האָט ער אויסגעגאָסן דעם רעפריין:

איך וועל נישט פאַרגעסן די נאַכט,
זאָגט זי צו אים אין דער שטיל —
דיינע אויגן די שטענדיק פאַרטראַכטע,
וואָס דערציילט האָבן מיר אַזוי פיל.

איך וועל נישט פאַרגעסן די אויגן,
וואָס וויזן דיין זעל אין דיר —
איינטאָניק טריב בלייבט מיין לעבן,
ווען דו גייסט אַוועק פון מיר.

עס פאַרשווינדט מיין גליק,
ביז דו קומסט ווידער צוריק...

זינגענדיק דעם רעפריין, האָט יואל אין זינען געהאַט, אַז ער און רחלע זענען אַריינגעפלאָכטן אין דער באַלאַדע, און ווען ער האָט פאַרענדיקט „עס פאַרשווינד מיין גליק, ביז דו קומסט ווידער צוריק", האָט ער זיך,

ווי אין אַ חלום, דערמאָנט, אַז טאַקע אַזוי האָט אים רחלע געזאָגט יענעם סוף־זומערדיקן פאַרנאַכט ביים געזעגענען...

ווען ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, קוקנדיק פאַרשטאַרט אין פאַרנאַכטיקן חלל אַריין, האָבן די יונגע צוהערער באַמערקט, ווי אין זיין אויג פינקלט אַ טרער. זיי האָבן אַ וויל צוזאַמען מיט אים געשוויגן, ווי זיי וואָלטן רעספּעקטירן זיינע אינטימע זכרונות, וואָס ער לעבט איבער ביים זינגען. דערנאָך האָבן אַרומיקע קולות אָנגעהויבן רופן:

— ביטע, זינגט די רעשט!

ער האָט נישט באַלד אָנגעהויבן, וויל ער איז נאָך געווען פאַרנומען מיט זיך און כמעט נישט געהערט, וואָס זיי זאָגן. דאַן האָט זיך צו אים דערנענטערט אַ פרוי, געגעבן אים אַ קוש, איינגענעסטעט זיך מיטן קאָפּ אין שויס און שטיפעריש אַרויפגעקוקט אין זיין פנים, ווי זי וואָלט זאָגן: נאַרישער געליבטער, צו וואָס וויינען אויף פאַרלוירענע ליבעס, אָט בין איך דאָ גרייט צו ליבן זיך מיט דיר. זאָרג נישט וועגן דיין פאַרלוירן גליק, קענסט עס געפינען צוריק...

ווי אַן ענטפער אויף דער פרויס צודרינגלעכקייט, האָט ער גענומען זינגען דעם פינאַל:

ער טוט איר שרייבן<br>
זי זאָל וואַרטן און בלייבן —<br>
זי זאָל נישט פאַרגעסן אירע אייגענע רייד...

דעם רעפריין האָבן אַלע מיטגעזונגען. דאָס האָט יעדן דערמאָנט אין איבערגעלעבטע מינוטן פון צעשיידונג מיט נאָענטע און געליבטע, און יואלן האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אַזוי ענלעך איז געווען דאָס געמיט ביי שלוש סעודות אין רבינס בית המדרש. ער האָט דאָ אויך אונטערגעברומט אַ חסידישן ניגון, אָבער דאָ האָט דער ניגון לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. דער קליינער יאַנקעלע איז אַרויס מיט אַ פּיזמון און איבערגעריסן דאָס שטילע דבקות.

זיינע גראָבע ווערטלעך זענען געווען ווי קין־שפּענער וואָס מ'וואַרפט אַריין אין אויוון ס'זאָל צעברענען דאָס פייער. באַלד האָבן אַנדערע אונטערגעהאַלטן מיט ענלעכע אַנעקדאָטן, פון וואָס דער עולם האָט געקוואָלן.

דאָס געלעכטער האָט פאַרטריבן די מרה־שחורה, וואָס יואלס זינגען האָט אַרויסגערופן.

יואל שאַרט זיך אומבאַמערקט אַרויס פון צווישנדעק, גייט אַרויף אויף דער פּאַלובע און שטעלט זיך ביים אַנלען קוקן אויפן אָפענעם ים. ער זעט ווי די נאָז פון שיף שניידט פאַר זיך אַ וועג צווישן די כוואַליעס און לאָזט נאָך זיך אַ שוימיקן וואַסער־שליאַך. סוף־סוף וועט זי זיך דער־שלאָגן צו אַ ברעג, צום אויסגעטרוימטן ציל, וואָס די גאַנצע חברה דער־וואַרט אין די נייע לענדער.

די ערשטע מינוטן, נאָך דעם ווי יואל האָט זיך אומבאַמערקט אַרויס־געשלייכט, האָט עמעצער פון דער חברה אַ ווונק געטאָן צו די ווייבער, אָנווייזנדיק אויף סאָניען, ווייל אַלע האָבן איר געהאַלטן אַלס זיין כלומרשטע געליבטע, דערפאַר, וואָס יואל האָט איר אַרויסגעוויזן גרויס אויפמערקזאַמ־קייט און פריינדשאַפט בעת איר קראַנקייט. סאָניע האָט זיך טאַקע געהאַט פאַרליבט אין אים און איז אים נאָכגעגאַנגען. זי איז שטענדיק געווען אָנגע־שמירט, אָנגעפּודערט און אויסגעפּוצט, כדי אים געפעלן צו ווערן. דאָס מאָל אָבער האָט לאַנג נישט געדויערט און זי איז צוריקגעקומען אָן אויפ־געדעגטע, ווייל יואל איז געשטאַנען אָנגעלענט אויפן באַריער פון שיף, געקוקט אין דער ווייטקייט און זיך אויף איר נישט אומגעקוקט.

איצט, ווען סאָניע איז צוריקגעקומען פון דער „ראַנדעוווּ", האָט דער קליינער יאַנקעלע זיך גענומען צום ווייבערישן מין:

— ס'איז אַ חרפה און אַ שאַנד, וואָס אַזעלכע שיינע, רייצנדיקע פרויען זאָלן נישט זיין בכוח צו נעמען אַזאַ יאָלד אויף דער קאָפּיטע און פאַר־טשוועקעווען...

סאָניע האָט געוווּסט וועמען מען מיינט און באַלד זיך אָפּגערופן:

— ער איז אַ יאָלד פון די גאַר אַמאָליקע צייטן, ווען אַ פרוי געבן אַ קוש איז געווען אַ פאַרברעכן. פון דעסטוועגן וועט ער גלאַטיק פון מיר נישט אַרויס... אַז ס'וועט אונטערקומען אַ געלעגנהייט און כ'וועל אים פּאַקן אַליין, וועל איך אים נעמען אויף דער האַצקע. זאָל מיין נאָמען נישט זיין סאָניע, אויב כ'וועל אים נישט נעמען אויף דער קאָפּיטע...

די קליינע רוזשקע, וואָס האָט שטאָלצירט מיט איר שיינער פיגור און וועגן וועלכער מען האָט גערעדט אַז זי פאַרט קיין אַרגענטינע אין

„אַ גאָלדן הייזל" אַריין, האָט אַ קוועטש געטאָן מיט אַן אויג, ווילעריש זיך אָוועקגעשטעלט אין מיטן רעדל און אָפּגעלאַכט פון סאַניעס אוממעכטיקייט צו נעמען דעם „פּאַריזער".

— ס'איז גאָרנישט שווער! — האָט זיך באַוויזן אַ פּאַרשייט שמייכעלע אויף אירע אָנגעשמינקעוועטע ליפּן — מ'דאַרף נאָר וויסן ווי אַזוי? ביי מיר וואָלט ער נישט אָנגעטראָפן. ביי מיר מיינט אַלע מאָל דער יאָלד, אַז ער איז דער זיגער...

אַברהמל, ווענען מ'האָט גערופן „פּראָפעסאָר", ווייל ער האָט שטענדיק זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ בוך אונטערן אָרעם, איז אַרויפגעקראָכן אויף אַ קעסטל, געפּאָכעט מיטן בוך, אַז ער וויל עפּעס זאָגן:

— איר ווילט וויסן מיין מיינונג? — האָט ער געוואָרפן מיט די הענט — דער דאָזיקער יואל, וועמען איר רופט „פּאַריזער יאָלד", איז שוין גאָר קיין יאָלד נישט! אַזאַ איינער, אויב ער וויל האָבן אַ פרוי, קריגט ער זי לייכט. ער קומט דאָ נישט אַהער צוליב אַ שיין פּנימל און איר וועט אים נישט פאַרנאַרן מיט אַ קורץ קליידל. ער קוקט בכלל נישט אויף אונדז, ווי איר רעדט זיך איין. ער פאַרברענגט מיט אונדז נאָר דערפאַר, ווייל ער געפינט אַ שפּור פון זיין פאַרגאַנגענער יוגנט אינעם קליינעם שטעטל. אַ מאָטיוו פון דער אַמאָליקער ראָמאַנטישקייט, וועגן וועלכער ער זינגט אין זיינע לידער. איר מיינט, אַז ער קומט דאָ זוכן עולם הזה, און איר פילט אַפילו נישט דעם הייליקן ציטער, וואָס וויברירט אין זיין האַרצן. ער פאַרשרייבט אייערע באַנאַלע לידער צוליב פאָלקלאָר־פאָרשונג, וואָס אינטערעסירט יעדן קולטורעלן מענטש. אין דער אמתן קוקט ער אויף אונדז, ווי אויף דעם ערגסטן, וואָס דאָס שטעטל האָט אַרויסגעוואָרפן פון זיך. ער איז אינטעליגענט און וויל אייך נישט מרמז זיין, כדי נישט ווייטאָן. גייט שוין ווייטער אָן מיט אייער לוסטיקער שפּיל. טאַפּטשעט טיפער אין זומפּ און רעדט זיך איין, אַז איר זענט גרויסע העלדן. ווען די שיף וועט זיך אָפּשטעלן אין ריאָ דע זשאַניירא, וועט איר זען, ווי ער — דער פּאַריזער יאָלד, וועט אַלס קינסטלער פאַרנעמען זיין געהעריקן פּלאַץ אין דער געזעלשאַפט, און איר וועט אינעם נייעם לאַנד טאַפּטשען אין דער בלאָטע, ווי ביז איצט. מיר און ער זענען באַזונדערע וועלטן, לאָמיר זיך נישט מאַכן קיין אילוזיעס.

קאַפּיטל זעקס

# אויפן אינדזל מאַדעיראָ

דער ערשטער אָפּשטעל פון דער שיף איז געווען דאָס אינדזל מאַדעיראָ — שפּאַניע. אַלע רייזנדיקע האָבן געקאָנט גיין אין שטאָט אַריין עפּעס איינקויפן. דער אינדזל איז באַקאַנט אין דער וועלט אַ דאַנק די שפּאַנישע וויינען, וואָס שטאַמען פון דאָרטן. אויך אַלפאָנסאָ און פּעדראָ זענען געגאַנגען אין שטאָט אַריין, אָבער יעדער מיט אַן אַנדערן ציל. פּאַר פּעדראָן איז געווען אינטערעסאַנט אָפּצוזוכן אַ בוכהאַנדלונג און איינצו־קויפן די נייעסטע פּאַריזער קונסט־זשורנאַלן. אַלפאָנסאָ, ווידער, איז אַרום־געגאַנגען אין דער אַלט־שטאָט און געזוכט אַ נאָמען פון אַן אַנגעזעענער פאַמיליע, וואָס האָט דאָ אַ מאָל געלעבט. אַלפאָנסאָס משפּחה האָט אָפּגע־שטאַמט פון דאָזיקן אינדזל און אַלע זיינע קינדער־מעשהלעך, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט פון זיינע זיידעס און באָבעס זענען געווען פאַרבונדן מיט מאַדעיראָ.

די דאָזיקע קעגנזייטיקע צילן פון פּאָטער און זון האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן מערקן, ווען זיי זענען צוזאַמען אַראָפּ פון דער שיף און גע־שפּאַנט דורך די שמאָלע, אָרעמע געסלעך פון פּאָרט. דער פּאָטער האָט זיך באַגייסטערט מיט יעדן אַרכאַישן אויפשריפט, וואָס ער האָט דערזען אויף אַן אַלטער מויער פון אַ קירכע, זיך געפרייט מיט יעדן פּאַרצייטיקן קאַר־ניז און מיט דער אַרכיטעקטור פון די אַלטע געביידעס. ער האָט געוואָלט מיט זיין באַגייסטערונג אָנשטעקן פּעדראָן, נאָר דער זון האָט געשפּאַסט פון זיין פּאָטערס באַגייסטערונג. אַלפאָנסאָ האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אויפן זון און איז אַוועק אין דער אַלט־שטאָט, איבערלאָזנדיק פּעדראָן אין מאָדערנעם שטאָט־צענטער אַרום די קאַפע־הייזער און בוכהאַנדלונגען.

פּעדראָ איז דערצויגן געוואָרן אין זיין פּאָטערס גוט אין צפון־בראַזיל, אין אַ פרום־קאַטוילישער היים. אין זיינע קינדער־יאָרן האָט ער נישט

געקאָנט אויסמיידן די השפּעה פון זיין פרומען זיידן און פּאַטערל מאַרטינס — גלח פון דער קירך אין דערבייאיקן שטעטל — וועלכער פלעגט זיך חברן מיט זיין זיידן און אָפט אַרויפקומען צו זיי. זיין זיידע איז געווען אַ קינסטלער פון דער נאַטור און געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף פּעדראָן. זינט ער האָט אָבער די לעצטע יאָרן געשטודירט אין פּאַריז און זיך צונויפגעטראָפן מיט די אַנטלאָפענע קעמפער פון שפּאַניע און פּאָליטיש־פאַרפאָלגטע פון פּאָרטוגאַל, האָט ער זיך באַפרייט פון דער השפּעה פון קירך, וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַר די שולדיקע אין דעם, וואָס די רעאַקציאָנערע הערשער פון פּאָרטוגאַל לאָזן די בעסטע זין פון פאָלק זיך וואַלגערן אין דער פרעמד אין גרויס נויט.

לאַנגע שעהען האָבן זיי זיך אַרומגעדרייט איבער די גאַסן. דער פּאָטער איז אַלע זיינע יאָרן געווען באַגייסטערט פון אַלץ, וואָס האָט אָפּגעשטאַמט פון שפּאַניע, איצט האָט ער געגאַרט דאָס צו זען מיט זיינע אויגן. דער זון, ווידער, האָט אויף דעם אַלעם, וואָס האָט דערמאָנט אין דער הערשאַפט פון קלער, געקוקט מיט עקל. לסוף האָבן זיך פּאָטער און זון געטראָפן, ווי זיי האָבן אָפּגערעדט, אין דער גרויסער בוכהאַנדלונג. דער פּאָטער האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגן אַ קונסט־מוזעאום, ווו ער און פּעדראָ זאָלן האָבן אַ געמיינזאַמען אינטערעס צו גיין באַזוכן, נאָר דער בוכהענדלער מיטן רויטן בערעט אויפן קאָפּ האָט מיט אַ גרימאַסע אויפן פּנים אָפּגעפרעגט די קונסט־פלעצער אויפן אינדזל, וואָס לאָקן די טוריסטן. דאָס האָט אויף ביידן געווירקט. טאַטע און זון האָבן איינגעקויפט מתנות פאַר זייערע קרובים און שווייגנדיק צוריקגעגאַנגען צו דער שיף.

נישט ווייט פון פּאָרט האָט דער אַלטער אַלפאָנסאָ דערזען אַן אַלטע שענק, געבויט אין מיטלאַלטערלעכן סטיל, מיט ווייַנקעלערס. ער איז אַהין אַריין, געהייסן דערלאַנגען אַ גלאָז וויין, און זיך צעשמועסט מיטן שענקער און אייניקע עלטערע טרעגערס, וואָס זענען געזעסן אין אַ זייט און פויל געפּיפּקעט זייערע פייקעס.

פּעדראָ האָט קוים זיך דערשלעפּט צו דער שיף. ער האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די קליידער און, רוענדיק, געלייענט די איינגעקויפטע זשורנאַלן. צווישן די נייעס און רכילות פון פּאַריזער לעבן האָט ער כמעט אין יעדער צייטשריפט געזען אַ גרויס קעפּל וועגן יואלס רעדע. אין עטלעכע

זשורנאַלן איז אויך געווען יואלס בילד און ברייטע קאָמענטאַרן וועגן זיין לעבנס־שיטה פאַרן קינסטלער. פעדראָ האָט לאַנג געלייענט און לייענענ־דיק זיך אַריבערגעטראָגן אין דער פאַריזער קינסטלער־וועלט.

ווען ס׳איז שוין געוואָרן טונקל און מ׳האָט געדאַרפט גיין עסן אָוונט־ברויט, איז אַלפאָנסאָ אַריינגעקומען אין קאַבינע, אָנגעצונדן די ליכט און געוואַרט פעדראָ זאָל זיך אָנטאָן און מיטגיין אין עס־זאַל.

ביים עסן האָט דער פאָטער באַמערקט אין פעדראָס אַ זשורנאַל יואלס בילד. ביידע האָבן זיך אינסטינקטיוו אַ כאַפּ געטאָן, אַז זינט זיי האָבן אים דעם ערשטן אָוונט באַגעגנט, האָבן זיי אים מער נישט געזען. זיי האָבן געפרעגט דעם קעלנער און באַקומען אַן ענטפער, אַז מסיע בערמאַן איז די גאַנצע צייט נישט אַריינגעקומען אין עס־זאַל, כאָטש ער פאָרט אויך קיין ריאָ־דע־זשאַנייראָ. ביי ביידן איז געבליבן, אים אָפּצוזוכן און דערוויסן זיך די סיבה, וואָס ער קומט נישט אין עס־זאַל עסן צוזאַמען מיט זיי.

נאָכן אָוונטברויט האָבן טאַטע און זון אַרומגעשפּאַצירט אויפן דעק און פעדראָ האָט דעם פאָטער דערציילט וועגן די קאָמענטאַרן איבער יואלס רעדע, וואָס ער האָט געלייענט. פעדראָ האָט דאָס איבערדערציילט, ווייל אַליין האָט ער געוואָלט געפינען אַ טאָלק, ווער ס׳איז סוף־כל־סוף גערעכט אין אַקטועלע לעבנס־פּראָבלעמען. דער פאָטער האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו פעדראָן און געטראַכט, אַז דער יונגער קינסטלער האָט עס ביי אים אויסגעבאָרגט די דאָזיקע לאָגישע געדאַנקען. זינט זיינע קינדער זענען אונטערגעוואַקסן האָט זיך אַלפאָנסאָ אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק, זיי צו שיקן אין דער פרעמד שטודירן, נאָר נאָכן פאַרענדיקן זייער שטודיום זאָלן זיי אַהיימקומען און זיך נעמען צו אַ נאָרמאַל לעבן. ער האָט זיין אידעע פאַר קיינעם נישט אַרויסגעבראַכט, ווייל ער איז געווען זיכער, מ׳וועט אים פאַרשרייען פאַר אַן אַלטמאָדישן.

האָבנדיק יואלס פאַמיליע־נאָמען אונטער זיין בילד אין די זשורנאַלן, איז פעדראָן נישט שווער געווען אויסצוגעפינען אין שיפס־ביוראָ דעם נומער פון זיין קאַבינע, און ווו ער פאָרט. פעדראָ איז עטלעכע מאָל צו־געגאַנגען צו יואלס לוקסוס־קאַבינע, אָבער ער האָט קיין מאָל אים נישט געטראָפן. ער האָט געלעכצט צו זען יואלן און שמועסן מיט אים וועגן די פּראָבלעמען, וואָס ער האָט באַרירט אין דער קונסט־שול. פעדראָן זענען

די דאָזיקע געדאַנקען געווען זייער נאָענט, ווי ער אַליין וואָלט זיך מיט זיי געראַנגלט און נישט געקאָנט בייקומען.

*

יעדעס מאָל, ווען יואל האָט פאַרלאָזט דעם צווישנדעק, איז ער גע־בליבן שטיין ערגעץ אין אַ טונקל ווינקל אויף דער פּאַלובע און געקוקט איבערן אָנלען אין די וויטקייטן אַריין. נאָך דעם ווי ער פלעגט זיך אַ ביסל אָפּקילן, פלעגט ער זיך אומקערן צו דער עמיגראַנטן־גרופּע און מיט זיי פאַרברענגען ביז שפּעט אין דער נאַכט. דאָס מאָל, ווען ער האָט פאַר־לאָזט די גרופּע, האָט ער געמאַכט אַ שפּאַציר צווישן דער היפּשער צאָל פּאַסאַזשירן פון ערשטן קלאַס.

אין גאַנצן אומדערוואַרט האָט פּעדראָ זיך געטראָפן מיט יואלן. זיי האָבן זיך באַגריסט, ווי יואל זאָל האָבן געווען אַ צייט לאַנג אַוועקגעפאָרן און ערשט צוריקגעקומען. פּעדראָ האָט אָנגעהויבן דעם שמועס. געפרעגט יואלן, ווי ער פילט זיך, ווי ער פאַרברענגט די צייט פון דער נסיעה. מן הסתם — האָט פּעדראָ צוגעגעבן — פאַרנומען מיט אַרבעטן און פּלענער. ער האָט נישט געקאָנט געפינען דעם אַריינפיר צו דעם שמועס, וואָס ער האָט געוואָלט פירן. ער האָט געשפּירט, אַז דער דאָזיקער שמועס איז פאַר אים גופא אויסערגעוויינלעך וויכטיק, אָבער ווען ער איז געקומען צו אים האָבן זיך זיינע געדאַנקען פאַרפּלאָנטערט און ער האָט פאַרלוירן דעם עק פונעם פאָדעם, וואָס ער האָט געוואָלט אויפוויקלען.

קוקנדיק פאַרשעריש אויפן יונגן־מאַן, האָט יואל פאַרשטאַנען, אַז עפּעס ברויזט אין פּעדראָס נשמה. אפשר זוכט ער פאַר וועמען אויסצו־לאָדן זיינע טענות צו דער וועלט, פאַר וועמען זיך צו פאַרטרויען. דער־זעענדיק ווי יענער איז געבליבן איך אַ פאַרלעגנהייט, האָט יואל אים גוט־ברודעריש אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן אַקסל און אויפגעמונטערט, צו דערציילן, וואָס ס׳דריקט אים.

פּעדראָ האָט גערעדט מיט פּאַטאָס. ער האָט אָנגעהויבן פון זיינע קינדער־יאָרן אויפן פּאַלוואַרק אין צפון־בראַזיל. זיין שטרעבן צו מאָלן און זיין אַרויסרייסן זיך קיין פּאַריז. שפּעטער האָט ער דערציילט וועגן זיין פאָטערס קעגנערשאַפט, ער זאָל שטודירן און ווערן אַ מאָלער. פּעדראָ

האָט גענומען אויפוויקלען זיין פּאַריזער לעבן, ביז דעם טאָג, ווען דער פאָטער איז געקומען אים צוריקנעמען אַהיים. ער איז געווען פול מיט בענקשאַפט צו פּאַריז, און אין זיינע אויגן האָבן אָפּגעגלאַנצט טרערן.

יואל האָט שטאַרק מיטגעפילט פּעדראָן, דעם איינציקן זון פון אַ רייכן לאַנד-אייגנטימער אין צפון בראַזיל. ווי מאָדנע פאַלט אויס דער גורל — טראַכט יואל — פּעדראָ איז אומגליקלעך נאָר דערפאַר, וואָס ער וועט מוזן אין זיין אייגענער היים פירן אַ שטיל און רואיק לעבן, אָן דער באָהעמע און פּאַריזער גאַסן-לעבן. און ער, ווי גליקלעך וואָלט ער געווען, ווען ער זאָל האָבן אַ פאָטער, וואָס זאָל אים פאַרבעטן צו קומען אַהיים אין זיין רייכן גוט, ווו ער וואָלט געקאָנט זאָרגלאָז לעבן און שאַפן.

ביידע האָבן געשוויגן און געווען פאַרטראַכט. יואל האָט אין זיינע גע-דאַנקען געפרווט מאַכן אַ שטיקל סך-הכל פון זיין לעבן און דערביי אַ טראַכט געטאָן; וואָס וואָלט געווען, ווען ער דערציילט פּעדראָן וועגן זיין לעבן אין קליינעם שטעטל, זיין אַוועקפאָרן פון דער היים, דאָס וואַלגערן זיך אין ביליקע רעסטאָראַנען און נאַכטלעגערס, ביזן וואַשן דאָס געפעס אין קאַפע „קאָבאַלט". צי וואָלט דער דאָזיקער בראַזיליאַנער יונגער-מאַן זיך געקאָנט אַריינלעבן אין דער ספּעציפישער לאַגע פון אַ יידישן יונגן-מאַן? דער מרחק צווישן ביידנס לעבן איז אַזוי אומענדלעך גרויס און אַנדערש, אַז ס׳גלייבט זיך קוים, דער בראַזיליאַנער זאָל אָננעמען זיינע שילדערונגען אַלס אמתע.

פּעדראָ, וואָס זעט אויס ביי יואלן אין די אויגן ווי דער סאַמע גליק-לעכסטער מענטש, וועלכער איז אימשטאַנד צו מאָדעלירן זיין לעבן ווי ער מאָדעלירט דאָס ליים פאַר זיין אויסגעטרוימטער פיגור, שטייט דאָ פאַר אים אַ הילפלאָזער, אַ פאַרלוירענער און וויל פון אים אַן עצה, ווי צו געפינען אַ לייזונג צו זיינע לעבנס-פּראָבלעמען. יואל, ווידער, צו ווען פּעדראָ קוקט אַרויף מיט אַזוי פיל פאַרערונג, שפּירט זיך אַליין אַזוי פאַר-לוירן און הילפלאָז, אָן שום אויסזיכטן אויפן מאָרגן, אַז עס הייבט אים אָן שווינדלען אין קאָפּ, ווען ער פּרוווט נאָר טראַכטן וועגן דעם. יאָ, צוויי מענטשן און צוויי באַזונדערע וועלטן.

יואל האָט אַרויסגעדרונגען פון פּעדראָס שילדערונגען, אַז ער האָט קיין מאָל קיין נויט נישט געליטן. אין פּאַריז האָט פּעדראָ געלעבט בעסער

ווי זיינע פריינד און קאָלעגן, כאָטש פעדראָס פריינד האָט אויך פון גאָר־נישט געפעלט. אָבער יואל פלעגט פאַר זיינע קאָלעגן אָפט באַצאָלן פאַר אַ טעלער זופּ און נאָך צוגעגעבן אַ הלוואהלע פון אַ פּאָר פראַנק, וואָס ער האָט קיין מאָל נישט דערוואַרט צו באַקומען צוריק. פעדראָ, ווידער, איז געקומען צו דער מסקנה, אַז טראָץ זיינע באַוואָרענישן קעגן יואלס אַרויס־געזאָגטע מיינונגען, איז ער דאָך אין האַרצן געניגט אָנצונעמען זיינע אידעען, פשוט דערפאַר, וואָס זיי קומען נישט אין קאָנפליקט מיט די מיינונגען פון זיין פאָטער. ער האָט, הייסט עס, אַן אויטאָריטעטע צושטימונג פון אַזאַ קינסטלער ווי יואל, צו לעבן ווי זיין פאָטער פאַרלאַנגט פון אים.

פאַרן אַוועקגיין האָט יואל באַשלאָסן צוצורעדן דעם דאָזיקן זאָטן יונגן־מאַן, ער זאָל רואיק פאָלגן זיין פאָטערס עצה, צו פירן אַ נאָרמאַל לעבן אין זייער גוט. ער האָט דאָס געזאָגט מיט אַ טאָן, ווי ס׳רעדט אַן עלטערער ברודער צו אַ יינגערן. דער דאָזיקער טאָן איז פעדראָן געווען נאָענט צום האַרצן און ער איז יואלן געווען דערפאַר דאַנקבאַר.

ווען יואל האָט זיך שפּעט אין אָוונט געזעגנט מיט זיין נייעם פאַר־ערער, האָט ער פעסט געדריקט זיין האַנט און אים געווונטשן דערפאָלג אין זיינע קונסט־פּלענער, וועלכע ער וועט זיכער זיין אימשטאַנד צו שאַפן אין זיין רואיקער היים אין בראַזיל. יואל האָט רעזומירט דאָס, וועגן וואָס זיי האָבן אַ גאַנצן אָוונט גערעדט, אַז קונסט, קולטור, שעפערישקייט, ליבע און רואיקייט זענען די באַשטאַנד־טיילן פון גייסטיקן גלייכגעוויכט און פירן צו דער מאַקסימאַלער דערהייבונג פון קינסטלער.

פעדראָ איז אַוועק אַ באַרואיקטער. דאָס אָפּראַבירן דורך אַן עלטערן קאָלעגע זיינע און זיין פאָטערס פּלענער, האָט אים באַווירקט און מיט נייע כוחות, האָט ער באַשלאָסן, וועט ער זיך ערשט נעמען צום שאַפן.

יואל איז אַוועק מיט אַ געוויסער הנאה, וואָס ער האָט פּראַקטיש באַווירקט מיט זיין אידעע אַ מענטש, וואָס האָט זיך דערין גענייטיקט. ער האָט לאַנגזאַם שפּאַצירט לענג־אויס דער באַריער פון שיף און אויף קיינעם זיך נישט אומגעקוקט. פאַרזונקען אין מחשבות, האָט ער נישט באַמערקט, ווי סאָניע זיצט אויף איינע פון די זייטיקע בענק, וואָס ציען זיך לענג־אויס די קאָבינעס. ערשט ווען ער איז דורך דאָס צווייטע מאָל האָט אים סאָניע אַ רוף געטאָן.

סאָניע איז שוין אַ שפּאָר שטיקל צייט געזעסן אויף דער באַנק און געוואַרט אויף יואלן. זי האָט זיך איינגעהערט אין שמועס צווישן יואלן און דעם אומבאַקאַנטן יונגן־מאַן, און זיך געוווּנדערט ווי דער פרעמדער, וועלכער קען מסתמא יואלן פון פּאַריז, שטייט פאַר אים מיט אַזאַ רעספּעקט, ווי פאַר אַ פּראָפעסאָר. סאָניע, וועלכע האָט עטלעכע יאָר געאַרבעט אין פּאַריז און געמוזט צוריקפאָרן אין שטעטל אַריין, האָט אָנגעהויבן טראַכטן, אַז דער דאָזיקער כלומרשט קליינשטעטלדיקער יואל, איז גאָר עפּעס אַ מיסטעריעזער מסיע זשוליען, ווי מ׳רופט אים אין פראַנצויזיש. ס׳האָט אין איר אויפגעוואַכט די ווייבערישע נייגעריקייט און זי האָט געוואָלט דערגיין זיין לעבנס־סוד.

יואל איז געווען איבערראַשט, צו טרעפן סאָניען אויפן אייבערשטן דעק און דערצו אַזוי רייך געקליידט. ער האָט זיך אַריענטירט, אַז דאָס איז זי געקומען צוליב אים. אָבער מער ווי אַלץ האָט אים געוווּנדערט איר עלעגאַנט אויסזען, וואָס איז אים ביז אַהער געווען אומבאַקאַנט. ער האָט זיך גאָרנישט פאַרגעשטעלט, אַז זי איז אַזאַ שיינע פרוי, און קליידט זיך מיט אַזוי פיל געשמאַק. איר שוואַרץ אָונטקלייד מיטן טיפן דעקאָלט, קורצן פוטער־זשאַקעטל, אַריבערגעוואָרפן איבער די אַקסלען, די לאַנגע ווייסע הענטשקעס, שיינער האַנט־בייטל און שיך אויף הויכע אָפּצאַסן האָבן איר אַזוי געפּאַסט, ווי עס וואָלט ווער דאָס ספּעציעל פאַר איר אויסמאָדעלירט... און די הויך־פאַרקאַמטע פריזור און דער דופטיקער פּערפום... זי האָט אים דערמאָנט אין באַרימטע שיינהייטן, וואָס ער האָט באַגעגנט אויף גאַלאַ־בעלער אין פּאַריז.

אין ערשטן אויגנבליק האָט אים אויסגעוויזן, אַז זי איז ענלעך צו רחלען. אָבער ווי זעט אויס זיין רחלע? גראָד איצט איז איר געשטאַלט אַוועק פון זיין דמיון, ווי ס׳וואָלט זיך דערשראָקן פאַר דער לעבעדיקער סאָניע, וואָס שטייט פאַר אים און פאַרשיכורט אים מיטן פּערפום־ריח, וואָס טראָגט זיך פון איר טיפן דעקאָלט. אין איין זאַך האָט ער זיך איצט דער־מאָנט, אַז רחל איז אַ סך עלטער פון סאָניען. אָבער נישט געקוקט אויף דעם האָבן זיךביידע פרויען־געשטאַלטן אויסגעמישט און יואל האָט זיי געזען אין איין עלעגאַנטער און רייצנדיקער סאָניע.

סאָניע האָט באַמערקט יואלס פאַרלעגנהייט. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז

ער איז איבערראַשט פון טרעפן זי דאָ. אפשר האָט ער אויך באַמערקט ווי מענער האָבן זיך געדרייט אַרום איר און געפּרוווט אָנטאָפּן, צי מ׳קאָן כאַפּן מיט איר אַ פלירט. זי האָט איבערגענומען די איניציאַטיוו, אָנגענומען יואלן אונטערן אָרעם, צוגעטוליעט זיך צו אים, ווי צו אַ געליבטן, און אים שטיל איינגערוימט, אַז זי האָט חשק מיט אים צו טאַנצן אין גרויסן סאַלאָן פון ערשטן קלאַס, און ווען יואל האָט נאָך אַלץ געשוויגן, האָט זי צוגעבויגן איר קאָפּ צו זיין אויער און שטיל געשושקעט:

— איך האָב געבענקט נאָך דיר! איך האָב געוווּסט, אַז דו וועסט מער נישט קומען צו אונדז אויפן צווישנדעק. כ׳בין געקומען צו דיר אויפן אייבערשטן דעק, דיך זען, דיך פילן און דיר עפּעס זאָגן. אויב דו ווילסט, לאָמיר זיך דורכשמועסן. דאָרטן, צווישן די קליינשטעטלדיקע ברואים, קאָן מען דאָך קיין וואָרט נישט אַרויסריידן.

אין דער ערשטער רגע האָט ער דערפילט, ווי זי האָט אים באַצוווּנגען. קיין מאָל וואָלט ער זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז די סאָניע, וועמען ער האָט מיט אַ כּוונה אויסגעמיטן, וועט אים קאָנען אַזוי שטאַרק אויפטרייסלען, אַז ער האָט שיער נישט דאָס לשון פאַרלוירן... ביסלעכווייז איז ער אָבער געקומען צו זיך. ער האָט זי אָנגענומען אונטערן אָרעם, געלאָזט פאַלן אַ פּאָר וואַרעמע ווערטער, אַז ס׳פרייט אים זייער זי דאָ צו טרעפן. ער האָט זי אַריינגעפירט אין גרויסן זאַל, אויסגעזוכט אַ טישל אין אַ ווינקל. צוגעהאָלפן איר אויסטאָן דאָס זשאַקעטל און אַוועקגעזעצט זיך אַנטקעגן איר.

דער קעלנער האָט צוגעבראַכט צוויי גלעזער אייז־קרעם־סאָדע מיט שטרויעלעך. זיי האָבן שווייגנדיק געטרונקען. יואל האָט געוואָלט מיטן קאַלטן געטראַנק לעשן אַ הייסן באַגער, וואָס האָט אין אים אויפגעברויזט. ער האָט גערעדט כּאַטיש:

— דו ביסט שיין, סאָניע! קענסט זיך גוט האַלטן. מ׳קאָן זיך מיט דיר פאָרשטעלן אין אַ בעסערער געזעלשאַפט. ווען דו וואָלסט מיך נישט גערופן, וואָלט איך דיך נישט דערקענט. האָסט גוט געטאָן, סאָניע, וואָס דו האָסט מיך איצט אָפּגעזוכט אויפן אייבערשטן דעק. פון וואַנען האָסטו געוווּסט, אַז איך וועל מיך פרייען דיך צו זען?

יואלס סענטימענטאַלע שטימונג האָט אויפגעברויזט אירע האַרציקסטע געפילן. פון דער מינוט אָן, ווען זי האָט אים דערזען ביי איר בעט מיטן

דאָקטער, איז ער איר געוואָרן נאָענט. זי האָט אים געפילט אין האַרץ, געזען פאַר די אויגן און געלעכצט צו זיין מיט אים נאָענט. יואלס דזשענ־טעלמענישע האַלטונג האָט אָבער ווי אויפגעשטעלט אַ וואַנט צווישן זייביידן. זי האָט נישט געקאָנט אים זאָגן דאָס, וואָס זי האָט געוואָלט און געפילט, און אָנגעהויבן ריידן וועגן עפּעס אַנדערש.

— ווי נאָר איר זענט אַוועק פון דער גרופּע האָט זיך אָנגעהויבן אַ דיסקוסיע וועגן אייער פּערזאָן. יעדער האָט געזאָגט עפּעס אַנדערש. איך האָב וועגן אייך גאָרנישט געזאָגט, ווייל אויב כ׳וואָלט זאָגן דאָס וואָס כ׳פיל וועגן אייך, וואָלטן זיי געמיינט, ווער ווייסט ווי ווייט מיר זענען שוין פאַרקראָכן... כ׳וועל אייך זאָגן אויפריכטיק. איך אַליין האָב געמיינט, אַז איר שטייט נאָך מיטביידע פיס אין שטעטל, נאָר ווען כ׳האָב זיך צוגעהערט צום שמועס, וואָס ס׳האָט מיט אייך געפירט דער יונגער־מאַן, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז איר זענט נישט סתם קיין פּשוטער יאָלד, ווי זיי רופן אייך אויפן צווישנדעק. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז איר זענט נישט געקומען אַהין צוליב די פּאָר ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס פירן זיך אויף נישט אָנ־שטענדיק און ריידן מיאוסע רייד. מיין לעבן אין פּאַריז האָט מיר געגעבן אַ סך דערפאַרונג, און איך דערקען מענטשן פון ערשטן אויגנבליק.

יואל האָט איר ווידער געמאַכט קאָמפּלימענטן. ווידער האָט ער גע־לויבט איר גוטן פראַנצויזיש און אירע גרויסשטאָטישע מאַניערן. ס׳וואָלט אַלץ גוט געווען, ווען סאָניע וואָלט זיך נישט צו פיל צערעדט וועגן איר פּאַריזער געזעלשאַפט. פון אירע רייד האָט יואל באַקומען אַ גענויעם באַגריף, וואָס פאַר אַ פרוי זי איז. זיין אויספיר איז אָבער געווען צום גוטן: ווערדליק אַזעלכע, האַלט זי זיך זייער גוט אין געזעלשאַפט און ווייזט אַפילו אַרויס אַ געוויסע מאָס אינטעליגענץ.

סאָניעס פאַרגאַנגענהייט, וועגן וועלכער זי האָט גערעדט מיטן פולן מויל, האָט יואלן אָפּגעקילט, נישט צו דערקענען. צוליב העפלעכקייט וועגן, האָט ער כלומרשט אַרויסגעוויזן אַן אינטערעס צו אירע איבער־לעבונגען. סאָניע האָט אויך דערפילט, אַז איר דערציילן האָט נישט אַזוי געווירקט אויף אים, ווי זי האָט דערוואַרט. מסתמא האָט ער שוין פריער פון וועלכן ס׳איז מיידל געהערט אַזאַ מין לעבנס־געשיכטע — האָט זי געטראַכט. זי האָט פאַרקירצט דאָס דערציילן, ווי אַזוי זי איז אַן

אָפּגעגאַרטע צוריקגעפאָרן אין שטעטל אַריין, ווי איר יוגנט־געליבטער האָט איר אַלץ מוחל געווען, ווי זיי האָבן חתונה געהאַט, און אַ דאַנק איר ביסל געלט, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט פון פּאַריז, איז ער אַוועק קיין דרום־אַמעריקע, און איצט פאָרט זי אַהין.

יואל האָט פאַרשטאַנען, אַז סאָניעס דערציילן איר לעבנס־געשיכטע האָט געהאַט אַ ספּעציעלן ציל, אַז דאָס מודה זיין פאַר אים וועגן איר פאַרבלאָנדזשעט לעבן אין פּאַריז, האָט באַדאַרפט זיין אַן איינלאַדונג צו מעגן זיך מיט איר אַ שפּיל־טאָן אין זיין לוקסוס־קאַבינע. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר און אַ שטורעם האָט אויפגעברויזט אין זיין לייב. אָט, אָט וועט איר שעלמישער רייץ אים איינבערעכן און מאַכן אונטערטעניק. ער האָט געפילט, ווי עס פליען אַוועק אַלע זיינע איבערצייגונגען, אַלע הויכע צוימען, וואָס האָבן אים אָפּגעטיילט פון פאַרבייגייענדיקע פלירטן, און ס׳בלייבט די שיינע רייצנדיקע פרוי, פאַר וועמען ער מוז דעם קאָפּ בייגן. ס׳איז געווען אַ שטילער געפעכט, ווי רייץ און מאָראַל וואָלטן זיך פאַר־וועט, ווער וועמען ס׳וועט באַזיגן... גוט איז, האָט ער געטראַכט — וואָס סאָניעס שיינקייט האָט פאַר אים זיך אַנטפּלעקט אין אַן עפנטלעכן זאַל. דאָס וועט אים אפשר געבן כוח זיך צו האַלטן. ער וועט דעם געוועט גע־ווינען. צו קיין דערנענטערונג וועט נישט קומען! פאַר וואָס זאָל ער קומען צו רחלען אַ פאַרפלעקטער און איר נישט קאָנען קוקן אין די אויגן אַריין?

ווען דער קעלנער האָט אָנגעהויבן איבערדרייען די טישלעך, אַ סימן צו שליסן דעם זאַל, האָט ער אונטערגעשריבן דעם חשבון, איבערגעלאָזט טרינק־געלט און העלפנדיק איר אָנטאָן דעם זשאַקעטל, אַרויסגעפירט זי פון זאַל אויפן וועג צום צווישנדעק. ער האָט נאָר געוואָלט זי באַגלייטן ביז די טרעפּ, ס׳וואָלט אָבער אויסגעזען ווי אַ גרינגשעצונג. זיי זענען צוזאַמען אַראָפּ אויפן צווישנדעק. דאָרטן האָט ער זיך נאָך אַ ווײַלע פאַר־האַלטן, געשמועסט מיט איר און געפילט ווי זי ציטערט. ער האָט זיך מיט איר געזעגנט און אַוועק צום אייבערשטן דעק.

ער איז געגאַנגען דורך אַ זייטיקן דורכגאַנג און גאַנץ אומדערוואַר־טעט איז פון ערגעץ אַרויסגעקומען רוזשקע. זי האָט געררויכערט אַ פּאַ־פּיראָס, אויסגעזען פאַררויטלט, צעפּאַרעט, ווי זי וואָלט ערשט אַרויסגע־קומען פון קיך, וועלכע האָט זיך דאָ געפונען אין אַ זייטיקן ווינקל. ס׳האָט

זיך פון איר געטראָגן אַ ריח פון ביליקן פּערפום און בראָנפן. זי האָט יואלן נישט באַמערקט, ווייל ער איז אויסגעקומען הינטער איר שאָטן. זי האָט געאיילט צום צווישנדעק, אויסצומישן זיך מיט דער גרופּע עמיגראַנטן.

סאָניע איז אַ פאַרביטערטע אַריין אין איר קאַבינע און מיט כעס גענומען פון זיך אַראָפּוואַרפן די קליידער. זי האָט געוואָלט שנעל זיך אויסטאָן, אַריינוואַרפן זיך אין בעט און שלאָפן, אָדער זיך מאַכן שלאָפן, ווייל, אין תוך האָט יואלס באַנעמען זיך מיט איר דעם היינטיקן אָוונט זי אויפגעטרייסלט. מיט זיין גאַנצער אַרויסגעוויזענער העפלעכקייט האָט ער זי באַליידיקט. עס האָט זיך איר אויסגעדאַכט, ווי ער האָט צעטראָטן מיט די פיס דאָס שענסטע, וואָס זי פאַרמאָגט: איר שיינקייט, איר רייץ און איר ווייבערישן ווערט. ווען ער וואָלט זי שלאָגן, וואָלט איר נישט אַזוי וויי געטאָן, ווי דאָס באַגייך זיך מיט איר, ווי מיט „אַ ווייך איי". עס האָט זי פאַרדראָסן און געערגערט. זי האָט איינגענורעט דעם קאָפּ אין קישן, געביסן מיט די ציין, ווי זי וואָלט בייסן יואלן פאַר זיין קאַלט־קייט. נאָר אָט איז אין דער קאַבינע אַריין רוזשקע און האָט מיט אַ האַלב־שיכורן געלעכטער אָנגעצונדן דעם גרויסן לאָמפּ אונטערן סופיט און פון אַלע בעטן האָבן אָנגעהויבן זיך אַרויסרוקן האַלב־פאַרשלאָפענע פּנימער פון פרויען, זיך דערוויסן וואָס ס'איז געשען. רוזשקע האָט האַלב־וואַקל־דיק, מיט אַ געמאַכטער גוטמוטיקייט געשלעפּט סאָניעס אָוונט־קלייד, דאָס פּוטערנע זשאַקעטל און זי נישט אָפּגעלאָזט:

— ווו ביסטו געווען אַ גאַנצן אָוונט אַזוי „אויסגעפּיאַקעוועט"? פאַר וואָס ביסטו נישט געבליבן נעכטיקן אין יואלס לוקסוס־קאַבינע?..

דאָס טומלען פון די פרויען האָבן דערהערט די מענער און זיך גע־נומען זאַמלען פאַרן אַריינגאַנג אין דער פרויען־קאַבינע. סאָניע האָט פאַר־שטאַנען, אַז זי וועט שוין נישט קאָנען איינשלאָפן, האָט זי אויף זיך אַרויפ־געוואָרפן אַ קליידל, אָנגעטאָן שטעק־שיך און אַרויס פון דער קאַבינע.

די מענער ביי דער טיר האָבן איר געמאַכט אַן אָוואַציע און געוואָלט וויסן, ווו זי איז עס פאַרפאַלן געוואָרן אויף אַ גאַנצן אָוונט. רוזשקע, אַרויס־קומענדיק פון דער קאַבינע, האָט נישט אויפגעהערט מיט איר פאַר־שניאַקעטער שטימע צו מאַכן פרעכע באַמערקונגען, נאָר קיינער האָט זיך צו איר נישט צוגעהערט. דער טומל האָט דערוויל אַלעמען אַראָפּגע־

שלעפּט פון די געלעגערס. באַלד איז אַ גרעסערע גרופּע אַוועק צום פּאַר־זאַמלונגס־פּלאַץ אויפן צווישנדעק.

— די גרופּע איז געווען גוט אויפגעלייגט. די טעמע איז געווען — סאַניע. יעדער האָט עפּעס צוגעגעבן צו סאַניעס וויזיט ביי יואלן. מ׳האָט סאַניען גענומען אויפן צימבל. איינער האָט געהאַט אַ טענה, הלמאי מ׳האָט איר איבערגעגעבן „דאָס זויג־קינד יואל״... זי גייט אַוועק און דאָס קינד פאַרגייט אין געוויין... אַן אַנדערער האָט „געהאַט צו איר טענהס״, וואָס זי האָט איבערגעלאָזט דאָס קינד הונגעריק... נאָר דאָ האָט זיך פון דער טונקלקייט, ווי פון אַ באַהעלטעניש, אַרויסגערוקט יואל און אַוועק־געשטעלט זיך לעבן דער זיצנדיקער חברה.

ער איז געווען ערנסט געשטימט. געבליבן שטיין און אָפּגעזאָגט זיך צו זעצן. ער האָט געבעטן זיך נישט שטערן אין דער פאַרוויילונג, און ס׳האָט אויסגעזען, אַז ער איז גרייט אָנצונעמען אַלע פיילן, וואָס זיי וועלן שיסן אין אים.

אַ ווײַלע האָט געהערשט אַן אומאָנגענעמע שטילקייט, ווי פאַר אַ שטורעם. באַלד האָט עמעצער געפּרוּווט פאַרציען אַ לידל. קיינער האָט עס אָבער נישט אונטערגעכאַפּט און דער זינגער איז שטיל געבליבן. יואל האָט באַשלאָסן איבערצורייסן די אָנגעצויגענע שטימונג.

— סאַניע — האָט ער אָנגעהויבן שטיל — איז געווען מיט מיר אַ גאַנצן אָוונט אין באַר פון ערשטן קלאַס. אַ דאַנק איר אָפּנהאַרציקייט האָב איך זיך דערוווּסט אייערע מיינונגען וועגן מיר. כ׳וויל אייך אַלעמען דאַנקען דערפאַר, וואָס אייערע אַרויסגעזאָגטע באַמערקונקען האָבן מיך אָנגערעגט צו זיין אָפן און ערלעך און אייך זאָגן, וואָס ס׳ליגט מיר שוין זינט יאָרן אויפן געוויסן. ביז איצט האָב איך נישט געהאַט די געלעגנ־הייט און נישט געהאַט פאַר וועמען זיך אַראָפּצורײדן פון האַרץ. איר ווילט דאָך וויסן, ריכטיקער געזאָגט, איר פּרוּווט דאָך טרעפן, ווער איך בין און וואָס ס׳ציט מיך צו אייער גרופּע? גוט! כ׳וועל אייך זאָגן, ווער כ׳בין — האָט זיין שטימע אַ ציטער געטאָן — איך בין אַ צעשפּאָלטענער, אַ צעריסענער אויף צווייען און דערפאַר אויך אַן אומגליקלעכער מענטש. פון דער ערד זיך אויפגעהויבן און צום הימל נישט דערפלויגן. יאָ, איך הענג צווישן הימל און ערד!

פונקט ווי איר, האָב איך מיט אַ צענדליק יאָר צוריק פאַרלאָזט דאָס קליינע שטעטל אונדזערס, פול מיט חלומות און פלענער איינצונעמען די גרויסע וועלט. כ׳האָב זיך געגנוג אָנגעליטן, ביז כ׳האָב דערגרייכט, וואָס כ׳האָב דערגרייכט. מ׳קאָן זאָגן, אַז אין אַ געוויסער הינזיכט בין איך געווען דערפאָלגרייך. די קינסטלערישע וועלט, צו וועלכער כ׳האָב זיך געריסן, האָט מיך גוט אויפגענומען. אַריינבליקנדיק אינעם לעבן פון די פאַריזער קינסטלער און זעענדיק, אַז דער רוב פון זיי פאַלט אַריין אין אַ זומפּ פון זנות און שיכרות, איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז אין אַזאַ אַט־מאָספער קען מען נישט שאַפן קיין גרויסע קונסט־ווערק. ווי איר זעט, האָב איך אַלץ אַוועקגעוואָרפן און לויף זוכן דעם „נעכטיקן טאָג“ אין אַ ניי לאַנד. אין ריאָ דע זשאַניירא לעבט מיינס אַ יוגנט־פריינד פון דער אַלטער היים, פון יענער אידילישער צייט אין שטעטל, וועגן וועלכער איר ווייסט אפשר גאָרנישט, אַז אַזוינס האָט אַ מאָל עקזיסטירט. איך פאָר אַהין מיטן גלויבן, צו קאָנען דאָרטן געפינען אַ שטיל, רואיק ווינקעלע, שאַפן און זיין צופרידן. וועט עס מיר געלינגען? אָדער איך זוך מעטערלינגס „בלויען פויגל“, וואָס איז שטענדיק אויף אַ שפּאַן ווייטער פון אונדז.

אַלע האָבן געקוקט אויף יואלן און געשוויגן. עפּעס נישט דער איי־גענער יואל פון נעכטן און אייערנעכטן. ער רעדט איצט ווי אַן עלטערער און דערפאַרענער ברודער, ווי זייער פאָרגייער אין דער גרויסער וועלט אַריין. זיי האָבן געפילט, ווי ער קען פותר־חלום זיין זייערע אַלעמענס פאַרבאָרגענע חלומות. אַרום איז געווען שטיל, אַזוי שטיל, אַז מ׳האָט געהערט יעדן אָטעם־צוג. אַלע האָבן געשפּירט, אַז יואל איז נאָך נישט פאַרטיק מיט זיין ריידן. זיי האָבן זיך ענגער צונויפגערוקט, ווי זיי וואָלטן זיך וועלן קעגנזייטיק באַשיצן פון יואלס שמייסנדיקע אמתן. אַלעמענס בליקן זענען געווען געווענדעט צו אים און יואל האָט מיט נאָך אַן איינ־טימערן טאָן ממשיך געווען.

— איצט וועגן מיין צווייטער וועלט, וועגן שטעטל, פון וואַנען מיר אַלע זענען אין פאַרשידענע צייטן אַוועק אין דער גרויסער וועלט אַריין. אין מיין צייט האָט דאָס שטעטל פאַרמאָגט אַ שיינע יוגנט. די יוגנט האָט באַזוכט ביבליאָטעקן, געזונגען אין כאָר, אויפגעפירט טעאַטער־פאָרשטע־

לונגען און קאָנצערטן, געהאַט פּאַר זיך אידעען און אַמביציע, צו שטייגן העכער, העכער. אונדזער לעבן איז געווען אייגנאַרטיק. אויף די צוזאַמענ־קונפטן אין די חברישע היימען האָט מען נישט אַריינגעטראַכט אין דער פּרעס. מ׳האָט זיך באַגנוגנט מיט געבייטלט ברויט און אַ גלעזל טיי. די באַציונגען פון חברים צו חברטעס זענען געווען עטישע און האַרציקע, אָן שום שפּור פון שלעכטע אינסטינקטן. עס איז אָפּגעהיטן געוואָרן די חשיבות פון מענטש און ריינקייט פון וואָרט. איך וואָלט אייך דערציילט און דערציילט, אָבער איר וועט מיר זיכער נישט גלייבן, אַז בלויז מיט צוויי צענדליק יאָר צוריק האָט אונדזער שטעטל אַזוי אויסגעזען.

אָט דאָס בענקעניש צום דאָזיקן שטעטל אונדזערס, האָט עס מיר צונויפגעפירט מיט אייך אַלע דאָ אויפן צווישנדעק. כ׳בין געלאָפן צו אייך זיך ריינוואַשן פון שמוץ פון דער גרויסער וועלט. זיך טובלען אין דער קדושה און האַרציקער פריינדשאַפט, וואָס כ׳האָב געמיינט, אַז איר פירט מיט זיך מיט פון שטעטל. באַלד אין אָנהייב האָב איך געהאַט אַ פאַרדאַכט, אַז כ׳בין זיך טועה. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איר, פאַרלאָזנדיק דאָס שטעטל, האָט פאַרגעסן מיטצונעמען אַ גאָר וויכטיקן באַגאַזש — דעם גייסטיקן פאַרמעג און די גוטע מידות. איך האָב אָבער געזוכט אויף אייך מלמד זכות צו זיין — אַ יוגנט אָן אַן אויסוועג, אָן פרייהייט, אָן אַ מעגלעכקייט, אָן אויסזיכטן אויף אַ בעסערן מאָרגן. אָבער קיין פאַרענט־פער האָב איך אַלץ נישט געפונען, ווייל גראָד אין אייער טרויעריקער לאַגע האָט איר, מער ווי ביז איצט, געדאַרפט זיך קלאַמערן אין די אַמאָ־ליקע גייסטיקע ווערטן פון שטעטל, כדי צו קאָנען, ווי אונדזערע זיידעס, בייקומען די צרות פון גלות און אויסטראָגן די האָפענונג אויף גאולה. זאָגט מיר, וואָס פאַראַ קולטור־באַגאַזש פירט איר מיט זיך מיט?

יואל האָט נישט געוואַרט אויף קיין ענטפער און איז באַלד, מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, פון זיי אַוועק. קיינעם האָט זיך נישט געלייגט די צונג עפּעס צו זאָגן, און שטילערהייט זענען זיך אַלע פונאַנדערגעגאַנגען, יעדער אין זיין ווינקל. יעדער האָט געפילט, ווי יואל האָט אים אָנגעהאָנגען אַ שווער פּעקל, און ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבן זיי אויף די געלעגערס נאָכגעטראַכט וועגן זייער אמתער לאַגע.

די קומענדיקע טעג האָבן זיך געצויגן מאָנאָטאָן, פּוסט. חברה האָט

זיך צונויפגעזאַמלט, געפּרווט זינגען, שפּילן אין פאַנטאַן, נאָר ס׳האָט זיך נישט געקלעפּט, ווי יעדן וואָלט דערקוטשעט איין און די זעלבע פראַגע.

ס׳האָט אויסגעזען, ווי פּלוצעם האָבן די נעכטיקע שאָלטעקעוואַטע יינגלעך און מיידלעך, וואָס האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דעם גאַנצן יאָך פון סטאַטעטשנער באַלעבאַטישקייט און געוואָלט ווערן הפקר־מענטשן, דערזען, אַז זיי האָבן מיט דעם גאָרנישט אויפגעטאָן און וועלן צו גאָרנישט דערגייען. זיי האָבן דערפילט אַן אומדירעקטע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן המשך פון דער גייסטיק־יידישער וועלט.

אמת, רוזשקען, און, מעגלעך, נאָך אַנדערע, וועלן זיי נישט זיין בכוח אָפּצורייסן פון זייערע וועגן, צו פאַרדינען זייער ברויט דורך זנות, אָבער אַז די דאָזיקע זאָלן פון זיי אָפּלאַכן, דאָס וועלן זיי נישט דערלויבן. זיי וועלן זיך אָפּזונדערן און דערמיט אָפּווישן דעם פלעק פון דער גרופּע, אַז אַלע זענען ווי זיי אויסגעלאַסן. אומדערוואַרט און אין גאַנצן נישט אָפּגערעדט צווישן זיך, איז געקומען דער באַשלוס. ווען איינער פון די עלטערע מאַטראָסן איז, ווי געוויינלעך, געקומען צו רוזשקען האָבן אים עטלעכע פרויען געוואָרנט, אַז ער האָט נישט מער נאָך וואָס אַהער צו קומען. און ווען ער איז נישט אַזוי שנעל אַוועקגעגאַנגען, איז אויף אים געפלויגן אַ נאַסע שמאַטע און זיין ווייסער אוניפאָרם האָט זיך פאַר־וואַנדלט אין אַ מלבוש פון אַ קוימענקערער.

יואל האָט זיך פון צייט צו צייט אַראָפּגעכאַפּט אויפן צווישנדעק, צו זען וואָס עס הערט זיך, אפשר קאָן ער עמעצן מיט עפּעס בייהילפיק זיין. ער האָט דערציילט, אַז מען דערנענטערט זיך צו די ברעגעס פון ריאָ דע זשאַנייראָ און העפלעך, אָבער כמעט אָפּגעפרעמדט, פלעגט ער זיך מיט אַלעמען געזעגענען און צוגעזאָגט ווידער זיך אַריינצוכאַפּן, ווען נאָר ער וועט האָבן אַ געלעגנהייט.

סאָניע פלעגט אויסנוצן די געלעגנהייט און כאַפּן מיט אים אַ שמועס אין פראַנצויזיש. זי פלעגט ביי אים פרעגן אויף פּעדראָן און ווי ער פאַרברענגט די צייט אויפן אייבערשטן דעק. יואל איז געווען העפלעך, ווי שטענדיק, זי האָט אָבער נישט געקענט אַריינגיין מיט אים אין אַן איב־טימען שמועס. טייל מאָל איז זי אַ פּאָר מינוט לענגער געבליבן שטיין לעבן אים, ווייל ס׳איז געקומען ווער פון די בחורים און געפרעגט וועגן

די ידיעות, וואָס דער שיף־ביולעטין גיט איבער. יואל האָט גערן איבער־דערציילט וועגן די וואַלן אין ענגלאַנד, די קאַמפּן אין כינע, רעגירונגס־קריזיס אין פראַנקרייך און צוגעגעבן זיינע קאָמענטאַרן.

אויפן אייבערשטן דעק איז געווען וואַרעם, נאָר דאָ, אויפן צווישנ־דעק איז געווען טריב, ווי ס'זענען איצט געווען די געמיטער פון דער עמיגראַנטן־חברה. ס'האָט אויסגעזען, ווי דאָס וועטער שפּילט מיט מיט זייערע שטימונגען.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט האָט די שיף אָנגעהויבן גיין לאַנגזאַמער און דורך די פענצטער האָט מען דערזען, ווי ס'דערנענטערט זיך די יבשה. די שיף איז אַריינגעפאָרן צווישן צוויי גרעסערע אינדזלען, האָט זיך אויסגעדרייט און אַראָפּגעלאָזט די אַנקערס. די מאַטראָרן פון דער שיף האָבן זיך אָפּגעשטעלט און די שטילקייט האָט אַלעמען אַרויסגעטריבן אויפן דעק. די שיף איז געשטאַנען אין אַ גרויסן וואַסער־באַסיין, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אָזערע אין אַן אומבאַקאַנט צויבער־לאַנד.

ביים טיש, ווו יואל האָט געגעסן צוזאַמען מיט פעדראָן און זיין פאַ־טער, האָט דער לעצטער אָנגערופן די אינדזלען מיט זייערע נעמען. ער האָט אַרויסגעזאָגט זיין השערה, אַז דער גואנאבארא־קאַנאַל און דער פּאָרט זענען, מסתמא, פאַרנומען, דעריבער וועט די שיף בלייבן איבער נאַכט ביי די ברעגעס פון עסטאדאדא־ריא און ערשט מאָרגן אין דער פרי וועט מען זי אַריינפירן אין האַפן.

יואל איז אַרויף אויפן דעק. לענג־אויס דעם ים־ברעג, ביי עסטאַדאַ־דא־ריא, האָט מען געזען אַ פאַרם און מענטשן, וועלכע זענען נאָר וואָס געקומען פון פעלד און זיך געגרייט צום אָוונטברויט און רוען. אייניקע האָבן זיך געבאָדן אין וואַסער. האַרט ביים ברעג, הינטער אַ צעוואַקסענעם מאַנגאָ־בוים, איז געשטאַנען אַ געדעקטער טיש. די קי האָט מען געמאָלקן און די קעלבלעך, פאַרשלאָסענע אין שטאַל, האָבן געמעקעט. אין דער זייט אויפן הויף זענען געשטאַנען אויסגעשפּאַנטע וועגענער. אויפן גאַנצן ים־ברעג איז געלעגן אויסגעשפּרייט אַ געמיטלעכקייט, אַ שלווה, וואָס האָט פאַרכישופט און דערמאָנט אין צויבער־מעשהלעך.

מיט אייפער האָט יואל נאָכגעקוקט אין זיין בינאָקל יעדע באַוועגונג אויף דער פאַרם, לענג־אויס דעם ברעג, ווי ער וואָלט וועלן דערנענטערן

צו זיך דאָס רואיקע לעבן פון אונטערן מאַנגאָ־בוים. ווי גוט וואָלט אים געווען, ווען ער דרייט זיך דאָרט אַרום אין לייוונטענע הויזן און אין בלויזן העמד, מיטן קעסטל פאַרבן, פּאַליטרע און אָנגעצויגענעם לייוונט.

ווי ס׳געשעט אין די סובטראָפּישע לענדער, איז פּלוצעם צוגעפאַלן די נאַכט. יואל איז געשטאַנען און געקוקט ווי די פינצטערניש הילט איין די פאַרם אין אַ שוואַרצן פלעק, און בלויז אויף דער קרוין פון מאַנגאָ־בוים צינדן זיך אָן שוואַכע פייערלעך, וואָס בלענדן און ווינקען צו אים, ער זאָל אַריבערקומען...

אויף דער אַנטקעגנדיקער זייט פון שיף האָבן די פּאַסאַזשירן מיט שטוינענדיקע בליקן באַוווּנדערט די ים־ליכטער, וואָס האָבן פאַרפלייצט דעם ברעג און די שטאָט ריאָ דע זשאַנייראָ. יואל איז געווען פאַרמאַטערט, איז ער אַוועק אין זיין קאַבינע און אין די קליידער זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן בעט. ער האָט זיך ערשט אויפגעכאַפּט, ווען די מאַטראָזן פון שיף האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן. די שיף האָט זיך אַריינגעגליטשט אין דעם גואַנאַבאַרא־בעקן, וווּ אויפן ברעג ליגט די וועלט־שטאָט ריאָ.

דורכן פענצטער פון זיין קאַבינע האָט ער נאָך געקאָנט כאַפּן אַ בליק אויפן ים־ברעג פון עסטאַדאַרא־ריאָ, אויף דער פאַרם, וועלכע ער האָט נעכטן ביי נאַכט איבערגעלאָזט איינגעהילט אין חושך. ס׳האָט זיך אים געוואָלט אַריבערשפּרינגען דעם באַריער פון דער שיף, אַ שווים טאָן צום ברעג, דערלאַנגען צו דער פאַרם און דאָרט זיך באַזעצן.

אָבער וואָס וועט שוין אַרויסקומען, אַז ער וועט אַנטלויפן פון דער וועלט? — האָט ער געטראַכט. חוץ דעם איז עס אויך נישט עטיש — לאָזן רחלען אַליין און פאַרשווינדן. ער מוז דאָך איר לכל הפּחות פריער זען, קריגן ביי איר אַן ענטפער אויף אַלע זיינע פראַגן און ערשט דאַן וועט ער קאָנען באַשליסן, וואָס ווייטער צו טאָן.

אין געדאַנק פּרוווט ער זיך פאָרשטעלן זיין ערשטע באַגעגעניש מיט רחלען. נאָר מאָדנע, וויפל ער זאָל נישט פּרוּוון אויפלעבן אין זיין געדעכעניש רחלס געשטאַלט, געלינגט עס אים נישט. ער שטרענגט זיך אָן, צו דערזען איר אויף איינעם פון זייערע שפּאַצירן אין שטעטל; אַ זומער־קלייד מיט ווייסע קייקעלעך אויף אַ בלויען הינטערגרונט, אַ ברייטער שטרוי־הוט, וואָס פאַרשאָטנט איר שיין מאָט געזיכט און אירע

מאַנדל־אויגן. פון דער טאַליע הענגען אַראָפּ עטלעכע לענטעס פון דעם זעלבן שטאָף מיט בלייענע קייקעלעך אַראָפּצושווערן, און ווען זי טוט זיך אַ דריי ווּילעריש, צעפליען זיך די לייכטע פאַסן אויף אַלע זייטן און שאַפן אַ ברייטן קרייז אַרום איר. אָבער וואָס קומט דאָ פאָר? ער זעט דאָך גאָר רוזשקעס פיגור, ווי זי דרייט זיך אַזוי פרעך און איז אויסן צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פון די מענער, דער עיקר פון די מאַטראָסן... צו איר סטאַן...

רחלע איז נישט רוזשקע! — כאַפּט ער זיך אַזש מיט דער האַנט ביים קאָפּ. מיט אַלע כוחות פאַרטרייבט ער רוזשקעס שאָטן און באַמיט זיך צוריקצוברענגען רחלס געשטאַלט, אַזוי ווי ער געדענקט זי פון שטעטל — ווי זי גייט ביי זיין זייט און הערט זיך צו, ווי ער דערציילט וועגן פאַר־שידענע זאַכן. אין מיטן דערציילן הייבט זי אויף צו אים אירע מאַנדל־אויגן, אין וועלכע ער פלעגט זען גוטמוטיקע פייערלעך... נאָר וואָס געשעט דאָ ווידער ... דאָס איז דאָך גאָר סאָניע, וואָס גייט לעבן אים און קוקט אַרויף צו אים מיט אַזוי פיל טרויער און אומבאַהאָלפנקייט... נאָך מער, ער הערט דאָך ווי זי רעדט צו אים און דערציילט וועגן איר אומגליקלעך לעבן אין שטעטל, וועגן פאַריז און איר קייקלען זיך באַרג־אַראָפּ. דערנאָך וועגן איר אַנטלויפן צוריק אַהיים, אין שטעטל אַריין, און איר חתונה מיט אַן אַרבעטער, צו וועמען זי פאָרט איצט...

יואל האָט זיך באַמיט צו באַפרייען פון דאָזיקן קאָשמאַר, וואָס האָט אים געהאַלטן ווי אין הינערפּלעט. ער איז אַריין אין באָד־צימער, זיך לאַנג געוואַשן, ווי וועלנדיק אָפּשווענקן פון זיך אַלץ, וואָס דערמאָנט אים אין דער פאַרגאַנגענהייט. מיטן אויסשטייגן היינט פון דער שיף אין ריאָ דע זשאַנייראָ וויל ער עפענען אַ ניי בלאַט אין זיין לעבן. זיין באַשלוס האָט אים צוגעגעבן מוט.

ער האָט אויסגעזען זאָרגלאָז. אָנגעטאָן אַ ווייס געפּרעסט העמד, איבערגעבונדן אַ קינסטלער־קראַוואַט, אָנגעטאָן דעם קרעם־אַנצוג, די ווייסע שיך און, אַ קוק טוענדיק אין שפּיגל, האָט ער צו זיך אַליין אַ שמייכל געטאָן. ער האָט אויסגעזען ווי איינער, וואָס גייט אויף אַ ראַנדעוווּ און וויל זייער געפעלן ווערן... ער האָט אויף גיך פאַרטיק געמאַכט דעם פרי־שטיק, וואָס מ׳האָט איצט סערווירט אויף טאַצן, ווי אַ לייכטן צובייס. ער

האָט נאָך געהאַט בדעה אַראָפּצוכאַפּן זיך אויפן צווישנדעק, זיך געזעגענען נאָך אַ מאָל מיט אַלעמען, נאָר אָט האָט מען אָנגעהויבן אַראָפּלאָזן די פּאַסאַזשירן פון דער ערשטער קלאַס, ער האָט גענומען זיין וואַליזע מיט דער בילדער־טעקע און זיך געלאָזט צום טראַפּ, וואָס פירט צו דער יבשה.

## קאַפּיטל זיבן

# דער וועג־ווייזער

אויפן שטיינערנעם בריק אין פּאָרט זענען געשטאַנען מענער און פרויען און אָפּגעוואַרט זייערע פריינד. טייל האָבן שוין דערקענט זייערע נאָענטע אויפן דעק און צו זיי אַריבערגעשריען אויף פאַרשידענע לשונות.

מ׳האָט אָנגעהויבן אַראָפּקומען פון דער שיף. מען איז זיך געפאַלן אין די אָרעמס, געקושט. טרערן און פרייד. יואל איז אַראָפּ פון די טרעפּ און געבליבן שטיין אויפן ברוק. ער האָט שוין געהאַט אַראָפּגעשטעלט די וואַליזקע און זיך אַרומגעקוקט, צי ער וועט צווישן עולם דערקענען רחלען, נאָר ער האָט זי נישט געזען. זיינע אויגן האָבן נאָך אַ מאָל דורכגענישטערט צווישן אַלע פרויען. ווען ס׳האָט זיך אים געדאַכט „אַז אָט איז זי!" — איז גאָר וועד אַראָפּ פון שיף און יענע האָט זיך אים געוואָרפן אין די אָרעמס.

אין גאַנצן אומבאַמערקט פאַר אים איז דורכן זייטיקן טויער אַריינגעקומען ראַקעל, אַזוי האָט זיך רחל גערופן אין פּאָרטוגעזיש. זי איז גלייך צו צו די פּאַסאַזשירן, זיך אַרומגעקוקט און דערקענט דעם, וועמען זי האָט געזוכט. ער איז גראָד געשטאַנען און געקוקט אין אַן אַנדער ריכטונג, נאָך אַלץ זוכנדיק רחלען צווישן די פרויען, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען. דערווייל איז רחל צוגעקומען זייער נאָענט צו אים. זי האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער זיין וואַליזקע און אויפן צוגעקלעפּטן צעטל איבערגעלייענט זיין נאָמען... וועלנדיק אים איבערראַשן, האָט זי אויף יידיש אַ זאָג געטאָן:

— איר זוכט נישט אַ מאָל דעם נעכטיקן טאָג, פאַניע בערמאַן?

איר שטימע האָט ער באַלד דערקענט. ער האָט זיך האַסטיק אויסגע־דרייט אין דער זייט פון וואַנען די שטימע איז געקומען און זיך אַרומ־געכאַפּט מיט רחלען. אין ביידנס אויגן האָבן געפינקלט טרערן. אַ ווײַלע האָבן זיי זיך דורך די מיט טרערן פאַרגאָסענע אויגן אָנגעקוקט און גע־וואָלט צוריק געפינען זייער פאַרבונדנקייט, זייער נאָענטקייט, זייער פאַר־פלויגן לעבן אין שטעטל, זייער שטילע ליבע.

רחל איז געווען זייער עלעגאַנט געקליידט; אין אַ זײַדענעם קאָסטיום, שטרוי־הוט מיט ברייטע ראַנדן, קראָקאָדיל־לעדערנע שיך, אַ טייערן האַנט־בייטל מיט אַ שמאָל פּאַסיקל פון זעלבן לעדער אויף דער טאַליע. זי האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ רייכער טוריסטין, וואָס האָט זיך דאָ אָפּגעשטעלט, צו פאַרברענגען די וואַקאַציעס און וועט נאָכן סעזאָן צו־ריקפאָרן אין איר היימלאַנד.

זי האָט מיט ווייבערישער נייגעריקייט אָנגעקוקט יואלן. ס׳האָט איר געלאָקט זיין גוט־אַנטוויקלטער קערפּער־בוי, זיין אייראָפּעיִשע קליי־דונג, זיין האַלטן זיך.ביידן האָט זיך איצט געוואָלט ריידן וועגן עפּעס, וואָס זאָל זיי צוריקברענגען צו זייער אַמאָליקער וועלט. נאָר דער רוישי־קער אַרום האָט נישט דערלאָזט זיך צוריקקערן צו די טרוימערישע פאַרנאַכטן אין פאַרחלומטן שטעטל.

פון צווישנדעק האָט מען אַריבערגעוואָרפן אַ בריקל, ווי איבער אַ שמאָל טייכל, און פון דער שיף האָבן גענומען אַראָפּגיין די אימיגראַנטן. אַ מאַן און אַ פרוי מיט אָפּצייכענונגען אויף די אַרבל, פאָרשטייער פון יידישן אימיגראַנטן־שוץ־קאָמיטעט האָבן פון אַ צעטל אויסגערופן די נעמען פון די פּאַסאַזשירן און זיי גרופּירט אויף איין אָרט. מ׳האָט אַראָפּ־געטראָגן קוישן, וואַליזעס און פּעק בעטגעוואַנט. דאָס אַלץ אָנגעלאָדן אויף אַ וועגעלע און צוגעפירט צו דער קאָנטראָל־קאַמער.

די נייע אימיגראַנטן האָט מען געלאָזט וויסן, אַז נאָכן דורכגיין די קאָנטראָל־קאַמער וועט מען זיי אָפּפירן אינעם אימיגראַנטן־הויז. יואל האָט זיך געוואָלט געזעגענען מיט זיינע פריינד פון צווישנדעק און געבעטן רחלען, זי זאָל מיטגיין מיט אים. נאָר זי האָט קורץ געענטפערט:

— כ׳וועל בעסער דאָ צוואַרטן.

יואל האָט דאָס אָנגענומען ווי אַ האַלטינג, פון נישט וועלן זיך מישן מיט אָרעמע אימיגראַנטן. ער האָט זיך פאַר איר אַנטשולדיקט און צו־געגאַנגען צו זיינע לאַנדסלייט. אַלע האָבן זיך מיט יואלן דערפרייט און געבעטן, ער זאָל זיי באַזוכן אין אימיגראַנטן־הויז. סאָניע האָט דורכויס געוואָלט וויסן, אויב די וואָס שטייט דאָרט לעבן זיין וואַליזע, איז זיין גע־ליבטע. חברה, ווידער, איז באַשטאַנען, ער זאָל זיי פאָרשטעלן און באַ־קאַנען מיט זיין געליבטער. דערווייל איז אָנגעקומען דער פאָרשטייער פון אי־מיגראַנטן־שוץ־קאָמיטעט און האָט געפרעגט, וועגן וואָס עס גייט דאָ. אַ קוק טוענדיק אויפן עלעגאַנטן פּאָרל, אויף וועמען די חברה האָט אָנגע־וויזן, האָט ער יואלן אַוועקגערופן אין אַ זייט און אים שטרענג געוואָרנט, ער זאָל נישט דערוועגן צוגיין צו די אימיגראַנטן, און זיך אָפּטראָגן צו זיין געליבטער. סאָניע האָט פון ווייטן גערופן יואלן. זי האָט געוואָלט, ער זאָל פאַרשרייבן איר אַדרעס, נאָר דער מאַן פון קאָמיטעט האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג.

צוריקגייענדיק צו רחלען, איז יואלן איינגעפאַלן, אַז עפּעס איז דאָ נישט גלאַטיק. דאָס וואָס רחל האָט נישט געוואָלט אַהין צוגיין, און דאָס נישט לאָזן אים ריידן מיט די אימיגראַנטן אין רחלס אָנוועזנהייט, איז אים געוואָרן שטאַרק פאַרדעכטיק. ער האָט זיך אָבער געמאַכט נישט וויסנדיק און איבערגעלאָזט אויף שפּעטער, צו דערגיין די סיבה דערפון.

אויך זיינע פריינד פון צווישנדעק זענען געווען איבערראַשט פון דער האַנדלונג פון פאָרשטייער פון קאָמיטעט. נאָר די איינציקע, וואָס האָט אַלץ אויפגענומען ווי זעלבסטפאַרשטענדלעך, איז געווען רחל. באַלד ווי יואל איז צו איר צוריקגעקומען, איז זי מיט אים אַריין אין קאָנטראָל־קאַמער און געשטעלט זיך אין דער ריי וואַרטן אויפן אינספּעקטאָר.

אין דער קאָנטראָל־קאַמער האָט זיך יואל באַגעגנט מיט פּעדראָ און זיין פּאָטער. ער האָט זיי פאָרגעשטעלט פאַר רחלען, און אין אַ שמועס, וואָס האָט זיך צווישן זיי אַנטוויקלט, האָט זיך יואל דערוווּסט, אַז רחל קען זייער גוט פּאַריז. זי זאָל דאָרטן כלומרשט האָבן געווען אין גע־שעפטלעכע ענינים. ביים געזעגענען זיך האָבן פּעדראָ און דער פּאָטער געגעבן זיי דעם אַדרעס און פאַרבעטן צו קומען אין זייער גוט אויף

וואַקאַציעס. זיי האָבן זיך געזעגנט און רחל מיט יואלן זענען אַוועק אין דער ריכטונג פון דער יידישער געגנט אין שטאָט — צו דער פּראַסאַ־אַנזע.

*

זיצנדיק לעבן רחלען אין דער טעקסי האָט יואל געהאַט בדעה צו פרעגן איר איין פראַגע: צי זי איז ווירקלעך צופרידן מיט זיין קומען? ער האָט געוואָלט אויף איין מאָל זיך דערוויסן טויזנטער זאַכן: צי זי איז פאַרהייראַט? צי זי האָט געבענקט נאָך אים? מיט וואָס זי באַשעפטיקט זיך, אַז זי דאַרף אַזש צוליב געשעפטן פאָרן קיין פאַריז? און פאַר וואָס, אַז זי איז שוין יאָ געווען אין פאַריז, האָט זי אים נישט אָפּגעזוכט? ער האָט זי אַרומגענומען, דערפילט זי נאָענט לעבן זיך און אַלע זיינע פראַגן האָבן זיך צונויפגעפלאָכטן אין איין פראַגע — צי איז זי גליקלעך מיט זיין קומען? ער האָט שוין געוואָלט אַרויס מיט דער פראַגע, אָבער אין דעם מאָמענט האָט ער דערזען, אַז אירע אויגן זענען פאַרטונקלט... זי קוקט ערגעץ אין דער ווייט און אויף איר שיין מאָט פנים שפּיגלט זיך אָפּ טרויער. האָט ער שוין די איינע פראַגע אויך נישט געפרעגט, און אַזוי זענען זיי שווייגנדיקע אָנגעקומען צום איינגאַנג פון אַ האָטעל.

אויך רחל האָט געהאַט אַ סך אים צו פרעגן און נאָך מער צו דער־ציילן, אָבער זי האָט זיך דערפון אָפּגעהאַלטן. זי האָט געהאַלטן פאַר גלייכער, ער זאָל צו ערשט זיך טרעפן פּנים אל פּנים מיטן נייעם לעבן. דעמאָלט וועט ער עס אַנדערש פאַרשטיין און אויפנעמען.

זיי זענען אַריין אין דער לאָבי פון האָטעל, וווּ עס איז פאַר יואלן געווען רעזערווירט אַ צימער. רחל האָט געעפנט איר האַנט־בייטל, כלומרשט אַ קוק צו טאָן אין שפּיגעלע, און דערווייל האָט זי אַרויסגענומען געלט און אַ וויזיט־קאַרטל מיט איר אַדרעס און טעלעפאָן, עס אים געגעבן און מיט אַ געמאַכטער פריילעכקייט אים אויפגעקלערט, אַז זי וווינט אין אַ וייטן גויישן קוואַרטאַל, האָט זי אים נישט געוואָלט נעמען צו זיך און בעסער דאָ באַשטעלט פאַר אים אַ צימער... דאָ וועט ער זיין אין צענטער פון דער יידישער פּראסא אַנזע און ווען ער וועט וועלן, וועט ער קענען צוקומען צו איר.

יואל האָט מיט איר מסכים געווען. ס׳וועט טאַקע אַזוי בעסער זיין.

דאָ וועט ער טאַקע האָבן די געלעגנהייט צו באַקענען די יידישע געזעל־שאַפט. ער האָט זי געלויבט פאַר איר אויפמערקזאַמקייט און אין זיך האָט ער געפילט, אַז אונטער דעם אומשולדיקן אויסרייד ליגט אַ טיפערע סיבה. ער האָט אָבער אַפילו מיט קיין בליק נישט געגעבן אָנצוגעהערן, אַז ער שטויסט זיך אָן, פאַר וואָס זי וויל, ער זאָל איינשטיין אין אַ האָטעל אויף דער פּראַסאַ אָנזע...

זיי האָבן זיך געזעגנט און יואל איז נאָכגעגאַנגען דעם האָטעל־פּאַרטיער, וואָס האָט געטראָגן זיין וואַליזע צו אים אין צימער. ווען ער איז שוין געווען ביים עלעוויטאַר, האָט ער פּלוצעם דערהערט ווי רחל רופט אים. ער איז געבליבן שטיין. זי איז צוגעקומען, געגעבן אים אַ פאַר־מאַכטן קאָנווערט און שטיל געזאָגט:

— נעם דאָס מיט זיך. עפן אויף דעם קאָנווערט און לייען, וואָס איך שרייב. איך האָף, אַז אַ סך זאַכן וועלן דיר קלאָר ווערן... דערווייל באַמי זיך באַקענען די פּראַסאַ, כ׳מיין, די יידישע געזעלשאַפט.

יואל האָט פאַרשטאַנען, אַז רחלעס בריוו וועט פאַר אים פונאַנדער־וויקלען דעם פּלאָנטער, וואָס ער האָט ביז איצט נישט געקאָנט באַגרייפן.

פון רחלעס טרויעריקע בליקן האָט ער אַרויסגעלייענט פאַרלעגנהייט, און אָנשטאָט צו זאָגן איר עפּעס האָט ער זי אַרומגענומען און געקושט... זי איז שנעל אַרויס דורך דער פאָדערשטער טיר און זיך אַריינגעזעצט אין דער וואַרטנדיקער טעקסי. באַגלייטנדיק זי מיט די בליקן האָט ער באַ־מערקט, אַז אירע באַוועגונגען האָבן זיך פּלוצלונג געענדערט, ווי אַ שטיק פרעמדקייט וואָלט אין איר אַריינגעוואַקסן.

ווי נאָר ער איז אַריין אין צימער האָט ער באַלד געעפנט דעם קאָנ־ווערט, וואָס האָט אים געדאַרפט אויפקלערן אַ סך זאַכן. ער האָט אַרויס־גענומען עטלעכע בייגעלעך פּאַפּיר, מיט קרומע שורות — געשריבן, ווייזט אויס, אין איילעניש.

דאָס ערשטע זייטל האָט געהאַט בלויז עטלעכע שורות און געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן אַריינפיר צום עצם בריוו. ער האָט געלייענט:

„יואל, איבערלייענענדיק דעם בריוו וועסטו זיך דערוויסן, אַז דאָ איז דער יידישער יישוב צעטיילט אויף ערלעכע און אומערלעכע אָדער, ווי מ׳רופט זיי דאָ, טמאים. איך געפין זיך צווישן די לעצטע. אויב דו וועסט,

דערוויסנדיק זיך וועגן אַלץ, דאַך באַשליסן צו זיין מיין פריינד, קענסטו מיר טעלעפאָנירן יעדן טאָג צווישן 12 און 5 נאָך מיטאָג. אין קעגנפאַל, זאָל דאָס זיין מיין לעצטער בריוו צו דיר. אָרדן זיך איין דיין לעבן און פאַרגעס מיך. אין נאָמען פון אונדזער אַמאָליקער, אַזוי ערלעכער פריינדשאַפט פאָדער איך פון דיר, אַז אין דעם פאַל זאָלסטו מיך אין גאַנצן אויסמעקן פון דיין זכרון. דאָס וועט דיר זיין לטובה״.

אין די אַנדערע באַשריבענע בייגעלעך זענען שוין די געדאַנקען געווען קלאָרער אַרויסגעבראַכט. דאַך האָט ער איינגעזען, לייענענדיק ווייטער, אַז מער, ווי ער האָט זיך דערוווּסט פון אַריינפיר, וועט אים דער בריוו נישט אַנטפּלעקן. וואָס מיינט עס אַזוינס טמאים? — האָט ער זיך געפרעגט — פאַר וואָס פּרוּווט זי זיך פאַרענטפערן פאַר אים? פאַר וואָס גייט זי נישט אַוועק פון זיי, פון די טמאים?

זינט רחל האָט פאַרלאָזט יואלן האָט זי נישט געקאָנט רוען. זי האָט געוווּסט, אַז ער וועט זיך באַלד אָריענטירן אין וואָס פאַר אַ מצב די יידישע געזעלשאַפט געפינט זיך דאָ; זי האָט אָבער אויך פאַרשטאַנען, אַז איר בריוו וואָס האָט אים באַדאַרפט אויפקלערן איר רעטענישפול לעבן, האָט גאָר נאָך מער אַלץ פאַרפּלאָנטערט. ס׳וואָלט בעסער געווען, האָט זי געטראַכט, ווען זי זעצט זיך אַוועק מיט אים ערגעץ אין אַ רואיקן ווינקל און דערציילט אים אַלץ, וואָס זי האָט אַדורכגעמאַכט אין פאַר־לויף פון די יאָרן, זינט זי האָט כלומרשט חתונה געהאַט מיט איר קוזין אין קליינעם שטעטל. אָפנהאַרציק און ערלעך האָט זי אים באַדאַרפט דערציילן, אַז מען האָט זי מיט כוח געבראַכט קיין ריאָ דע זשאַנייראָ און איר גענויט אויפצונעמען געסט אין אַ הייזל. זאָל ער וויסן אַז איר מאַן איז געווען אַ פינצטערער פאַרשויך, וואָס האָט זי פאַרנאַרט, פאַר־קויפט און זיך מער נישט געוויזן פאַר איר. אַ דאַנק מסיע אַרנאָלד האָט זי זיך אַרויסגעריסן פון דער געפאַלנקייט און איז איצט אַן אָנפירערין אין דער זעלבער וועלט, אין וועלכער זי איז געווען געפאַנגען.

זי איז געווען זיכער, אַז יואל וועט איר פאַרשטיין, אַז זי האָט קיין ברירה נישט געהאַט און ער וועט אפשר אויך פאַרגעבן. זי ווייסט אָבער, אויף וויפל זי קען יואלן, אַז ער וועט פון איר פאַרלאַנגען, זי זאָל זיך צוריקציען פון דער טמאיקער געזעלשאַפט. דאָס וויל זי נאָך נישט טאָן.

איז טאַקע בעסער, וואָס זי האָט אים דאָס אַלץ געשריבן אין אַ בריוו און נישט געזאָגט פּנים אל פּנים. זי וואָלט סיי ווי נישט געקאָנט אויס־האַלטן זיין דורכדרינגלעכן בליק און זיכער נישט געקאָנט זיך אַרויס־דרייען פון זיינע צודרינגלעכע פראַגעס. אויפן געדאַנק זענען איר גע־קומען שרעקלעכע בילדער: יואל דערוויסט זיך וועגן איר לעבן, פאַר־בינדט זיך מיט די לייט אויף דער פראַסאַ אַנזע, וואָס באַקעמפן די טמאים, און העלפט אַטאַקירן אירע שותפים. די לעצטע געפינען אויס, ווער ס'איז זייער ענערגישער שונא און דערוויסן זיך וועגן איר שייכות צו אים, שיקן זיי אונטער אַ יונג, ער זאָל יואלן צעשניידן דעם פּנים מיט אַ זשילעטקע, אָדער גאָר אים אַפּראַמען פון וועג...

מער פון אַלץ איז איר געגאַנגען אין דעם, יואל זאָל זיך נישט דערוויסן וועגן אַלץ פון זיי, די „הייליקע", וואָס האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו ראַטעווען פאַרפירטע יידישע טעכטער, וועמען זיי טוען מיט דעם, אין דער ווירקלעכקייט, אַ בערישע טובה. זיי מאַכן אַ טומל, „ראַטעווענדיק" דאָס אומגליקלעכע מיידל, און דערמיט באַגראָבן זיי זי נאָך טיפער. מען פירט זי אַוועק און מען פאַרשטעקט זי ערגעץ אין אַ ווינקל, אַז מען זאָל איר געביין מער נישט אַנזען.

אַלע מיטלען מוז זי אָנווענדן — האָט רחל באַשלאָסן — כדי אויסצו־מיידן, אַז יואל זאָל זיך טרעפן מיט די דאָזיקע פיינע לייט פון דער יידישער געזעלשאַפט. מען דאַרף אים, לכל הפּחות, אויפקלערן, אַז די דאָזיקע געזעל־שאַפטלעכע טוער מאַכן מער טומל, ווי זיי ברענגען וועמען הילף. דער עיקר — זאָל ער וויסן, ווי אַזוי די אַלע פרויען זענען אַריינגעפאַלן אין אַזאַ תהום.

רחל האָט זיך פאַרטראַכט, געזוכט אַ וועג, ווי אַזוי אויפצוקלערן יואלן דעם אמת, לויט אירע באַגריפן און איר צוגאַנג. ס'איז איר געקומען אויפן געדאַנק אהרן לאַזער, וואָס שרייבט די פּאָעטישע בריוולעך אין נאָמען פון די פרויען, צו זייערע עלטערן אין דער אַלטער היים, אויף וועלכע די אומגליקלעכע פאַרגיסן אַזוי פיל טרערן. ביז איצט האָט זי נאָך מיט אים זיך נישט פאַרשאַפט, זי האָט אָבער געוווּסט, אַז דער דאָזיקער אהרן לאַזער איז דער פּאַסיקסטער פאַר אַזאַ אויפגאַבע. רחל האָט אָנגעקלונגען און פאַר־אָרדנט אַרויסצורופן צו איר אהרן לאַזערן.

ווען אהרן לאַזער האָט דערהערט, אַז מאַדאַם ראַקעל אַליין דאַרף אים

האָבן, האָט ער באַלד געכאַפּט אַ טעקסי און איז געקומען אויף דער פּראַיע, ווו זי פאַרנעמט אַ לוקסוס־אַפּאַרטאַמענט — איינע פון די רייכסטע געגנטן, ווו זעלטן ווער ס׳האָט געהאַט די זכיה דאָרט צו וווינען.

אָנווייזנדיק אַהרן לאָזערן אַ פּלאַץ אויף דער ווערענדע, וואָס איז אַרויסגעהאָנגען איבערן אָפּענעם ים, האָט זי דער דינסט געהייסן דער־לאַנגען אַ קאַלטן טרונק, און צווישן איין זופּ און צווייטן איז זי גלייך צו צום ענין:

— סעניאָר אַהרן לאָזער — האָט זי אָנגעהויבן אָן צערעמאָניעס — מיינער אַ לאַנדסמאַן איז געקומען פון פּאַריז. ער שטייט איין אין אַ האָטעל אויף דער פּראַסאַ און איך וויל איר זאָלט אים באַקענען. אייער אויפגאַבע וועט זיין, אים פאַרצושטעלן דער יידישער געזעלשאַפט אין ריאָ דע זשאַניירא. איך וויל נישט, ער זאָל זיך טרעפן מיט די יאָלדן פון דער פּראַסאַ און זיי זאָלן אים באַאיינפלוסן. אייך, ר׳ אַהרן לאָזער, דאַרף מען דאָך נישט אַריינלייגן אַ לעפעלע אין מויל אַריין... קיין בע־סערן וועג־ווייזער פון אייך דאַרף מען דאָך נישט. איך וועל אייך גוט באַלוינען!

אַהרן לאָזערן איז די אויפגאַבע געפעלן. עפּעס אַ קלייניקייט, ראַקעל אַליין באַטראַכט אים פאַר אַן אינטעליגענט און זאָגט, אַז „קיין בעסערן וועג־ווייזער דאַרף מען נישט״. ער האָט קיין איין פראַגע נישט געשטעלט, גלייך פאַרשטאַנען, ווער דער לאַנדסמאַן איז, זיין שייכות מיט מאַדאַם ראַקעל, און אין וועלכן וועג ער דאַרף אים פירן... זיין חוש האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז ער האָט דאָ אַ שאַנס צו באַווייזן, וואָס ער קען. ער וועט אויסנוצן זיין שאַרפן מוח, אָנווענדן אַלע שפּיצלעך, אַבי נאָר מאַדאַם ראַקעל זאָל זיין פון אים צופרידן.

ראַקעל האָט אים נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, עצהן, ווי זיך צו באַגיין מיט איר לאַנדסמאַן, זי איז אָבער אַריין אין צווייטן צימער און, אַרויס־קומענדיק פון דאָרטן מיט אַ פּעקל באַנקנאָטן אין דער האַנט האָט זי אים געזאָגט:

— סעניאָר אַהרן לאָזער, איך ווייס וועגן אייער אינטעליגענץ, וועגן אייער לערנען אין ישיבות, שפּעטער אין דער סאָרבאָנע, און אוודאי ווייס איך וועגן אייער היינטיקער דאָליע, וויל איך, איר זאָלט אויסנוצן אייער

ווּיסן און אינטעליגענץ אין אייערע שמועסן מיט מיין לאַנדסמאַן. איך קוק נישט אויס, ער זאָל ווערן אַ אונדזעריקער, ער זאָל אַריבערגיין צו אונדז, — איך וויל, ער זאָל אונדזער געפאַלנקייט און אומגליק פאַרשטיין און אונדז אפשר אויך מיטפילן...



יואל איז געזעסן אין עס־זאַל ביי אַ זייטיק טישל און אַרויסגעקוקט דורכן אָפענעם פענצטער אויף אַ געסל אַרום דער פּראַסא אַנזע. די הייזער האָבן אויסגעזען יידישלעך, ווי אַרום דעם פּלעצל אין פּאַריז. די טומל־דיקע קינדער, וואָס האָבן זיך געשפּילט אין גאַס האָבן געהאַט אַ טיפּיש יידישן אויסזען; אייניקע דורכגייער האָבן גערעדט צווישן זיך אין אַ שטעטלשן יידיש, ווי אין דער אַלטער היים.

יואל האָט געקוקט אויפן יידישן געסל, אָבער זיינע געדאַנקען זענען געווען אין רחלס בריוו. אויף אַלץ וואָס דער קעלנער האָט אים געפרעגט האָט ער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, און נישט געוואָלט איבעררייסן זיינע מחשבות. איצט, ווען דער קעלנער האָט געבראַכט דעם דעסערט און מיט אים איז מיטגעקומען אַ מיטליאָריקער מאַן, וועמען ער האָט פאַר־געשטעלט פאַר יואלן „אַלס די רעדנדיקע ענציקלאָפּעדיע פון יידישן יישוב אין בראַזיל״. יואל האָט געהייסן ברענגען קאַווע פאַר צוויי, איינגעלאַדן זיין נייעם באַקאַנטן זיך זעצן און ביידע האָבן שווייגנדיק געטרונקען פון די קליינע טעפּעלעך.

ווען יואל האָט נאָכן אויסטרינקען נאָך אַלץ געשוויגן, האָט אַהרן לאַזער, ווי זיך אַנטשולדיקט פאַר אים:

— איך בין זייער ווייט אַפילו פון אַ כמו ענציקלאָפּעדיע, ווייט אַפילו פון זיין אַ קיצור שולחן ערוך, נאָר כ׳האָב געהערט, אַז אַן אונדזע־ריקער ייד, אַ בן־תורה איז געקומען פון פּאַריז, האָט זיך מיר געוואָלט אויסטוישן אַ תורה־וואָרט מיט אַ יודע־ספר... דערצו האָט מאַדאַם ראַקעל מיך געבעטן כ׳זאָל אייך ווייזן די שטאָט, איז אויב איר האָט נישט דאַ־קעגן, וועל איך אייך ווייזן, ווי אַזוי דער דלות בליט אין איינער פון דער נאַטורס שענסטע שטעט אין דער וועלט.

יואל האָט נאָך פריער געטראַכט, אַרויסצולאָזן זיך אין די גאַסן,

זיך אויסמישן מיטן עולם, זען ווי די פּרויען פאַרברענגען לעבן זייערע הייזער, ווי די קינדער שפּילן זיך אויף די טראָטואַרן און אפשר גאָר כאַפּן אַ שמועס מיט וועמען עס איז. די איינלאַדונג פון אהרן לאַזערן איז דער־פאַר געווען ווי צוגעפּאַסט צו זיין שטימונג: אויסער דעם האָט אים געלאָקט אהרן לאַזערס אַרט ריידן...

זיי זענען ביידע נאָך אַ צייט געזעסן און גערעדט וועגן פאַריז, וועגן די נייע יידישע יישובים אין בראַזיל, אורוגוואַי און אַרגענטינע, וועגן דער לאַגע פון די יידישע יישובים אין אייראָפּע, וועגן די פּרנסות פון יידן אין פאַרשיידענע לענדער, וועגן דעם קולטורעלן מצב פון די דאָזיקע יידישע יישובים און די אויסזיכטן פאַר דער אונטערוואַקסנדיקער יוגנט. אויף אַלע געביטן האָט אהרן לאַזער אַרויסגעוויזן אינטעליגענץ וואָס האָט ביי יואלן אויסגענומען שוין פון דער ערשטער מינוט, ווען זיי האָבן זיך באַקענט. אהרן לאַזערס מיינונגען האָבן פאַרמאָגט טיפן וויסן און זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיט פיינעם הומאָר און שפּילעוודיקן טאָן.

זיי זענען אַרויס פאַר דער טיר, צוגערופן אַ טעקסי, זיך אַריינגעזעצט און געלאָזט זיך פירן איבער דער שטאָט.

די טעקסי איז געפאָרן לאַנגזאַם, ווי אָן אַ ציל. פון וויסקאָנדע דע איטאונא זענען זיי אַרויף אויף דער פּראַסאַ דאַ רעפּובליקאַ, דערנאָך צו גאָמעז פרעירע, פון דאָרטן אויף לאַפּאַ דורך דער פּראַיע קאָפּאָקאַ־באַנאַ. לענג־אויס דעם שיין־געפלאַסטערטן שאָסיי זענען געשטאַנען ריזיקע אַפּאַרטאַמענט־הייזער, וווּ עס האָבן געוווינט די רייכע, פאַר די הייזער — שיינע לוקסוס־אויטאָמאָבילן מיט שאָפערן אין אוניפאָרמען. פון דאָרטן האָט די טעקסי פאַרקירעוועט אין אַ ווירוואַר פון אָרעמע געסלעך מיט הילצערנע הייזקעס. האַלב נאַקעטע קינדער אויף די נישט ברוקירטע גאַסן, זייערע עלטערן זענען באַשעפטיקט אין די גרויסע טעקסטיל פאַב־ריקן, דאָ נישט ווייט, און קומען ערשט אַהיים שפּעט אין אָוונט. אַ ביסל ווייטער אויף די בערג, וואָס רינגלען אַרום די געגנט, איז דער דלות געווען נאָך גרעסער.

אַ געמיש פון „שאָופּאַנאַס", צונויפגעקלאַפּט פון אויסגעשניטענע נאַפט־בלעכן און רעשטלעך פון הילצערנע קעסטלעך. אַרום די הייזלעך האָבן זיך געשפּילט מחנות נאַקעטע און האַלב־נאַקעטע קינדער. אויף די אויס־

געצויגענע שטריק האָט זיך געטריקנט וועש, וואָס האָט עדות געזאָגט, אַז דאָ ווױנען ס׳רוב וועשינס, וואָס אַרבעטן פאַר די רייכע פאַמיליעס פון די אַפּאַרטאַמענט־הייזער.

אהרן לאָזער האָט וויניק גערעדט. פון צייט צו צייט פלעגט ער אָנווייזן אויף אַ בילד, וואָס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן. אויף די דאָזיקע אָרעמע גאַסן האָט מען געקאָנט זען ווי יידישע יונגע־לייט מיט פעקלעך אויף די פּלייצעס און אין די הענט, קלאַפּן אין די טירן פון די אָרעמע שטיבער און לייגן פאַר זייערע סחורות אויף ראַטעס. דאָס זענען די יידישע פּעד־לערס, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי די רייכערע קליענטעלשטשיקעס אויף קאָמיס, אָדער האָבן אַליין געהאַט קרעדיט, צו קריגן ערגעץ אַ פּעקל סחורה און „קלאַפּן״ אויף זייער אייגענעם חשבון.

ס׳זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן בלויז געטראָגן אַ פּעקל קאַרטאָנעס און אין גאַנצן נישט געטראָגן קיין סחורה מיט זיך. די דאָ־זיקע האָבן געהערט צו די שוין אַרויפגעאַרבעטע קליענטעלשטשיקעס, וועלכע שיקן אַרויס קלאַפּערס, צו ווערבירן נייע קונדן און אַליין גייען זיי בלויז איינקאַסירן; אַנדערע האָבן אויך ספּעציעלע אָנגעשטעלטע, אויף צו גיין יעדע וואָך איינמאָנען די אָפּצאָלונגען.

אַהרן לאָזער האָט יואלן אויפגעקלערט די אַלע פּאַזעס פון דאָזיקן יידישן מסחר, וואָס איז אויסגעשטעלט אויף דער גרויסשטאָטישער אָרעמ־קייט, וואָס לעבט אין בלעכענע כאַטעס, ביים ראַנד פון די סאַמע רייכסטע לוקסוס־אַפּאַרטאַמענטן.

די אָרעמע פרויען פון דער געגנט — האָט ער אָנגעהויבן שטיל — פאַרדינגען זיך פאַר דינסטן, קעכינס, וועשינס און טוען אַלע שוואַרצע אַרבעטן. זיי האָבן אַ שוואַכקייט אין אַלץ נאָכצומאַכן זייערע מאַדאַמען. זיי גייען אַרויס קויפן אויף אויסצוצאָלן ביי אַ יידישן פּעדלער, און זוכן אין אַלע ווינקלען ליבע־אַוואַנטורעס. אַרום די אָרעמע כאַטעס פּלאָדיען זיך אָן מחנות קליינע קינדער, וואָס ווייסן נישט פון זייערע טאַטעס, זיי וואַקסן אין שמוץ און עלנט, און ווי נאָר זיי ווערן עלטער, פאַרקויפן זיי שוין די הענט צו אַרבעט.

די יינגלעך פּוצן שיך, טראָגן פּעקלעך, בעטלען און גנבהנען. די מיידלעך אַרבעטן אין די רייכע קיכן, ראַמען די רייכע היימען, ביז זיי

וואַקסן אונטער און עס „באַמערקט" זיי אַ רייכער זונדל, גיט זיך „אַ שפּיל" מיטן מיידל און שיקט זי אַפּ ווייטער... ביז דאָס מיידל הייבט אָן איבערצוגייך פון האַנט צו האַנט. אויב אַזאַ מיידל ווערט נישט אָנגעשטעקט מיט אַ ווענערישער קראַנקהייט, ווערט זי אויפגענומען אין איינעם פון די פּראָס־טיטוציע־הייזלעך אין דער זאָנע. דעמאָלט ווערט זי אויך אַ קונד ביים קליענטעלטשיק און איר קרעדיט איז אָפּהענגיק פון אירע פאַרדינסטן...

די טעקסי האָט זיך לאַנגזאַם געגליטשט איבערן אַספאַלט און יואל האָט זיך מיט אויפמערקזאַמקייט צוגעהערט צו דעם, וואָס אַהרן לאָזער דערציילט. ער האָט באַשיימפּערלעך געזען דעם גייסטיקן ניוואָ פון דעם יידישן יישוב, וואָס האַלט זיך אויפן גרויסן דלות פון דעם פאָלקס־מענטש, וועלכער פאַרדינט קוים אויף צו קענען אָנהאַלטן זיין עקזיסטענץ, און די יונגע פרויען, וואָס פאַרקויפן זיך, אויף אַזאַ אָדער אַנדערן אופן, צו זנות...

די טעקסי האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים אַריינגאַנג צו אַ בית־עלמין. אַהרן לאָזער האָט אַ ווילע געשוויגן, ווי ער וואָלט אַן עצה האַלטן מיט זיך אַליין, צי ער טוט ריכטיק, וואָס ער פירט דעם גאַסט אַהער, אָבער, ווי באַשליסנדיק עפּעס, האָט ער געעפנט דאָס טירל פון דער טעקסי:

לאָמיר אַ ביסל אַרויסגיין אויסגלייכן די פיס.

פון אַ זייטיק טירל איז אַרויסגעקומען אַן עלטערער מאַן און זיך פאַרנייגט פאַר די באַזוכער. עס איז געווען קאָנטיק, אַז אַהרן לאָזערן קאָן ער גוט, ער האָט זיך אויפגעפירט ווי אַן אָנגעשטעלטער אין דער אָנוועזנהייט פון זיין באַלעבאָס.

— דאָס איז אַ יידישער בית־החיים — האָט אַהרן לאָזער אָנגעוויזן יואלן אויף דעם אַריינגאַנג מיטן אויפשריפט און מגן־דוד אויף דעם טויער — דאָס איז פאַקטיש דער סאַמע עלטסטער יידישער בית־החיים אין שטאָט... אויב איר ווילט, לאָמיר אַריינגיין אויף אַ ווילע, אַ קוק טאָן אויף די מצבות.

באַלד ביים אַריינגאַנג איז געשטאַנען אַן אוהל. ביי די זייטן האָבן זיך געצויגן אַלייען מיט קברים און מצבות פון טייערן מאַרמאָר. אַלע אַלייען שיין פאַרפלאַנצט און גוט אָפּגעהיטן דורך אַ געניטן גערטנער.

יואל האָט געשפּאַנט הינטער אהרן לאָזערן און שטיל געלייענט

די נעמען אויף די מצבות אין העברעיש און פאָרטוגעזיש; אַלע מצבות האָבן געהאַט אויבן פאַרצעלייענע בילדער פון דעם נפטר, וואָס רוט אין דעם קבר, און דאַטעס פון געבוירן און טויט. יואל האָט באַמערקט, לייענענדיק, אַז דאָס זענען מייגסטנס פרויען־מצבות, ער האָט געמיינט, אַז ס׳איז דאָ איינגעפירט געוואָרן אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פאַר פרויען. נאָר אָט האָט ער אויף איינער פון די מצבות דערזען אַ בילד פון אַ מאַן מיט אַ באָרד. ס׳איז אים געוואָרן אויפפאַלנדיק דער פאַקט פון אַזוי פיל נפטרות. — הייסט עס — האָט ער געטראַכט, — זאָל עס זיין אַ בית־עלמין בלויז פאַר פרויען? און פאַר וואָס זענען די מערסטע געשטאָרבן אַזוי יונג?..

אויפן געדאַנק איז אים געקומען אַ באַשרייבונג פון אַ יידישן בית־עלמין אין ריאָ דע זשאַנייראָ. ער דערמאָנט זיך איצט ווי דער דאָזיקער שרייבער האָט באַוויינט דאָס שרעקלעכע בילד, וואָס ער האָט געזען — אַ בית־עלמין פון בלויז פרויען! דעם שרייבער האָט זיך אויסגעדאַכט אַז אין דער געגנט איז געווען אַ יידישע מלוכה פון בלויז פרויען און אַלע זענען זיי אויסגעשטאָרבן יונג, אין עלטער פון אַכצן ביז פינף און צוואַנציק יאָר.

עס האָט אָנגעהויבן צופאַלן די נאַכט, דער וועכטער האָט געוואַרט זיי זאָלן אַרויס, צו פאַרשליסן דעם טויער. זיי האָבן זיך אַריינגעזעצט אין דער טעקסי, וואָס האָט אויף זיי געוואַרט, און זענען צוריקגעפאָרן אין שטאָט אַריין. אָפּשטעלנדיק זיך פאַרן אַריינגאַנג אין האָטעל, האָט יואל געבעטן אהרן־לאָזערן, ער זאָל מיט אים עסן אָוונט־ברויט. ס׳האָט אויסגעזען, ווי יואל זאָל מורא האָבן צו בלייבן אַליין אויג אויף אויג מיטן גאַנצן קנויל איינדרוקן, וואָס ער האָט אויף זייער שפּאַציר איינגעזאַפּט.

— און וואָס איז געשען מיט די מענער? — האָט יואל געפרעגט אהרן לאָזערן — וואָס פאַר אַן עפּידעמיע איז עס געווען, וואָס אַלע זענען אויסגעשטאָרבן אַזוי יונג?

אהרן־לאָזער האָט ווי געוואַרט אויף די פראַגן און אויף זיין אייגנאַרטיקן אופן אָנגעהויבן:

— די ערשטע איינוואַנדערער אין דעם נייעם לאַנד, וועלכע האָבן איבערגעלאָזט זייערע פרויען אין די אַלטע היימען און געקומען אָנזאַמלען

אַ ביסל געלט און צוריקפאָרן — די דאָזיקע פאַמיליענלאָזע אַרבעטער זענען עס געווען דער אָנלען פון דער פּראָסטיטוציע, וואָס האָט זיך צעבליט אין לאַנד. די גרויסע אָרעמקייט האָט זיך אַ נעם געטאָן צו דער זנות־פּרנסה. אונטערוועלט־מענטשן האָבן זיך אַרויסגעלאָזט פאַנגען אָרעמע יידישע מיידלעך אין די קליינע שטעטלעך פון אייראָפּע. זיי האָבן אָנגעווענדט פאַרשידענע טריקן, געשטעלט חופות און זיי געבראַכט אין די היגע שאַנדהייזער אַריין... ניט האָבנדיק קיין וועג אויף צוריק, האָבן די אומגליקלעכע פּרויען שלום געמאַכט מיט זייער גורל, און פון זייערע פאַרדינסטן געשטיצט זייערע משפחות אין די קליינע שטעטלעך. לאַנג האָבן זיי אָבער נישט אויסגעהאַלטן. זיי זענען געוואָרן אָנגעשטעקט מיט שווערע ווענערישע קראַנקהייטן און האָבן מיט זייערע יונגע קערפּערס פאַרפולט דעם דאָזיקן עלטסטן יידישן בית־עלמין אין ריאָ דע זשאַניירא... פאַר אַ סך פון זיי איז דער טויט געווען אַ דערלייזונג...

יואל האָט ערשט איצט דערזען, ווי גרויס עס איז דער אָנטייל פון דער יידישער אונטערוועלט אין דער דאָזיקער מיאוסער מכה פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט. אינסטינקטיוו האָט ער אַ צאַפּל געטאָן, ווי ער וואָלט זיך וועלן אָפּשאָקלען פון אַ געשפּענסט, וואָס וויל אים אַריינשלעפּן אין אַ נעץ... ער האָט נאָך אַ מאָל זיך דערמאָנט, ווי דער יידישער שרייבער האָט באַקלאָגט די אומגליקלעכע יידישע טעכטער, געשילדערט, ווי זייערע לעבנס זענען אַזוי יונג און אומברחמנותדיק פאַרשניטן געוואָרן. טרערן האָבן געגלאַנצט אין זיינע אויגן.

קאַפּיטל אַכט

## דער קוואַרטאַל פון רויטע לאַמטערנעס

**ב** **יידע זענען** געזעסן ביים טישל אין עס־זאַל, שוויגנדיק געטרונקען די שוואַרצע קאַווע און געקוקט דורכן פענצטער אין דער גאַס אַרויס. אַן אַנדער וועלט האָט איצט געזען פאַר זיך יואל. אַ וועלט פון אָרעם און רייך, ערלעכקייט און שווינדל, ייד און מענטש, ער האָט נאָך אָבער

נישט געהאַט קיין קלאָרע דעפיניציע פאַר זיינע „אַנטפּלעקונגען"... אהרן לאָזער האָט פאַרשטאַנען, אַז רייד און אויפקלערונגען זענען איצט איבעריק, בעסער, אַז יואל זאָל איצט בלייבן אַליין מיט זיינע איינדרוקן... ער האָט זיך אויפגעהויבן, געגעבן יואלן די האַנט, און שטיל, כמעט פליס־טערנדיק, געזאָגט:

— איך מוז אייך פאַרלאָזן. טאָמער וועט איר מיך אַ מאָל ערגעץ ווו באַגעגענען, איז, ווי גאָט איז אייך ליב, מאַכט נישט די מינדסטע באַ־וועגונג, צו ווייזן, אַז איר קענט מיך. איך מיין עס צוליב אייער טובה וועגן...

ער איז נאָך אַ ווײַלע געבליבן שטיין, ווי ער וואָלט וועלן זען וואָס פאַר אַן איינדרוק זיינע רייד האָבן געמאַכט אויפן מיטשמועסער, און אַגווייַ־דיק מיט דער האַנט אויפן פענצטער האָט ער צוגעגעבן:

— די גאַס לענג־אויס איין זייט פון האָטעל, איז וויסקאָנדע דע איטאונא, פון דער צווייטער זייט — סענאדאָר עאוזעביאָ,ביידע גאַסן פירן צו דער יידישער פּראסא אָנזע, וואָס די יידן רופן „פּראסא נענזע"... אין דעם שטח זאָלט איר זיך באַוועגן און איר וועט דאָרטן געפינען אַלץ, וואָס אייך אינטערעסירט און אַלץ וואָס איר זוכט... איר וועט גע־פינען אַ גוט צימער ביי אַ פאַמיליע; אייער קענען פּראָנצויזיש וועט אייך העלפן געפינען אַ רייכן קליענטעלשטשיק, וועלכער וועט אייך געבן אַ פּעקל מיט זיידנס אויף צו „קלאַפּן" אין די רייכע אַפּאַרטאַמענט־הייזער. איר'ט זיך טרעפן מיט „גרינע" און אויסגעגרינטע אויף דער פּראסא און זיך אָנהערן זייערע צרות; איר'ט טרעפן מענטשן, מיט וועמען איר וועט קענען דיסקוטירן אויף פאַרשידענע טעמעס. איר'ט זיין אַן אַריינ־גייער אין די יידישע געזעלשאַפטן, איר וועט אָנטייל נעמען אין זייערע פאַרזאַמלונגען, און אַפילו ווערן אַ קהלשע קליאַמקע — אויב איר וועט נאָר וועלן. מיט איין וואָרט: איר'ט זיין אַ זעלבשטענדיקער מענטש, איינער פון דער יידישער געזעלשאַפט אויף דער פּראסא... וועט איר וועלן — האָט אַהרן לאָזער צוגעגעבן פאַרטרויליך — איז נישט ווייט פון דאָרטן פאַראַנען די „זאָנע" אויף זשוליאָ דאָ קאַרמאָ, האַרט ביי דער פּראסא, וועט איר דאָרטן קענען אַריינקוקן אין אָפּגרונט, אין תהום פון מענטשלעכער געפאַלנקייט, וואָס מישט זיך אויס מיט די „ווילעס", וועלכע זענען אָנגעשטאָפּט מיט יידישער אָרעמקייט... געדענקט אָבער — האָט

אַהרן לאָזער פֿאַרענדיקט — פֿון אייער טובה וועגן, זאָלט איר מיר קיין מאָל נישט דערקענען, אין ערגעץ... אַ גוטן שבת!

בלייבנדיק אַליין האָט יואל ערשט באַמערקט, אַז דער דאָזיקער מאָדנער מענטש, וואָס איז אַזוי אומדערוואַרט צו אים געקומען און אַזוי פּלוצעם אַוועק — פֿעלט אים אויס. ער האָט גענומען דעם הוט און איז אַרויס אין גאַס, אין דער ריכטונג צו דער פּראַסאַ אַנזע.

ס׳איז געווען פֿרייטיק צו נאַכט. די געשעפֿטן זענען שוין געווען גע־שלאָסן. אין די פֿענצטער פֿון די אייבערשטע שטאָקן, איבער די געשעפֿטן, האָבן געלויכטן שבת־ליכט. יידן זענען געזעסן ביי געדעקטע, שבתדיקע טישן. לעבן אַן אָפֿענער טיר פֿון אַ קאַפֿע־הויז האָט אַן עלטערע יידענע פֿאַרקויפֿט סאָדע־וואַסער, צוקערוואַרג און באַניע־קערן. יואל איז אַראָפּ צו סאַנט אַננאַ. אַ שיך־פּוצער, אַ טונקעלער יונג האָט אין יידיש לשון אים גערופֿן צו זעצן זיך אויפֿן הויכן בענקל, וועט ער אים אָפּפּוצן די שיך. זיצנדיק אויפֿן בענקל האָט ער דעם שיך־פּוצער אַ פֿרעג געטאָן וועגן דער גאַס זשוליאָ דע קאַרמאָ. דער יונג האָט מיט אַ כיטרע שמייכעלע אים געוויזן אין דער לינקער זייט.

די גאַס סאַנט אַננאַ ציט זיך אַוועק אין אַ זייט, אַריינגערוקט, ווי זי וואָלט מאַכן אַ וואַרע פֿאַר דער קירכע אויפֿן נאָמען פֿון עפּעס אַ הייליקער, וואָס האָט גריילעך געקאָנט זיין די באַשיצערין פֿון די געפֿאַלענע פֿרויען. יואל איז אַדורך דורך דער טונקעלער קירכע, וואָס האָט אויף אים אָנ־געוואָרפֿן אַ מרה שחורה, און איז אַוועק אויף זשוליאָ דע קאַרמאָ גאַס.

די גאַס האָט אויסגעזען ווי אַלע אַנדערע גאַסן אַרום: אַ בעקעריי, אַן עסנוואַרג־קלייטל, אַן אַפּטייק און ווייטער — אַ צוויי צענדליק הייזער, ווו עס האָבן געוווינט אָרעמע יידישע פֿאַמיליעס. פֿאַרן אַריינגאַנג אין דער „ווילע״ איז געשטאַנען אַ גרויסע געביידע: אונטן איז געווען אַ פֿאַב־ריק און אויבן — די ביבליאָטעק. גענוי באַקענען זיך מיט דער שלום עליכם־ביבליאָטעק איז אים אויסגעקומען אַ ביסל שפּעטער, איצט האָט ער בלויז באַטראַכט די מענער און פֿרויען, וואָס זענען געזעסן ביים אַריינ־גאַנג אין דער „ווילע״ און אַרום דער געביידע, און די קינדערלעך, וואָס האָבן זיך געשפּילט אויפֿן ליידיקן פּלאַץ אַרום דער פֿינצטערער קירכע. די קינדער האָבן גערעדט פּאָרטוגעזיש, כאָטש עס איז נישט געווען קיין

שום ספק, אַז דאָס זענען יידישע קינדער. די מענער און פרויען האָבן גערעדט אַ יידיש מיט אַ געמיש פון פּאָרטוגעזישע ווערטער. אַ קינד האָט זיך אויסגעגליטשט און יואל האָט געהערט ווי די מאַמע האָט צו אים געשריען: — „יעקב יצחק, לעוואַנטאַ סע!“ אַן עכט יידישער נאָמען אַריינגעפלאָכטן אין אַ פּאָרטוגעזישן זאַץ, האָט געקלונגען קאָמיש.

אַ ביסל ווייטער, אָפּגערוקט פון יידישן בלאָק, האָט זיך פּאַר יואלן אַנטפּלעקט די רויטע וועלט, ווי טייל פלעגן רופן די געגנט פון „רויטע לאַמטערנעס“ אין פּאַריז, אַ ווילע האָט ער זיך אומגעקוקט, ווי ער וואָלט זיך וועלן איבערצייגן, אַז אין גאַנצן עטלעכע טריט פון דאַנען ווױנען פאַמיליעס און קינדער שפּילן זיך אויף דער גאַס... מאָדנע, אויף די מענער און פרויען, וואָס זענען געזעסן פאַרן אַריינגאַנג אין דער „ווילע“, האָט די סצענע, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר זיינע אויגן, נישט געמאַכט קיין שום איינדרוק... עס האָט אויסגעזען, אַז דאָס אַלץ איז דאָס נאַטירלעכסטע און נאָרמאַלסטע אין לעבן...

די ערשטע הייזלעך זענען געווען מיט האַלב־אָפענע טירן — אָפן אין דער אייבערשטער טייל — און אין די עפענונגען האָבן עס די פרויען אויסגעשטעלט זייערע נאַקעטע קערפּערס. גערעדט האָבן זיי פראַנצויזיש, ווי אַן אויסגעלערנטער פּאַפּוגאַי און יעדן פאַרבייגייער טיטולירט מיטן באַקאַנטן „מאָן שערי“. דאָס זענען, ווייזט אויס, געווען נישט קיין צו לוקסוסדיקע „הייזלעך“ און דער פראַנצויזיש איז געווען די מאַרקע, לויט וועלכער די געסט האָבן דערקאָנט די סחורה... די פענצטער פון די דאָזיקע הייזלעך האָבן לויטן געזעץ געמוזט האָבן לאָדנס. זענען אָבער די לאָדנס געמאַכט געווען אַזוי, אַז צווישן איין לייסט און דער צווייטער זענען געווען אַזעלכע שפּאַרעס, אַז מ׳האָט געקאָנט אַרויסזען דעם נאַקעטן פרויען־קערפּער. הינטער די לאָדנס האָבן זיך אַהין און צוריק געדרייט נאַקעטע פרויען וואָס האָבן מיט זייערע יונגע קערפּערס געווונקען אין דרויסן אַרויס.

אַרויף־צו זענען די הייזער שוין געווען געבויט ווי געוויינלעכע פאַמיליען־היימען. ביים אַריינגאַנג זענען געשטאַנען יונגע פרויען, אָנשטענדיק אָנגעטאָן, זיי האָבן די פאַרבייגייער נישט פאַרטשעפּעט, נאָר דעליקאַט אַ רוף געטאָן מיטן פינגער, מיט אַ ווונק, אָדער גאָר ביים נאָמען. דער

אַריינגאַנג אין די זייטיקע צימערן האָט געפירט איבער טרעפּלעך, באַ־דעקטע מיט אַ געבלומטן קאַרפּעט, און אין דעם פּאָדערשטן זאַל האָט דאָס מעבל אויסגעזען ווי אין אַן אויפנאַם־צימער אין אַ באַלעבאַטישער היים.

איינס פון די דאָזיקע הייזער האָט צוגעצויגן יואלס אויפמערק־זאַמקייט. דאָס הויז איז געווען גרעסער ווי אַלע אַנדערע הייזער. די אַנדערשקייט האָט זיך אָנגעזען פון דרויסן. אַרום דעם הויז איז נישט געווען קיין טירל. דער אַריינגאַנג האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי עס וואָלט געווען אַ סאַנאַטאָריע פאַר שווער קראַנקע. יואל האָט אַ קוק געטאָן אין די אָפענע פענצטער פון דאָזיקן הויז. קיינער איז דאָרט נישט געשטאַנען. אין די שויבן האָבן אָפּגעגלאַנצט ליכט, וואָס האָבן געברענט אין צווייטן צימער. ער האָט נאָך אַ מאָל זיך דורכשפּאַצירט פאַרביי דעם הויז און איז אַריין אינעווייניק.

יואל האָט זיך אַרומגעקוקט, אַלע טירן זענען געווען אָפן. פון פירהויז האָבן אייניקע טרעפּלעך געפירט אין אַ באַלעבאַטיש אויס־מעבלירט גאַסט־צימער, וווּ עס זענען געזעסן אייניקע פרויען. אין אַ זייטיק צימער האָבן געברענט ליכט אין אַ שיינער זילבערנער זעקס־רעריקער מנורה, ער האָט שוין געהאַט בדעה אַריינצוגיין אין זייטיקן צימער, אַ קוק טאָן אויף דער מנורה, נאָר פּלוצעם האָט זיך פון אַ דערבייאיקן צימער דערטראָגן אַ באַקאַנטע שטימע. יואל אָבער האָט זיך נישט אָריענטירט, אַז דאָס האָט אהרן לאָזער דערציילט רחלען וועגן זיין באַזוך ביי איר אינטעליגענטן לאַנדסמאַן, און אַז ער איז צופעליק אַריין אין איינעם פון רחלס הייזלעך. ער איז אַרויס פון דאָרטן אַזוי שטיל און אומבאַ־מערקט, ווי ער איז אַריין.

יואל האָט אַרומגעבלאָנקעט עטלעכע שעה ביז ער איז געקומען צו זיין האָטעל. נישט דער ווייטער מהלך, נאָר דער פּלאָנטער אין מוח האָט געהאַמעוועט זיינע טריט. ער איז געגאַנגען איבער דער גאַס, איבער דער פּראַסאַ, זיך אויסגעמישט מיט די שפּאַצירנדיקע, האָט זיך געמיט אויפ־כאַפּן וועגן וואָס זיי רעדן און אומעטום האָט ער געהערט וועגן טאָג־טעגלעכע ענינים. קינדער האָבן זיך געשפּילט אויף דער גאַס און דאָס לעבן איז זיך געגאַנגען זיין נאָרמאַלן וועג. קיינעם איז גאָרנישט געלעגן

אין זינען אַ טראַכט צו טאָן, אַז בלויז אַ פּאָר בלאָקן פון דאַנען, אַ מהלך, אפשר פון צען מינוט גאַנג — רויען זיך שמוציקע נעסטן פון מענטשלעכער געפּאַלנקייט — די זאָנע, די מאַנגאָס. פאַר וואָס אַרט עס קיינעם נישט... פאַר וואָס מאַכן זיי זיך נישט וויסנדיק וועגן דעם?

פאַרמאַטערט פון לאַנגן אַרומשפּאַנען צווישן עולם און נאָכמער דערשעפּט פון גריבלען זיך אין די אַלע דערשיינונגען, וואָס די שענסטע וועלט־שטאָט האָט פאַר אים אַנטפּלעקט, איז ער אַריין אין זיין צימער און זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן בעט. יואל האָט געוואָלט איינשלאָפן און אויף אַזאַ אופן זיך באַפרייען פון די געשפּענסט־בילדער, מיט וועלכע זיין מוח איז געווען פול, נאָר טראָץ זיין פאַרמאַטערטקייט, נישט געקענט איינשלאָפן. וויפל ער האָט זיך נישט באַמיט, צו טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש האָבן די דראַסטישע בילדער אים נישט אָפּגעלאָזט.

ווען ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן האָט ער געכאַפּט אַ דרימל, נאָר דער טומל פון די פאַרקויפערס, וואָס רופן אויס זייערע סחורות, האָט אים אויפגעוועקט. ער איז אַריין אין באָד־צימער, גענומען אַ קאַלטן דוש, אָנגעטאָן אויף זיך אַן אָפּגעטראָגענעם אַנצוג און אַראָפּ אין דערבייאיקן קאַפע עסן פרישטיק.

אין קאַפע זענען געווען פאַרזאַמלט קליענטעלטשיקעס מיט זייערע פעקלעך, גרייט אַוועקצופאָרן אויף דעם „לאַגאר״, ווו זיי אַרבעטן; קאַבראַדאָרן זענען געווען גרייט מיט זייערע פעק קאַרטאָנעס אויף צו קאַברירן; טייל האָבן געוואַרט אויף זייערע פעקל־טרעגערס, די נעגער־יינגלעך, אַנדערע האָבן געוואַרט אויף זייערע באַלעבאַטים, צו נעמען ביי זיי אַ פינפערל אויף שפּעזן. ס׳האָט אויסגעזען, ווי אויף אַ קליינער בערזע. אייניקע זענען אַרויס, אַנדערע אַריין, מען האָט זיך איבערגעגעבן „רע־קאַדאָס״, דערמאָנט אין באַשטעלטע „ענקאָמענדאַס״. זיך נאָכגעפרעגט, אויב עס וויל ווער איבערנעמען צו קאַברירן אַ קונד אויף זיין לאַגאר אָדער קויפן אַ קונד, וואָס האָט זיך פון זיין לאַגאר אַרויסגעצויגן... „זאָל ער אָבער אומבאַדינגט היינט צוגיין אַהין, ווייל מאָנטיק וועט די באַלעבאָסטע שוין פון איר געלט נישט האָבן קיין טאָסטאָן״...

שפּעטער זענען געקומען אַנדערע סאָרטן קליענטעלטשיקעס. זיי זענען געווען געקליידט אין פיינע לייַנענע אַנצוגן און ווייסע ספּאָרט־שיך,

אין זיידענע העמדער, מיט גאָלדענע מאָנאָגראַמען און רינגען אויף די פינגער. זיי זענען נישט געווען ענלעך צו די קליענטעלטשיקעס, ווייל קיין פעקלעך האָבן זיי מיט זיך נישט געהאַט און קיין נעגער־יינגלעך זענען זיי נישט נאָכגעגאַנגען. נאָר פון צייט צו צייט האָט ווער פון זיי אַרויסגענומען פון בוזעם־קעשענע אַ פעקל קאַרטאָנעס און אַ קוק געטאָן, ווו ער דאַרף פריער זיין און אין וועלכער צייט, ווי מ׳קוקט אויף אַ זייגער, צי עס איז שוין צייט צו נעמען די פאַרשריבענע רפואה... זיי זענען געזעסן בהרחבה און לאַנגזאַם געגעסן זייער פרישטיק, זיך נישט געאיילט, ווי זיכער אין זיך, אַז זייערס וועט קיינער נישט צונעמען...

אויך נאָכן ענדיקן עסן האָבן זיי זיך נישט געאיילט און מען האָט זיך דערציילט רכילות וועגן געמיינזאַמע באַקאַנטע, וועגן קאַרטן־שפּיל, זיך געוויזן צירונג אין קעסטלעך מיט וואַטע — אויף מבינות. יואל האָט פון זייער געשפּרעך אָנגעהויבן פאַרשטיין, אַז דאָס זענען די קליענטעל־טשיקעס, וואָס האַנדלען מיט די באַלעבאָסטעס פון די הייזלעך אויף דער זאַנע און איצט שלאָפן נאָך די נקבות נאָכן נעכטיקן יריד... מוזן זיי זיך דאָ אומדרייען ביז מיטיק, ביז יענע שטייען אויף... זייער לשון — אַ געמיש פון יידיש מיט פּאָרטוגעזיש, פּונקט ווי ביי די פריערדיקע קליענ־טעלטשיקעס, נאָר די פריערדיקע האָבן גערעדט וועגן מאַריאָס, „טשוועקעס" און די דאָזיקע האָבן זייערע קונדן, די פּראָסטיטוטקעס, גערופן די „נאַפקעס" און די באַלעבאָסטעס — מאַדאַמען...

יואל האָט געפּרוווט זוכן אין זייערע מינעס, אין זייער טאָן אַ מינדסטן אָנדייט אויף עפּעס אומנאָרמאַלעס אין זייער טאָג־טעגלעך לעבן; אַ חרטה־געפיל פון מענטשן, וואָס מוזן ציען זייער פּרנסה פון אַזעלכע קליענטן... אומזיסט געפּרוווט אַרויסלייענען פון זייער האַלטונג, אַז זיי טוען עס, ווייל זיי האָבן נישט קיין פּאַך און וואָלטן נישט געווען בכוח צו דערנערן זיך און זייערע פאַמיליעס, ווען נישט דער דאָזיקער מסחר מיט די „נאַפקעס" און „פריילעכע" — אַזאַ מין געדאַנק האָט ער בשום אופן נישט געקאָנט אַרויסלייענען פון זייער אָנגעפּרעסענער זעלבסט־צופרידנקייט...

יואל האָט, צווישן אַנדערע, געהערט אויך שמועסן וועגן אייגענע פאַמיליע־ענינים. וועגן איינעמס אַ טאָכטער, אַז איר חתונה וועט פּאַר־

קומען קומענדיקן זונטיק אין דעם גרויסן טעמפל, ווו אַלע וועלן זיך דאָך זיכער טרעפן; וועגן דער בר־מצווה פון איינעמס אַ זון; וועגן איינעם אַן אַלטן בחור, וואָס ווערט אַ חתן פאַר אַ רייך מיידל. עס פאַלט אָבער קיינעם פון זיי נישט איין, צו פאַרטראַכטן זיך, פון וואַנען עס קומט זייער רייכטום...

יואל האָט באַשלאָסן צו דינגען אַ צימער און באַזעצן זיך אויף דער פּראַסאַ. ער איז כמעט געווען זיכער, אַז וווינענדיק אין דער געגנט און באַקענענדיק זיך נענטער מיטן היגן לעבן, וועט ער דאַן קענען באַשליסן צו וואָס זיך צו נעמען. אפשר וועט ער טאָקע, ווי אהרן לאָזער האָט אים געראַטן, נעמען אַ פּעקל מיט יידענע קאָרטלעך ביי אַ קליענטעלטשיק און פּרווון אַרבעטן אין די רייכע אַפּאַרטאַמענטן.

אין ערשטן הויז, ווו ער האָט באַמערקט אַ צעטל וועגן אַ פריי צימער איז ער אַריין און עס געדונגען. עס איז געווען אַ פאָדער־צימער ביי אַ פאַמיליע, וואָס האָט פאַרנומען דעם אייבערשטן שטאָק פון אַ גרויס שניט־געשעפט אויף סענאַדאָר עאוזעביאָ. ער האָט באַצאָלט פאַר אַ מאָנאַט פאָרויס און איז אַוועק ברענגען זיינע וואַליזעס. ביים אַראָפּגיין פון אייבערשטן שטאָק האָט ער באַמערקט אַ שילדל אויפן טיר: מאַדאַם בער — פּיאַנאָ־לעקציעס.

*

אין שניידערס רעסטאָראַן אויף סאַנט אַננא איז מיטאָג־צייט געשטאַנען אַ טומל פון קומערס און גייערס. טייל האָבן געגעסן, טייל האָבן געוואַרט אויף אַ פּלאַץ צו זעצן זיך עסן. עס זענען אויך געווען אייניקע רעזערווירטע פּלעצער פאַר שטאַם־געסט, מיינסטן נישט־פאַרהייראַטע, אָדער קליענטעלטשיקעס, וואָס האָבן געוווינט ווייט און נישט געקאָנט אַהיימפאָרן אויף מיטאָג. די דאָזיקע שטאַם־געסט פּלעגן לאָזן די קעלנערס גוט טרינק־געלט און זיי פּלעגן האַלטן פאַר זיי אַ פּלאַץ ביי די טישלעך, נישט ווייט פון בופעט און קיך.

אין דעם רעסטאָראַן האָט אויך דער אימיגראַנטן שוץ־פאַראיין געשיקט די נייע אימיגראַנטן מיט קוויטלעך עסן מיטאָג און אָוונט־ברויט. די אימיגראַנטן האָבן געמוזט איבערוואַרטן די קליענטן און ערשט דער־

נאָך האָבן זיי באַקומען עסן. ווען יואל איז אַריינגעקומען אין רעסטאָראַן איז שוין געווען נאָך דער טומל־שעה און ביי די טישלעך זענען געזעסן מענער און פרויען, וואָס זענען געפאָרן מיט אים אויף דער שיף. יואל איז צוגעגאַנגען צו זיי און זיך נאָכגעפרעגט אויף באַקאַנטע, געוואָלט וויסן ווו יעדער איז, ווער ס׳האָט זיך שוין איינגעאָרדנט. וועגן די פרויען האָט ער בכיוון נישט געפרעגט, ווייל ער האָט שוין געוווסט, וואָהין זיי האָבן אַריינגעטראָפן... זיי האָבן אים דערציילט וועגן יעדן איינעם און זיך געחידושט, וואָס מ׳זעט אים נישט אויף דער פּראַסע; אויב ער וויל זיך מיט וועמען טרעפן — זאָל ער צוקומען פאַר נאַכט אויף סאַן קריסטאָוואָן, ביים אימיגראַנטן שוק־פּאַראַיין, וועט ער דאָרטן אַלעמען טרעפן. ער האָט זיי צוגעזאָגט צו זיין דאָרטן פאַר נאַכט און איז אַוועק צו זיין טישל. נאָכן עסן האָט ער זיך צוגעלייגט שלאָפן אויף אַ פּאָר שעה.

פאַר נאַכט האָט ער געגעסן אָוונט־ברויט צוזאַמען מיט באַקאַנטע פון שיף און איז מיט זיי אַוועק לענג־אויס דעם קאַנאַל פון די מאַנגאָס צו דער פּראַסא דא באַנדעירא און סאַן קריסטאָוואָן, צום אימיגראַנטן שוק־פּאַראַיין.

אויפן וועג איז צו רייד געקומען וועגן דער „זאָנע“, וואָס ציט זיך טאַקע לענג־אויס דעם קאַנאַל, בלויז צוויי גאַסן ווייטער אויף לינקס. ווייזט אויס, אַז די מענער זענען שוין דאָרטן געווען און געוווסט מיט וואָס דאָס שמעקט. פאַר די מיידלעך איז עס אָבער געווען אַ גרויס וווּנדער און זיי האָבן געוואָלט מ׳זאָל זיי פירן אַהין אָנקוקן די „הייזלעך“ און די סצענעס אויף דער „זאָנע“, וועגן וועלכע די מענער האָבן אַזוי פאַר־שטעלט גערעדט...

יואל האָט זיך צוגעהערט צום שמועס. אים האָט געוווּנדערט, וואָס אויף אַט די דאָזיקע קליינשטעטלדיקע יונגע־לייט האָבן די סצענעס אויף דער „זאָנע“, וואָס זיי זעען זיכער דאָס ערשטע מאָל אין לעבן, נישט געמאַכט קיין אויסערגעוויינלעכן איינדרוק.

אַזוי שמועסנדיק זענען זיי צוגעקומען צו די אייזערנע שטאַכעטן, וואָס האָבן אַרומגעצאַמט די געביידע פון פּאַראַיין. אויפן טראָטואַר זענען געשטאַנען אימיגראַנטן און זייערע לאַנדסלייט, וואָס זענען זיי געקומען באַזוכן אָדער אָפּנעמען אַ גרוס פון דער היים... אויך סאָניע און רוזשע

זענען דאָ געווען מיט זייערע מענער, וועלכע זיי האָבן אים פאָרגעשטעלט. סאָניע האָט זיך מיט אים אַרומגעכאַפּט, ווי מיט אַן אַלטן געליבטן. מען האָט געשמועסט און דערציילט זיך עפּיזאָדן פון דער רייזע. סאָניע האָט, פאַרשטענדלעך, נישט אויפגעהערט צו דערציילן וועגן איר קראַנקייט אויף דער שיף און יואלן, דעם פריינד, וואָס האָט זי געבראַכט צום דאָקטער... ער האָט נאָך גוט געדענקט, אַז סאָניע איז געקומען צו אים אויפן אייבערשטן דעק מיט דער כוונה זיך אים אָפּצוגעבן און אַז רוזשע און נאָך אייניקע פרויען זענען געגאַנגען פון איין מאַטראַס צום צווייטן... אויף איין לייוונט וואָלט ער איצט געקענט אויסמאָלן די רוזשקעס פון דער שיף, מיט די פרויען, וואָס ער האָט געזען אין די „הייזלעך" אויף דער „זאָנע" און אויף די פאָרצעלייענע בילדער פון די מאַרמאָרנע מצבות אויף דעם פרויען־בית־עלמין אין ריאָ...

אַברהמעלע, וועמען מען האָט אויפן שיף אַ נאָמען געגעבן „דער פּראָפעסאָר", איז אויך דאָ אַרומגעגאַנגען מיט אַ בוך אונטערן אָרעם און דערזעענדיק יואלן האָט ער זיך מיט אים דערפרייט און געוואָלט ביי אים דערגיין, ווו ס'איז אַהינגעקומען יענע גרויסשטאָטישע דאַמע, וואָס האָט אים אָפּגעוואָרט ביים שיף? איז עס טאַקע זיין געליבטע, וועגן וועלכער ער פלעגט אַזוי האַרציק זינגען זיינע באַלאַדעס אין די טונקעלע פאַרנאַכטן אויפן צווישנדעק? ווען יואל האָט פאַרלעגן געשמייכלט און נישט געענטפערט, האָט אַברהמעלע אים געפרעגט:

פאַר וואָס האָט דער פאָרשטייער פון קאָמיטעט אייך נישט צוגעלאָזט מיט אונדז צו רעדן, ווען ער האָט געזען, ווער ס'איז אייך געקומען אָפּוואַרטן ביים שיף?

יואל האָט אויף די אַלע פראַגעס נישט געענטפערט און זיך באַמיט צו שמועסן ווייטער מיט דער זעלבער גרופּע, מיט וועלכער ער האָט ביז איצט געשמועסט. אַברהמלס כיטרע שמייכעלע און די נייגעריקע בליקן פון די אַרומיקע האָט עפּעס געשאַפן אַן אומהיימלעכע שטימונג, ווי די מענטשן וואָלטן וויסן אַ פערזענלעכן סוד זיינעם, נאָר זיי ווילן עס נישט אַרויסזאָגן... ער האָט געפילט זיך צווישן זיי אומבאַקוועם, געפרווט זיך געזעגענען און אַוועקגיין, נאָר אָט איז אַברהמל, מיטן בוך אונטערן אָרעם, צוגעלאָפן, אָנווייזנדיק אויף דער גלעזערנער טיר פון ביוראָ,

אים געזאָגט, אַז דער דירעקטאָר פון קאָמיטעט וויל מיט אים רעדן און בעט אים אַרויפקומען אין ביוראָ.

אין ביוראָ פון קאָמיטעט איז געווען פאַרנאַכטיק טונקל און דער לאָמפּ האָט באַלויכטן דעם האַלב־פּליכעוואַטן קאָפּ פון דירעקטאָר, אַ מיטל־יעריקער מאַן, וואָס איז געזעסן ביים שרייבטיש און לעבן אים אַ געלער יונגער־מאַן, אין וועמען יואל האָט דערקאַנט דעם מאַן מיטן אָרעם־באַנד, וואָס האָט אַראָפּגענומען די אימיגראַנטן פון שיף.ביידע האָבן עפּעס געלייענט פון אַ בויגן פּאַפּיר און אַפילו נישט אַ קוק געטאָן אין זיין זייט, ווי זיי וואָלטן אים נישט באַמערקט. ער האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו באַטראַכטן די ביוראָ: צוויי שרייבטישן, איינער מיט אַ הויכער וואַנט פון פאָרנט און מיט אַ באַוועגלעכן צודעק, צום פאַרשליסן. אויפן וואַנט זענען געהאַנגען בילדער אין שיין־געגילטע ראַמען. אונטער יעדן בילד אַ נאָמען און עפּעס אַ צושריפט, ווייזט אויס, אַז דאָס זענען געווען כיבודים, וואָס מ׳האָט אויף אַזאַ אופן געטיילט פאַרשיידענע עסקנים פון קאָמיטעט.

יואל האָט באַטראַכט די בילדער שטייענדיק מיט דער פּלייצע צו ביידע באַאַמטע. ער האָט זיך נישט געאיילט צו פרעגן, אויב זיי האָבן אים טאַקע אַהער גערופן און ווילן מיט אים ריידן. דער געלער, וואָס האָט אַראָפּגענומען די אימיגראַנטן פון שיף, איז פּלוצעם אַרויס פון צימער און געוואָרפן אַ בליק פון פאַראַכטונג אויף יואלן.

דער דירעקטאָר האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון שרייב־טיש און געבעטן אים זיצן.

ער האָט פאַרריכט די ברילן אויף זיין נאָז, אַ קוק געטאָן אויף יואלן דערנאָך אויפן פּאַפּיר, וואָס איז געלעגן פאַר אים אויסגעשפּרייט אויפן אָפענעם שרייבטיש, און מיט אַ טאָן פון אַן אויספאָרשער געפרעגט:

— סעניאָר בערמאַן, קענט איר מיר זאָגן, נאָך וואָס איר זענט געקומען אַהער און נאָך וואָס איר דרייט זיך אַרום צווישן די אימיגראַנטן און אויף דער פּראַסא בכלל?

— איך בין געקומען זוכן גליקן... פּונקט ווי אַלע אימיגראַנטן. איז פאַראַנען אַ געזעץ קעגן דעם?..

דער דירעקטאָר האָט פאַרלעגן געדרייט דעם בלייפעדער אין האַנט

און לאַנג גערעדט וועגן דעם, אַז ס׳זענען דאָ פּאַראַנען טמאים, וועלכע פּאַרפירן יידישע פרויען, און כדי דאָס צו דערגרייכן נוצן זיי זיך מיט אַלע מינים פּאַרמיטלער... ער האָט דערמאָנט אייניקע פּאַקטן ווען דער קאָמיטעט האָט אויף אַ געלונגענעם אופן אָפּגעראַטעוועט אייניקע ניי־געקומענע פרויען, וועלכע זענען שיער נישט אַריינגעפאַלן אין דער פּאַר־שפּרייטער נעץ פון דער אונטערוועלט...

דער דירעקטאָר האָט אים פּאַרדעכטיקט אָנגעקוקט און יואל האָט אַלץ נישט פּאַרשטאַנען, וואָס ער איז מיט דעם גאַנצן שמועס אויסן.

— סעניאָר זשוליאָ בערמאַן, — האָט דער דירעקטאָר צו אים זיך געווענדעט מיט אַן ערנסטן טאָן — לויט דער פּאָרליגנדיקער אינפאָר־מאַציע, וואָס מיר האָבן באַקומען, זענט איר אויף אַ געוויסן אופן פּאַר־בונדן מיט די טמאים, דעריבער איז אייער קומען אַהער, זיך צו טרעפן מיט די אימיגראַנטן, נישט געווונטשן...

ערשט איצט האָט ער זיך געכאַפּט, נאָך וואָס דער דירעקטאָר האָט אים גערופן אַהער. ער האָט מיט קיין וואָרט נישט געענטפערט, נאָר אַרויסגענומען פון בוזעם־קעשענע זיין טאַש מיט די פּערזענלעכע דאָ־קומענטן, געלאָזן אַרויסגעצויגן אייניקע לעגיטימאַציעס און זיי אַוועק־געלייגט פאַרן דירעקטאָר.

דער דירעקטאָר האָט מיט שטוינונג אָנגעקוקט די לעגיטימאַציעס און בעמענדיק איין קאַרטל אין האַנט, האָט ער אים געפרעגט:

— זענט איר הייסט עס געווען אָנגעשטעלט אין „דזשאָינט“ אין פּאַריז און דאָרטן געאַרבעט מיט מיין פריינד בלום?

יואל האָט שמייכלענדיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

אין איין רגע האָט זיך דער דירעקטאָר געענדערט, נישט צו דער־קענען: געגעבן יואלן די האַנט, זיך פאַר אים אַנטשולדיקט פאַר חושד זיין און דערביי אָנגעוויזן אויפן בויגן פּאַפּיר, וואָס איז געלעגן אויסגע־שפּרייט אויפן שרייבטיש, ווי ער זאָל וועלן אָנווייזן אויף דער סיבה, וואָס האָט אים געבראַכט צום חשד. ער האָט אים געבעטן אַריינקומען צו אים, ווען נאָר ער וועט עפּעס באַדאַרפן און זיך מיט אים וואַרעם געזעגנט.

יואל האָט געשפּירט, ווי עס וואָלט זיך עפּעס געקנוילט ביי אים

אינעווייניק און געווען גרייט צו פרעגן די דאָזיקע קאָמיטעט־מענטשן, צי זיי ווייסן וועגן דעם אַלעמען, וואָס די דאָזיקע רוזשע, סאָניע און אַנדערע פרויען האָבן אויפגעטאָן אויף דער שיף, ווי זיי האָבן זיך גע־לאָזט נאָך יעדן איינעם, וואָס האָט געקאָנט באַצאָלן און דערצו האָבן זיי זיך נאָך ליציטירט אין פאַרוועט, ווער וועמען עס וועט זיין בכוח צו „נעמען אויף דער קאָפּיטע און פאַרטשוועקעווען"... ער האָט אָבער געשוויגן און איז שווייגנדיק אַרויס פון ביוראָ.

אין דרויסן איז שוין געווען טונקל. די מיינסטע אימיגראַנטן זענען זיך צעפאָרן אַהיים און בלויז סאָניע מיט איר מאַן האָבן געוואַרט ביים טויער אויף אים. סאָניע האָט רק געוואָלט, ער זאָל זיי קומען באַזוכן אין זייער וווינונג, וואָס איר מאַן האָט פאַר איר אויסמעבלירט.

סאָניעס מאַן איז פון דער היים געווען אַ שוסטער און דאָ האָט ער געהאַט אַ קלייטל צו פאַרריכטן שיך און ווי ער רימט זיך — מאַכט ער אַ פיין לעבן. ער אַרבעט פון ערשטן טאָג, זינט ער איז אַהער געקומען און די בעסטע זאַך איז דאָ — זאָגט ער — צו האָבן אַ פאַך. ער האָט, גאָט צו דאַנקען, אָפּגעשפּאָרט אַ היפּש ביסל געלט און, אַדרבא, זאָל ער, יואל, אַריבערגעקומען צו זיי און זען ווי זיי לעבן, — ווי אַ פּאָר טייבעלעך...

יואל האָט פאַרצייכנט זייער אַדרעס, צוגעזאָגט צו קומען און זיך צעזעגנט, ווי מיט גוטע באַקאַנטע.

צוריק איז יואל געגאַנגען מיט אַ שווער געמיט. ער האָט געשפּאַנט איבער דער פּראַסאַ דא באַנדעיראַ, לענג־אויס דער גאַס וויסקאָנדע דע איטאַונאַ, דעם קאַנאַל פון די מאַנגעס און געמיט זיך צו באַנעמען דאָס אַלץ, וואָס דאָ קומט פאָר אַרום אים: פון איין זייט, די אומגליקלעכע און געפאַלענע, וועמען די אונטערוועלט־חברה האָט פאַרשלעפּט אַהער און אַריינגעוואָרפן אין אָפּגרונט פון זנות, זיי זענען עס טמאים און אויף זיי ווערט עס געוואָרנט דער „לא יבאו בקהל" (זיי זאָלן נישט קומען אין דער געזעלשאַפט). פון דער צווייטער זייט, שטייט די לעגאַלע געזעל־שאַפט, די ערלעכע. איז אָבער די דאָזיקע, „ערלעכע געזעלשאַפט" טאַקע באמת ערלעך ?..

ווי ער האָט עס שוין באַמערקט, זענען ביידע געזעלשאַפטלעכע גרופּן צווישן זיך ענג פאַרבונדן. די רייכע קליענטעלשטשיקעס האַנדלען פראַנק

און פריי מיט די „נאַפּקעס", ווי זיי רופן זייערע קונדן פון דער אונטער־וועלט. די גרויסע געשעפטן פון מעבל, צירונג, פוטערוואַרג און טייערע קליידער וואָלטן נישט געקאָנט עקזיסטירן, ווען נישט אָט די דאָזיקע קונדן זייערע; הויז־אייגנטימער פאַרדינגען וווינונגען פאַר „הייזלעך". כמעט אַ העלפט פון די יידן, וואָס וווינען אויף דער פּראַסאַ מאַכן אַ לעבן, אומדירעקט, פון דאָזיקן זנות־מסחר.

דער „שיינער ייד", וואָס האָט אַ גרויס געשעפט גיט דעם פּעדלער אַ פּעקל סחורה, ער זאָל גיין „קלאַפּן". קודם גיט ער אים נישט קיין אויסוואַל פון סחורות. וועלכע ער ברויכט. והשנית, רעכנט ער אים פּרייזן מיט 40 פּראָצענט העכער, ווי מען קויפט פאַר קאַסע־געלט. אין אַ קורצער צייט אַרום, ווען דער „קלאַפּער" הערט אויף צאָלן, נעמט ער אים אין גאַנצן צו דעם קרעדיט און ער מוז ווערן אַ סוב־קלאַפּער, אָדער שיקן דאָס ווייב האַנדלען.

אַ סך יידישע פרויען פאַרנעמען זיך טאַקע מיט „קלאַפּן", און זיי פאַרדינען שיין. אָבער די מיינונגען וועגן זיי זענען פאַרשידן. מען קאָן זייער דערפאָלג אויסטייטשן ווי מ'וויל; ביי אַ פרוי קויפט מען בעסער — זי האָט מער פעיִקייטן ביים העלפן אויסוויילן דעם קונה די סחורה. אַנדערע, ווידער, זאָגן, אַז אָט־אָ די פרויען־הענדלערינס טרעפן סוף־סוף צופעליק אַריין אין רייכע הייזער, און דאָרט פאַרדרייט מען זיי די קעפּ מיט עפּעס אַנדערש... זיי ווערן נאָך אַ קורצער צייט רייך, אָבער נישט פון בלויז „קלאַפּן"...

אייגנטלעך — האָט יואל איבערגעקלערט — איז דאָך דאָס דער ברוטאַלסטער קאַמף פאַר עקזיסטענץ. ס'געלינגט, איז מען דער זיגער, ווי אַ בעסאַראַבער קליענטעלשטשיק האָט אים געזאָגט — אי רייך, אי נאָך אַ שיינער ייד דערצו. אָפט מאָל דוכט זיך אים, אַז ער איז שוין דאָ אַזוי לאַנג, אַז ער האָט דאָס אַלץ אַליין דורכגעלעבט און די דאָזיקע עוולהס זענען באַגאַנגען געוואָרן טאַקע קעגן אים אַליין. עס איז מעגלעך — האָט ער פאַרגעזעצט זיין געדאַנקען־גאַנג — אַז גאָר אין גיכן וועט ער אַליין דאַרפן אָנהייבן עפּעס טאָן און די דאָזיקע דערפאַרונגען וועלן אים אפשר אויסהיטן פון אומאַנגענעמע סורפּריזן.

מיט אָט די געדאַנקען איז ער אַריין אין הויז און געוואָלט אַריינ־

גיין אין זיין צימער, נאָר גראָד איז ביי זיינע באַלעבאַטים געווען פאַר־זאַמלט אַ גרופּע מענער און פרויען און זיי האָבן אים איינגעלאַדן, צו זעצן זיך ביים טיש און טרינקען מיט זיי קאַווע.

דער באַלעבאָס האָט אים פאַרגעשטעלט פאַר די פאַרזאַמלטע אַלס אַ גרינעם, וואָס איז ניט לאַנג געקומען פון פאַריז. — דאָ האָט זיך נאָר וואָס פאַרענדיקט אַ זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג פון דער שלום עליכם־ביב־ליאָטעק, וואָס געפינט זיך אויפן אייבערשטן שטאָק פון דער פאַבריק־געביידע, וואָס אויף זשוליאַ דאָ קארמאַ, האָט אים דערקלערט דער באַלעבאָס. זיי האָבן באַהאַנדלט דאָס דורכפירן אַ שלום עליכם־אָוונט און איינער האָט אַפילו פאַרגעלייגט מען זאָל יואלן איינלאַדן זיך צו באַ־טייליקן אין אָוונט.

אייניקע פון די אַנוועזנדע זענען געווען נייגעריק צו וויסן, וואָס ער האָט געטאָן אין פאַריז. יואל האָט זיי דערציילט וועגן זיין ענדיקן די קונסט־שול.

איינער, וואָס האָט געוואָלט שפּילן די ראָל פון אַ פריילעכן לץ, האָט זיך אויפגעשטעלט און אין אַ טעאַטראַלער פּאָזע אַ פרעג געטאָן:

— זאָגט מיר, זייט אַזוי גוט, סעניאָר, הייסט עס, ווען איר זאָלט וועלן, קענט איר מיך, אַזוי ווי איך שטיי און גיי, איצט אָפּמאָלן?

דער עולם האָט זיך געשפּירט אומבאַקוועם און זיך איבערגעוווּנקען אויפן חשבון פון דאָזיקן לץ, אַנדערע האָבן געפּרוּווט פאַרענטפערן זיין טאַקטלאָזיקייט, וואָס נעמט זיך פון צו פיל היימישקייט אין דעם הויז, נאָר יואל האָט נישט מוותר געווען און געענטפערט:

— יעדער מאָלער האָט זיך זיין אייגענעם אַרבעטס־סיסטעם, איינער איז אַ גיכער אויפכאַפּער פון בילדער, אַן אַנדערער, ווידער, סקיצירט און אַנטוויקלט עס ערשט שפּעטער אויפן לייוונט. איך אַליין געהער צו די צווייטע. אויב איר ווילט וועל איך איך ווייזן מיינע אַרבעטן.

ער איז אַריין אין זיין צימער און באַלד צוריקגעקומען מיט אַ פּאַר־טפעל, פון וועלכן ער האָט אַרויסגענומען אייניקע סקיצן, זיי אָוועקגע־שטעלט אויפן קרעדענץ, אַזוי, אַז די שיין זאָל פאַלן אויפן בילד. דאָס זענען געווען עטלעכע פון זיינע „פרויען־קעפּ" און לאַנדשאַפטן פון אַרום פאַריז אין וואַסער־קאָלירן.

אַלע זענען געווען באַגייסטערט פון זיינע בילדער און איינער האָט אַפילו פאָרגעלייגט, מען זאָל אים מאַכן אַן אויסשטעלונג אין דער שלום־עליכם־ביבליאָטעק. ווען אַלע האָבן זיך שוין געהאַט צעגאַנגען, איז נאָך געבליבן דער מאַן, וואָס האָט „געשפּילט" דעם לץ. ער האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר יואלן און אים פאָרגעלייגט, ער זאָל מיט אים צופאָרן מאָרגן צו זיינעם אַ פריינד, וואָס האָט אַ פאָטאָגראַפישן קונסט־אַנשטאַלט און ער איז זיכער, אַז זיי וועלן זיך קאָנען פאַרשטיין און מאַכן עפּעס אַ געשעפט.

ווען יואל איז געבליבן מיט זיינע באַלעבאַטים אַליין, האָט די באַלע־באָסטע געפּרוווט זיך אַנטשולדיקן פאַר דער צודרינגלעכקייט פון דאָזיקן „באָלוואַן" — ווי מען רופט אים דאָ — אָבער יואל האָט דעם אינצידענט געמאַכט צו גאָרנישט:

— ס׳קען זיין, אַז דער יונגער־מאַן מיטן צונאָמען „באָלוואַן" איז גאָר־נישט אויסן געווען, נאָר זיין וויץ איז אים, פּשוט, שלעכט אַרויסגעקומען...

יואל האָט ווידער געהאַט אַ שלאָפלאָזע נאַכט. די איבערלעבונגען פונעם טאָג האָבן אָנגעפילט זיין מוח. אַממיינסטן האָט אויף אים גע־ווירקט, ווי תמיד, דער נאָענטער מענטש און זיין גורל. ער האָט אַריינ־געטראַכט וועגן דער צעבראָכענער קאַריערע פון דעם פיינעם קינסטלער־פּאָרל, ביי וועמען ער האָט געוווינט. פיינע מוזיקער, און דאָ מוזן זיי אַרבעטן ביי אַנדערע פאַכן.

וואָס האָט די דאָזיקע מענטשן פאַרוואָרפן אַהער? פאַר וואָס זענען זיי נישט געבליבן אין אַן אייראָפּעאישן צענטער, ווו זיי וואָלטן געקאָנט זיך פאַרפולקאָמען אַלס קינסטלער?... ער האָט געשפּירט, אַז עפּעס האָט זיי געצוווּנגען, צו פאַרשטעקן זיך אין דאָזיקן געמויזעכץ און חברן זיך מיט די אַרויפגעאַרבעטע קליענטעלטשיקעס, וועלכע ער האָט געטראָפן אין זייער הויז אויף דער זיצונג אַלס פאַרוואַלטערס פון דער שלום־עליכם־ביבליאָטעק אין דער וועלט־שטאָט ריאָ דע זשאַנייראָ.

אין קעגנזאַץ צו זיין טעזע, אַז יעדער קינסטלער, ווען ער באַהאַלט זיך אויס אַפילו אין פאַרוואָרפנסטן ווינקעלע, קען שאַפן גרויסע קונסט־ווערק, איז אים איצט געקומען אויפן געדאַנק, אַז דער קינסטלער מוז האָבן די נייטיקע סביבה, וואָס זאָל אים פאַרשטיין און געבן מוט אָנ־צוגיין מיט דער טאָג־טעגלעכער האָרעוואַניע. עס איז פאַרשטענדלעך,

אַז פריער ווי אַלץ זענען די עקאָנאָמישע באַדינגונגען, דאָס טאָג־טעג־לעכע ברויט, אָבער באַלד נאָך דעם, ווען דו הייבסט אָן — פריי פון דאַגת פּרנסה — צו טאָן דיין אַרבעט אַלס קינסטלער, מוזסטו האָבן אַ געוויסע סביבה, וואָס זאָל דיך פאַרשטיין, ביי וועמען אין די אויגן דיין קונסט זאָל האָבן אַ זין...

דער מענטש, וואָס האָט אים נעכטן צוגעזאָגט פאַרצושטעלן פאַר זיין פריינד פון דעם פאָטאָגראַפישן קונסט־אַנשטאַלט, איז געקומען מיט זיין אויטאָ און אים מיטגענומען אין שטאָט־צענטער. זיין נאָמען, אַל־בערטאָ, האָט ער שוין געוווּסט, נאָר היינט האָט ער אים אויפגעקלערט פון וואַנען עס שטאַמט דער צונאָמען „באַלוואַן" וואָס זיי האָבן אים געגעבן. דאָס איז דערפאַר וואָס אַ מאָל האָט ער געהאַט אַ פערד צו זיין „קאַרעטע" מיטן דאָזיקן נאָמען... אַ ניכפה זאָל זיי אַריין אין די קיש־קעס, זיי ווילן נישט אָפּלאָזן, עס איז שוין אַ שפּאַר שטיקל צייט דורך, זינט ער האָט געהאַט דעם באַלוואַן, און זיי רופן אים נאָך אַלץ „באַלוואַן"...

דאָס קומען באַלד אין דער פרי פון אַלבערטאָ באַלוואַן מיט אַ פרעמדן יונגן־מאַן אין זיין אַטעליע, איז פאַר לייבעלען געווען אַ גרויסער כבוד און האָט אים זייער אָנגענעם איבערראַשט. אָבער, ווען ער האָט געהערט וועגן וואָס ער איז צו אים געקומען, איז זיין פרייד געוואָרן אַ ביסל אָפּגעקילט. ער האָט עס נישט אַרויסגעוויזן אָפן און ווייטער גע־רעדט ווי צו זיך אַליין, אַז אויב אַלבערטאָ האָט אים אָנגעטאָן אַזאַ כבוד, צו ברענגען צו אים אַ יונגן פאַריזער מאָלער, וועט ער זיכער האָבן פאַר אים באַשעפטיקונג.

יואל און אַלבערטאָ האָבן באַקוקט די אַטעליע. אומעטום זענען געווען אָנגעוואָרפן בילדער, האַלב־אויסגעפּאַרטיקטע, ראַמען און צו־געשניטן גלאָז, פאָטאָגראַפיעס און פילמען, און צווישן דער דאָזיקער אומאָרדענונג האָט זיך אַרומגעדרייט דער קליינער לייבעלע אין זיין אַרבעטס־כאַלאַט. מיט אַ גרויסער טשופּרינע און קינסטלערישע בינדע אויפן נישט זייער זויבערן העמד, האָט ער אויסגעזען ווי אַ גרויסע ליאַלקע, וועלכע באַוועגט זיך מיטן כוח פון אַן אָנגעצויגענער פּרוזשינע, וואָס האָט זייער גריילעך געקאָנט שטעקן אין דעם פאַר־מאַסקירטן הויקער אויף דער אויסגעבויגענער פּלייצע.

יואל האָט געלויבט לייבעלעס אַרבעטסזאַמקייט, אַז ער קען איינער אַליין אָנפירן מיט אַזאַ פאַרצווייגטער אונטערנעמונג. לייבעלען איז דער דאָזיקער יונגער־מאַן אויסגעקומען אַ ביסל צו קלוג, ווייל טיף אין האַרצן האָט נאָך ביי אים אַליין געגליט דער פונק פון זיין יוגנט־שטרעבונג, צו ווערן אַ מאָלער און ער האָט נישט זייער געהאַלטן פון זיין מכלומרשטער קונסט, האָט ער חושד געווען, אַז אונטער יואלס פריינדלעכע רייד ליגט אויסבאַהאַלטן דער פאַרדינטער ביטול צו זיין „קונסט־אַנשטאַלט“ און די „קונסט־בילדער“, ער האָט אָבער פאַרלעגן געשמייכלט און צוליב אַלבערטאָן, צו וועמען ער מוז אָפט אָנקומען צו באָרגן געלט, איז ער געווען פריינדלעך צום דאָזיקן „פאַרשייטן פאַריזער יונגן קינסטלער“, ווי ער וואָלט אים אין געדאַנק גערופן.

— אָ, מיינע ליבע פריינד — האָט לייבעלע אַ פּאַך געטאָן מיט זיין קליינער האַנט — ווי ער וואָלט דערמיט ווען באַווייזן די גרויסקייט פון זיין אונטערנעמונג — דאָס איז אַ גרויסע אָרגאַניזאַציע, מיט רייזנדע, קינסטלער, מיט פּראָפּאַגאַנדע און די אַלע מאָדערנע מיטלען. יאָ, עס האָט גענומען געגנוג מי און אַרבעט אויפצובויען אַ סאָלידע אָרגאַניזאַציע!

— וואָס שייך מיין אַרבעט פאַר אייך — האָט לייבעלע זיך געווענדעט צו יואלן — איז האָב איך פאַר אייך אַרבעט וויפל איר וועט נאָר וועלן. איר דאַרפט נאָר האָבן אַ פּלאַץ ווו זיך צו זעצן אַרבעטן. כ׳וועל אייך שיקן בילדער און איר וועט זיי אויסענדיקן. אויב די אַרבעט וועט שיין אַרויסקומען, וועל איך אייך צאָלן טייערער ווי כ׳צאָל געוויינלעך.

יואל האָט אים געדאַנקט און צוגעזאָגט, אַז תיכף גייט ער זוכן אַזאַ פּלאַץ און ער האָפט, אַז אַלץ וועט זיין אין אָרדענונג.

ווען יואל און אַלבערטאָ זענען אַרויס פון פאָטאָגראַפישן „קונסט־אַנשטאַלט“, האָט לייבעלע געגעבן אַ קלאַפּ מיטן קליינעם הענטל אויפן שרייבטיש. ער איז געווען בייז, וואָס אַזאַ גרינער יאָלד איז שוין באַקאַנט מיט אַלבערטאָן, אַ דאַנק וועמען ער וועט קענען צוטרעטן צו אייגענע געשעפטן... לייבעלע האָט אויך פאַרדעכטיקט דעם „גרינעם“, אַז ער האָט זיכער אויסגעלאַכט די דאָזיקע מכלומרשטע קונסט־בילדער, ווי ער אַליין לאַכט זיי אויס, ווען ער איז מיט זיך אַליין...

אַלבערטאָ איז געווען צופרידן, וואָס ער האָט דעם יונגן מאָלער גע־געבן דעם ערשטן אַרבעטס־פּלאַץ.

באַלד פון ערשטן מאָמענט האָט ער געשפּירט אַ פריינדשאַפט צו יואלן. עפּעס איז אין אים נישט געווען פון דער גרויסהאַלטערישקייט, וועלכע שפּאַרט אַרויס פון יעדן איינעם, וואָס האַלט זיך פאַר אַ קענער... ער האָט געזען, אַז ער האָט פאַר זיך אַ פּראָסטן מענטש, האָט ער זיך באַצויגן צו אים פריינדלעך, ווי צו אַ קינד. עפּעס האָט ער לעבן דאָזיקן יונגן־מאַן זיך געשפּירט ווי אַ גלייכער מיט אַ גלייכן. ס'איז אים געפעלן ווי ער רעדט צו אים און גיט אים אַלץ צו פאַרשטיין אויף אַ פשוטן אופן. תמיד רעכנט ער זיך מיט זיין דעה און פרעגט אים איבער:

— „וואָס זאָגט איר, סעניאָר אַלבערטאָ?" — „ווי איז אייער מיינונג, סעניאָר אַלבערטאָ?"

אַפילו דער פאַקט, וואָס ער האָט קיין מאָל נישט געקאָנט זיך לערנען איז אויך נישט זיין שולד, — גיט אים יואל צו פאַרשטיין — דאָס אַלץ איז אַ רעזולטאַט פון דער אָרעמקייט אין די קליינע שטעטלעך. אַלבערטאָ איז געווען אַזוי אויפגעלייגט, אַז זינט זיי זענען אַרויס פון לייבעלעס קונסט־אַטעליע פאָרט ער מיט אים אַרום אין שטאָט און ווייזט אים די גאַסן און די פאַרשיידענע שיינע פּלעצער אין שטאָט, די גרויסע געשעפטן, די בענק, די שיינע געביידעס און דערביי דערציילט ער אים אַז ערשט נישט לאַנג איז נאָך דאָ אַלץ וויסט געווען. דעמאָלט איז ער אַרומגעגאַנגען מיט אַ פּעקל קאָלטשעס און געקלאַפּט אין די טירן. אין גאַנצן איז ער דעמאָלט, ווען ער איז געקומען פון בעסאַראַביע, נאָך נישט אַלט געווען קיין צוואַנציק יאָר.

מיטאָג־צייט זענען ביידע אַריין אין אַ רעסטאָראַן. זיי האָבן געגעסן און געשמועסט וועגן דעם, וואָס זיי האָבן זיך היינט אָנגעזען אין שטאָט און, מאָדנע, אַלבערטאָ האָט אין גאַנצן אַנדערש אויפגענומען אַלץ, וואָס ער האָט שוין צום וויפלסטן מאָל געזען. עפּעס האָט ער גאָר קיין מאָל קיין צייט נישט געהאַט צו פאַרטראַכטן זיך וועגן דעם, וואָס ער זעט יעדן טאָג... מאָדנע, ווי ער ווייסט אַזוי צו דערקלערן דעם באַטייט פון אַלעם. ער זעט אַפילו נישט אויס ווי קיין גרינער, יואל, אָט האָט ער מיטן קעלנער גאָר גערעדט פּראַנצויזיש און ווען זיי זענען פאַרטיק

געוואָרן, האָט ער זיך אַפילו געכאַפּט באַצאָלן, ווי עס פּירט זיך צווישן גלייכע, נאָר, פאַרשטייט זיך, ער וועט אים נישט לאָזן צאָלן, דאָס וועט אַלבערטאָ נישט דערלאָזן. עס טוט אים אָבער הנאה יואלס גרויסשטאָ־טיש פּירעכץ און זיין באַהאַנדלען אים ווי אַ גלייכן.

אין צענטער שטאָט, אויף דער אווענידא ריאָ בראַנקאָ, זענען זיי אַריין אין אַ קאַפע־הויז, וווּ ס׳איז געווען — ווי יואל האָט זיך שפּעטער דערוווּסט — די בערזע פון שמוק־הענדלער, ווי מ׳האָט גערופן די סוחרים פון גאָלד און דימענטן, וועלכע האָבן פאַרקויפט צירונג די פריילעכע „נאַפקעס״.

אַריינקומענדיק אין קאַפע האָט אַלבערטאָ יעדן באַגריסט, ווי ער זאָל זיי וועלן ווייזן, אַז ער איז נישט אָבי ווער, אַ באַוויז: אָט איז ער מיט אַן אינטעליגענטן מענטש, אַזש פון פּאַריז. צו זייער טיש׳ל האָט זיך צוגעזעצט איינער פון די דאָזיקע הענדלער, וועלכער האָט אויף די פינגער געטראָגן טייערע רינגען מיט שטיינער. ער האָט אַלבערטאָן גע־פרעגט, אויב ער האָט דעם יונגן־מאַן שוין געוויזן די שטאָט און דער־ביי דערציילט, ווי אַזוי זי האָט אויסגעזען מיט יאָרן צוריק, ווען ער איז נאָר וואָס אַהער געקומען פון בעסאַראַביע. אַלבערטאָ האָט אים פאָר־געשטעלט פאַר יואלן און דערביי צוגעגעבן, אַז דער דאָזיקער מאָריץ איז דער גרעסטער שמוק־הענדלער אויף דער בערזע און איז „ווערט״ אפשר אַ פאָר מיליאָן.

מאָריץ האָט שוין געוווּסט וועגן יואלס קומען פון פּאַריז און האָט גערן אויסגענוצט די געלעגנהייט מיט אים זיך אַדורכצושמועסן. עס זענען שוין אומגעגאַנגען קלאַנגען אין די קרייזן פון די חברה־לייט, אַז עס איז געקומען צו ראַקעלן אַ געליבטער פון פּאַריז און ווי ער האָט זיך דערוווּסט וועגן איר דאָליע, האָט ער זי אַוועקגעוואָרפן און וויל פון איר נישט וויסן... ביי מאָריצן אין די אויגן איז דער דאָזיקער אומבאַקאַנטער יונגער־מאַן, וואָס האָט זיך אַ מאָל געליבט מיט זיין רחלען נאָך אין קליינעם שטעטל, אויסגעוואַקסן צו אַ לעגענדאַרער פיגור. ער איז אים געוואָרן נאָענט, ווי אַן אייגענער ברודער. ווי נאָר ער האָט אים דערזען האָבן אויפגעוואַכט אין אים אַלע שטורמישע איבערלעבונגען, וואָס ער האָט געהאַט מיט רחלען. די אונטערשטע ליפּ האָט זיך ביי אים

אַ ביסל אויסגעקרומט און זיינע אויגן־אַפּלען האָבן גענומען ציטערן:

— וואָס פרעגט איר, צי איך קאָן ראַקעלן? — האָט ער מיט שטוינונג אָנגעקוקט יואלן — איך קאָן זי, אוי קאָן איך זי! איך בין געווען אין איר שטעטל. געווען איז דאָס מיט אַ סך יאָרן צוריק. דעמאָלט בין איך געווען יונג און שיין, פון אַלע זייטן האָט מען מיר געשטופּט פּעק געלט, אַבי כ׳זאָל נאָר פאָרן און ברענגען לעבעדיקע סחורה. מ׳האָט געוווסט, אַז מיר קאָן מען אָנפאַרטרויען. אַז קיין שום מיידל וועט נישט קאָנען ביישטיין דעם נסיון אַדורכצולאָזן אַזאַ שיינעם חתן. איך בין אַוועק אין שטעטל, גלייך אַריינגעטראָפן צו רחלען און זיך פאָרגעשטעלט פאַר אירס אַ ווייטן קוזין. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און כ׳בין מיט איר פאַרטיק געוואָרן. כ׳האָב מיט איר געשטעלט אַ חופּה אין שטעטל און דער אַלטער מורה הוראה איז געווען דער מסדר קידושין. די גאַנצע צייט האָט זי געדענקט טאַקע, אַז איך האָב פאַזענדאס אין בראַזיל און זי האָט געחלומט, אַז אין בראַזיל וועט זי קענען אַרבעטן און פאַרדינען און שטיצן אירס אַ געוועזענעם געליבטן, וואָס שטודירט אין פּאַריז און וועט אַ מאָל ווערן אַ גאָר באַרימטער קינסטלער... זי האָט אים קיין מאָל נישט אויפגעהערט צו ליבן — האָט זי געזאָגט — נאָר מיט מיר האָט זי חתונה געהאַט, ווייל זי האָט קיין ברירה נישט געהאַט און נאָך איר פאָטערס טויט געמוזט אַוועק פון שטעטל. ווען זי איז געקומען אַהער און זי האָט דערזען צו וואָס איך האָב איר געבראַכט, איז זי נישט געוואָרן פאַרצווייפלט, ווי די אַנדערע קליינשטעטלדיקע מיידלעך אין אַזאַ פאַל, נאָר האָט זיך באַלד פאַרבונדן מיט אַרנאַלדן און מיך פאַרטריבן פון דער חברה... ראַקעל איז שוין איין מאָל אַ פעפערל! מען דאַרף זיין זייער פאַרזיכטיק צו קומען צו נאָענט צו איר... זי קען פאַרברענען... מיר אַליין האָט זי ממש ווי אָפּגעטאָן אַ כישוף... זינט זי האָט מיך פאַרטריבן, קאָן איך זיך קיין אָרט נישט געפינען. כ׳וואָלט נאָך איצט אַוועקגעגעבן מיין גאַנץ פאַרמעגן, כ׳זאָל קענען מיט איר צוריק מאַכן שלום, ווי אַ מאָל, נאָר דאָס איז מיט ראַקעלן נישט מעגלעך.

יואל איז ווי פאַרשטיינערט געוואָרן פון מאָריצעס דערציילונג. ערשט איצט האָט ער זיך אויסגעקענט אויף רחלס קראַפּט, וואָס האָט געקענט

צעברעכן אַזאַ שטיינערדיק האַרץ פון אַזאַ פּאַרשוין, וואָס זיצט קעגנ־איבער אים. ער האָט אַ קוק געטאָן אין מאָריצס אויגן און פאַרשטאַנען אַז די לעצטע ווערטער זיינע „זינט זי האָט מיך פאַרטריבן, קאָן איך זיך קיין אָרט נישט געפינען", זענען ערלעך־אַרויסגעזאָגטע. פאַר אים האָט זיך אַנטפּלעקט רחלס אַ חלום פון אַ יונג מיידל, וואָס וויל זיין רייך. אָבער גליק האָט זי דאָך ביי דעם פאַרשוין נישט געזוכט. ער איז נאָר פאַר איר געווען אַ מיטל צום ציל. און דער ציל איז געווען זי זאָל קאָנען שטיצן איר געליבטן, ער זאָל אויסוואַקסן אַ קינסטלער...

יואל האָט זיך שנעל אָוועקגעדרייט פון דעם פאַרשוין. ער איז געווען צופרידן, וואָס דער שמועס מיט מאָריצן איז געווען אין פראַנצויזיש און אַלבערטאָ האָט קיין וואָרט נישט פאַרשטאַנען.

אין דער פרי איז אַלבערטאָ געקומען מיט זיין אויטאָ און אַרויסגערופן יואלן צו פאָרן אָנקוקן אַ פּלאַץ, ווו איינצואָרדענען זיין אַטעליע. ביז יואל איז פאַרטיק געוואָרן האָט אַלבערטאָ דערווייל געטרונקען אַ שוואַרץ קאַווועלע, וואָס די באַלעבאָסטע האָט אים סערווירט.

פון זיין צימער האָט יואל באַמערקט דורך דער האַלב־אָפענער טיר אַלבערטאָס פּראָפיל, בעת ער האָט געשמועסט מיט דער באַלעבאָסטע פון הויז, סעניאָראַ בער. זיין פעסטער קאַרק און שאַרפער קין האָבן דערמאָנט אין שטאַנדהאַפטיקייט, בעת זיין לאַנגע האַנט, וואָס האָט זיך אים אומבאַהאָלפן געבאָמבלט ביי דער זייט פון זיין מאַסיוון קערפּער, האָט דערמאָנט אין די לאַנגע הענט פון אַ מאַלפּע. אין יואלס אויגן האָט ער אויסגעזען ווי אַ גרויסע גאָרילע, וועלכע מען האָט אַריבערגעבראַכט פון דזשאָנגל אין דער גרויסער שטאָט ריאָ דע זשאַנייראָ.

יואל האָט מיט קיל אָנגעוואָרפן אויפן וואַטמאַן עטלעכע שטריכן און עס האָט זיך באַקומען אַלבערטאָס פּראָפיל. ווען ער איז אַריינגעקומען אין קיך, האָט ער עס אים געוויזן און אַלבערטאָ האָט זיך דערמיט געפרייט, ווי אַ קינד פרייט זיך מיט אַ שפּילצייג. עס האָבן נישט געהאָלפן יואלס אויפקלערונגען, אַז דאָס איז נאָר אַ סקיצע און אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט ער אים אויספאַרטיקן דאָס בילד, — ער האָט נישט געוואָלט וויסן פון קיין זאַך און יואל האָט עס אים געמוזט אָפּגעבן.

אַלבערטאָ מיט יואלן זענען פאַרפאָרן פאַר אַ הילצערנעם טויער. אַריין אין הויף און פון דאָרטן אין „באַראַקאָן", ווו עס זענען געשטאַנען צווײ האַנט־מאַשינדלעך פאַר טריקאָטאַזש און אַ מאַן מיט אַ פרוי האָבן זיך געפּאָרעט, — ער ביים מאַשינדל און זי ביים טיש, אויף וועלכן ס׳זענען געלעגן צוגעשניטענע סוועטערס.

— געהערט איר ווילט פאַרדינגען דעם אַנדערן האַלבן באַראַקאָן — איז אַרויס מיט לשון אַלבערטאָ — וויפל וועט איר וועלן דערפאַר אַ חודש?

איידער ווער פון זיי האָט נאָך געענטפערט, האָט אַלבערטאָ אַרויס־געלייגט דעם גאַנצן יחוס אויפן טיש:

— דער יונגער־מאַן וויל זיך דאָרטן איינאָרדענען אַן אַטעליע.

דאָס מאַנעלע האָט זייער געוואָלט אויסנעמען ביי אַלבערטאָן, וועמען ער האָט געקאָנט פון דער פּראַסאַ, האָט ער מיט אייפער אויסגעשריען:

— וואָס הייסט אַ פּרייז? זאָל דער יונגער־מאַן זיך נאָר אַריינציען, אַז עס וועט אים געפעלן ווערן, וועלן מיר שוין ווי עס איז דורכקומען.

פון הינטערן באַרג צעשניטענע סוועטערס האָט דאָס ווייבעלע אונ־טערגעהאַלטן אין זעלבן טאָן:

— זאָל דער יונגער־מאַן זיך אַריינציען און זען, צי ס׳וועט אים געפעלן.

יואל האָט געענטפערט:

— אָן אַ באַשטימטן פּרייז שטעל איך קיין פוס נישט אַריין.

אַלבערטאָ האָט זיך אַריינגעמישט, מען האָט אָפּגעמאַכט דעם פּרייז און באַצאָלט פאַר אַ מאָנאַט פאָרויס. אויף צו מאָרגנס האָט זיך יואל אַריינגעצויגן אין צווייטן האַלבן „באַראַקאָן".

*

יואל האָט זיך איבערגעטאָן און געוואָלט אַראָפּגיין ערגעץ עסן „זשאַנטע", נאָר דער באַלעבאָס און די באַלעבאָסטע זענען געשטאַנען ביים דורכגאַנג צו דער קיך, ווי זיי וואָלטן אים וועלן פאַרשטעלן דעם וועג, און אים איינגעלאַדן צו עסן מיט זיי אָוונט־ברויט.

יואל האָט באַמערקט מיט שפּאַס:

— אויב עס וועט מיר שטענדיק גיין אַזוי גוט, ווי ביז איצט, וועל איך גאָרנישט דאַרפן זאָרגן וועגן פאַרדינען אויף חיונה...

געזעצט זיך ביים טיש, האָט ער געפּרוּווט זיך מאַכן פריילעך און אָנגע־הויבן דערציילן זיינע איבערלעבונגען פאַר די לעצטע טעג: וועגן אַלבערטאָן; וועגן זיין קליינעם פריינד, דעם פאָטאָגראַפיע־קינסטלער לייבעלע; וועגן דעם קלייניקן פאַר־פאַלק, ביי וועמען ער האָט געדונגען אַ האַלבן „באַראַקאָן" אויף צו זעצן זיך רעטושירן בילדער פאַר לייבעלען, דעם פאָטאָגראַפיע־קינסטלער. אַ ביסל שפּעטער האָט ער, דרך אגב, דערציילט וועגן זיין באַגעגעניש מיט מסיע מאָריץ, דעם שמוק־הענדלער, פון קאַפּע אויף דער אווענידאַ. סעניאָר בער האָט נישט ווילנדיק זיך אַרויסגעכאַפּט:

— ווי קומט איר אין קאַפּע פון די חברה־לייט?

יואל האָט זיך אין דער ערשטער מינוט נישט אָריענטירט, וואָס סעניאָר בער איז אויסן מיט זיין פראַגע, נאָר אין דער פאַרחידושטקייט, אין טאָן, האָט זיך ארויסגעפילט, אַז עפּעס איז עס אַ וויכטיקע פראַגע, וואָס האָט אַ שייכות צו אים. זיינע באַלעבאַטים זענען געבליבן זיצן פאַרטראַכט, ווי זיי וואָלטן איבערגעלעבט אַן אומאַנגענעמע דעראינערונג. אין יואלן האָבן זיי געזען אַ קינסטלער, וואָס איז פונקט ווי זיי פאַרוואָרפן געוואָרן אין דעם דאָזיקן לאַנד, און פון ערשטן טאָג אָן האָבן זיי אַרויס־געוויזן צו אים אַ נאָענטקייט, אין זייער אייגענער עלנטקייט, און געעפנט זייערע הערצער פאַר אים.

פון זייער דערציילן האָט זיך ביסלעכוויז אויפגעוויקלט דער וועג פון צוויי קינסטלער, וועלכע זענען געוועזן נאָענט צו זייער ציל און פול מיט פּלענער אויף דער צוקונפט, נאָר דער גורל האָט געוואָלט, זיי זאָלן בלייבן שטעקן אין דער דאָזיקער וועלט־שטאָט, ריאָ דע זשאַניירא, און אַריינפאַלן אין די הענט פון מאָריצן און זיינע חברה־לייט.

זיי האָבן דערציילט פון יענע צייטן, ווען זיי האָבן שטודירט אין דער מוזיק־קאָנסערוואַטאָריע אין ווין, וווהין זיי זענען ביידע געקומען פון גאַליציאַנער שטעטלעך, האָבן זיך פאַרליבט און חתונה געהאַט. ס׳איז אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה, זיי האָבן זיך געמוזט שיידן, איבערגעלעבט דעם קריג יעדער באַזונדער אין שרעקלעכע צרות, ביז זיי זענען ווידער געווען צוזאַמען, האָבן פאַרענדיקט זייער שטודיום און זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַ קאָנצערט־טור אין דרום־אַמעריקע. ביז אַהער האָט אין זייערע רייד אָפּגעקלונגען אַן עכאָ פון אַ פאַרגאַנגען לעבן, פון צוויי מענטשן,

וועלכע לעבן נאָך אַ מאָל איבער די גליקלעכע צייטן פון זייער יוגנט. נאָר ווען זיי זענען געקומען צו דער געשיכטע וועגן זייער טור איבער דרום־אַמעריקע, וווּ זיי זענען שוין פאַרבליבן, ווי פאַראורטיילטע, אויפן גאַנצן לעבן, האָבן זיך זייערע שטימען איינגעבראָכן... סעניאָראַ בער האָט בגנבה אָפּגעווישט אַ טרער און אָנגעהויבן אַראָפּנעמען פון טיש.

יואל האָט באַמערקט די פאַרלעגנהייט פון זיינע באַלעבאַטים און ער האָט געפּרווּט פאַרבעסערן די שטימונג. ער האָט פאַרצויגן איינע פון זיינע באַליבטע מעלאָדיעס, היינעס „לאָרעליין״:

„איך ווייס נישט וואָס זאָל דאָס באַטייטן,
וואָס אַזוי טרויעריק כ׳בין —
ס׳איז אַ מיראַזש פון גאָר לאַנגע צייטן,
וואָס גייט נישט אַרויס פון מיין זין...״

דאָס ליד האָט זיך צוגעפּאַסט צו דער שטימונג פון זיינע נייע פריינד. פון עס־צימער האָבן אים באַגלייט טרויעריקע פּיאַנאָ־אַקאָרדן און אין דער אָוונטיקער שטילקייט האָט זיך אַריינגעריסן אַ טרוימערישע פאַרכישופטקייט.

זיי האָבן נאָך געזונגען פאַרשיידענע לידער, דועטן און אַריעס, נאָר איבער אַלץ האָט געשוועבט אַ לייכטער אומעט, אַרויסגערופן דורך זכרונות פון דער פאַרגאַנגענהייט. יואל האָט געשפּירט, אַז עפּעס אַ גרויס געהיימעניש דריקט אויפן געמיט פון זיינע נייע פריינד, נאָר ער האָט נישט געהאַט קיין מוט צו עצהן זיי, אַז זיי זאָלן זיך אַראָפּרעדן פון האַרץ, וועט זיי אפשר לייכטער ווערן. ער האָט רעספּעקטירט זייער געהיימעניש און מיט אַלע מיטלען געפּרווּט זיי אויפהייטערן, זיי זאָלן פאַרגעסן אין די דערי־נערונגען, וואָס פאַרפאָלגן זיי. טיילווייז איז עס אים געלונגען.

שפּעט אין אָוונט האָבן זיי נאָך געטרונקען שוואַרצע קאַווע מיט קאַלט וואַסער און איינגעמאַכטס. יואל האָט זיך דערפילט היימיש, ווי ער וואָלט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן אַלע יאָרן פון זיין אין דער פרעמד און זיך צוריקגעקערט אין שטעטל צווישן זיינע יוגנט־פריינד. מ׳האָט זיך דערציילט וויצן, עפּיזאָדן פון „אַמאָל״. אויך זיינע נייע פריינד האָבן ווי אַראָפּגע־

וואָרפן פון זיך דאָס בע ונד, און ס'האָט זיך זיי געדוכט, אַז זיי זענען צוריק געוואָרן יונג און זיי געפינען זיך אין קליינעם שטעטעלע.

אַלע האָבן זיי האַרציק געלאַכט.

✶

די וואָך האָט זיך ביי יואלן געצויגן מאָנאָטאָן און לאַנגזאַם. ביז די סטאָליאַרעס וועלן נישט איינריכטן דעם „באַראַקאָן", ער זאָל זיך קענען נעמען צום רעטושירן די בילדער פאַר לייבעלעס פאָטאָגראַפישן קונסט־אַנשטאַלט, האָט ער נישט וואָס צו טאָן.

אַלבערטאָ קומט יעדן טאָג מיט זיין אויטאָ אים מיטנעמען מיט זיך צו זיינע געשעפטן, נאָר ער האָט שטענדיק כלומרשט עפּעס וואָס צו טאָן זייער בייטיק און ער בלייבט אויף דער „פּראַסאַ". טייל מאָל גייט ער פריער אַוועק פון הויז איידער אַלבערטאָ פאָרט אָן מיטן אויטאָ און הייבט אָן טרובען מיטן בלאָז־האָרן. טייל מאָל פלעגט ער צו פוס צושפּאַצירן צו דעם קליינעם פאַר־פּאַלק, ווו ער האָט געדונגען דעם האַלבן „באַראַקאָן", און מיט זיי פאַרברענגען די גרעסטע טייל פון טאָג.

מאָדנע, וואָס מער ער האָט אָנגעהויבן קומען צו זיי און שמועסן מיט זיי, אַלץ מער האָט זיך פאַרלוירן דער חוזק־איינדרוק, וואָס זיי האָבן געמאַכט אויף אים בעת זייער ערשטער באַגעגעניש. פאַרשטענדלעך, אַז זיי האָבן שוין געוווּסט וועגן אים אַלצדינג, וואָס מען האָט נאָר געקאָנט וועגן אים געוואָר ווערן אויף דער „פּראַסאַ". דאָס האָט געהויבן זיין אָנזען אין זייערע אויגן און כדי זיי זאָלן אים אויפהערן אָפּגעבן אַזוי פיל כבוד און אַזוי פיל טאַנצן אַרום אים, וואָס ס'איז אים פריקרע, האָט ער זיך באַמיט צו זיין פריינדלעך צו זיי און זיך האַלטן ווי זייערער אַן אייגענער, אַ בן־בית. ווען זיי האָבן אים פאַרבעטן, ער זאָל זיי אָנטאָן דעם גרויסן כבוד און עסן ביי זיי „זשאַנטע", האָט ער אָן שום צערעמאָניעס דאָס אָנגענומען און געבעטן זיי זאָלן נישט מאַכן קיין שום ספּעציעלע הכנות. נאָר די גאַסטגעבער האָבן שוין געהאַט אַלץ געפּלאַנט פאַרן דאָזיקן אָוונט און די „זשאַנטע" איז אַרויסגעקומען ווי אין אַ גרויסאַרטיקן נאַכט־קלוב מיט ספּעציעלע ליכט־עפעקטן, בלומען אין אַלע ווינקעלעך און ספּעציעל־פאַרפּוצטע טעלערס מיט עקזאָטישע מאכלים.

יואלן האָט זיך געגלוסט שמייכלען פון דער פּראָווינציעלער פאַרליבטקייט אין ביליקע עפעקטן, וואָס דאָס דאָזיקע פּאָרל האָט מיטגעבראַכט מיט זיך אַהער, נאָר ער האָט אַרויפגעצויגן אַן ערנסטע מינע און באַשלאָסן מיטמאַכן זייער שפּיל. זיין נאַטירלעכער „מערסי", אָדער גאָר „מערסי באָקו" איז געווען פאַר זייערע אויערן ווי טייערע מוזיק און זיי האָבן זיך ביידע נישט אויפגעהערט פּאַסמאַקעווען מיט זיינע עכט־פּאַריזער מאַניערן און פּליסיקן, שיינעם פראַנצויזיש.

נאָכן עסן איז מען געזעסן ביים טיש און מ'האָט גערעדט. דאָס וואָס ער האָט זי רק גערופן סעניאָראַ רייז און זי אים — סעניאָר רייז, האָט יואלן עפּעס אויסגעזען אַזוי מאָדנע, ווי ער זאָל זיך ערשט איצט דערוויסן, אַז זיי האָבן גאָרנישט קיין נעמען. עס האָט אים אויך אויסגעזען מאָדנע, וואָס ביז איצט האָט ער זיי נישט געהערט זיך רופן ביי די ערשטע נעמען...

סעניאָר רייז האָט פון ערגעץ אַרויסגענומען אַ זייער דיקן איינגע־בונדענעם העפט און געבעטן אַ דערלויבעניש ביים גאַסט און ביי סעניאָראַ רייז פאַרצולייענען פון זיינע אייגענע שאַפונגען.

יואל און סעניאָראַ רייז האָבן פייערלעך דערקלערט, אַז זיי וועלן זיין גליקלעך צו הערן זיינע שאַפונגען, ער האָט זיך פאַר זיי פאַרבייגט, ווי מ'טוט עס אויף דער סצענע, און פאַרגעלייענט:

עס טרילט דער פויגל
אין פרייען וואַלד אַליין:
ווער קען זיין שמחה פילן,
ווער קען זיין פרייד פאַרשטיין?

עס טרילט דאָס פייגעלע
אין רייכסטן פּאַלאַץ שיין:
ווער קען זיין ווייטיק פילן,
ווער קען זיין צער פאַרשטיין?

יואלן זענען די פאַרגעלייענטע שורות באמת געפעלן, נאָר עפּעס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער האָט דאָס דאָזיקע ליד, אָדער אַן ענלעכס

צו דעם, ערגעץ ווו געליינט ביי אַ באַקאַנטן יידישן דיכטער. ער האָט אָבער זיין חשד נישט אַרויסגעזאָגט און געלויבט זיינע פּערזן.

דערמוטיקט פון גאַסטס התפעלות, האָט סעניאָר רייז ווייטער געליינט:

זיצט אַ פויגל אויפן צווייג,
ביידע זינגען גלייך...
זיצט אַ פייגעלע אין שטייג —
ביידע זינגען גלייך...

אויך דאָס ליד איז יואלן באמת געפעלן און ער האָט געלויבט סעניאָר רייזס טאַלאַנט, כאָטש ער האָט זיך באַוואָרנט, אַז ער איז נישט קיין צו גרויסער מבין אויף פּאָעזיע. יואלן האָט זיך אָבער אויסגעוויזן, אַז עפּעס שטימט דאָ נישט. אָט לייענט ער פּערזן מיט ריטם, זייער מוזיקאַלישע, און אָט זענען פּערזן, ווו עס קלעפּט זיך נישט אַ וואָרט צו אַ וואָרט, אָן מינדסטן ריטם, אָן מאָס און בכלל אָן וועלכן עס איז געדאַנק. יואלן איז איינגעפאַלן, אַז עפּעס איז נישט גלאַטיק מיט די לידער, וואָס סעניאָר רייז לייענט פאַר אַלס זיינע שאַפונגען... עפּעס האָבן די לידער נישט קיין איינהייטלעכקייט אין זיך, ווי לידער, געשריבענע פון איין מענטש. יעדעס ליד זעט אויס, ווי ס׳וואָלט געווען פון אַן אַנדערן מחבר... יואל האָט זיך אָבער נישט באַמיט אַפילו צו פאַרטראַכטן, פאַר וואָס עס איז אַזוי.

ווער וויסט, ווי לאַנג סעניאָר רייז וואָלט נאָך אַלץ געליינט לידער פון זיין דיקן העפט, ווען סעניאָראַ רייז זאָל אים נישט אָפּשטעלן פּלוצעם אין מיטן לייענען, — אַז עס איז שוין גענוג, ער זאָל צומאַכן דעם העפט, אים צוריקלייגן אויפן פּלאַץ, און גיין וואַשן דאָס געפעס. אָן אַ וואָרט צו זאָגן האָט סעניאָר רייז געפאָלגט און איז אַוועק אין קיך וואַשן דאָס געפעס.

אויף דעם האָט געוואַרט סעניאָראַ רייז. זי האָט געוואָלט געניסן פון גאַסטס אויפמערקזאַמקייט. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט קעגנאיבער אים, אַזוי אַז דער שוואַכער שיין פון די ברענענדיקע ליכט זאָל פאַלן אויף איר, זי האָט פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס, פאַררויכערט אַ ציגאַרעטל, אויך יואלן פאַרגעלייגט אַ פּאַפּיראָס און גאַנץ אומדערוואַרט אים אַ פרעג געטאָן,

וואָס ער דענקט וועגן דער וועלט פון גייסטער און זיין מיינונג וועגן סעניאָר רייזס פּאָעזיע.

יואל האָט געוואָלט זיין פריינדלעך און זאָגן וועגן איר מאַנס פּאָעזיע עפּעס אַ גוט וואָרט, נאָר ס׳האָט זיך ביי אים אַרויסגעכאַפּט, אַז עפּעס זעען די לידער אויס ביי אים אין די אויגן, ווי געשריבן פון פאַרשיידענע פּאָעטן...

— אָט נעמט צום ביישפּיל די ערשטע צוויי לידער — באַמיט זיך יואל צו געבן סעניאָראַ רייז צו פאַרשטיין, וואָס ער מיינט — זיי זענען אויף איין טעמע און דאָך אַזוי פאַרשיידן, ווייט איינער פון צווייטן אין מער ווי איין הינזיכט און ס׳איז שווער צו גלייבן, אַז דאָס האָט איין מענטש געשריבןביידע לידער... — ער האָט געזוכט די פּאַסיקע ווערטער איר צו דערקלערן וואָס ער מיינט. לשם פאַרזיכטיקייט האָט ער אָבער צוגעגעבן, אַז ער איז נישט זיכער, צי ער איז גערעכט, נאָר עפּעס דוכט זיך אים אויס, אַז אייניקע פון די פאָרגעלייענטע פערזן האָט ער ערגעץ ווו געלייענט, ער איז נישט אין גאַנצן זיכער, נאָר עס דוכט זיך אים... ער איז חלילה נישט אויסן חושד צו זיין סעניאָר רייז אין קיין פּלאַגיאַט, נאָר עפּעס חידושט אים די גרויסע ענלעכקייט פון די פאָרגעלייענטע פערזן צו די פערזן פון אַ באַרימטן יידישן פּאָעט... יואל האָט זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז עס קען זיין אַ פּשוטער צופאַל, אָדער אים דוכט זיך בלויז אויס די דאָזיקע ענלעכקייט, וואָס איז זיכער אַ טעות, ווייל די לידער פון באַרימטן יידישן פּאָעט האָט ער געלייענט מיט אַ סך יאָרן צוריק און ער קען זיי נישט גענוי געדענקען... ער האָט געוואָלט מאַכן אַן אויספיר, אַז אַזעלכע זאַכן טרעפן זיך אַ מאָל, נאָר די סעניאָראַ רייז האָט געשמייכלט אים אין פּנים אַריין, אַרויסגעלאָזט דעם רויך דורך די נאָזלעכער און אַ מאַך געטאָן מיטן האַנט:

— וואָס מאַכט איר איך באַריש? איך ווייס דאָך פון וועלכע ביכער און זשורנאַלן ער האָט אַרויסגענומען די פאַרשיידענע שורות און צוזאַמענגעשטעלט די לידער. ער נעמט אַרויס פון איין ליד אַ שורה, פון אַ צווייט ליד — אַ וואָרט, אָדער צוויי, שטעלט אַלץ אויס אין אַן אַנדערן סדר און עס קומט ביי אים אַרויס — לויט ווי ער דענקט — די אמתע פּאָעזיע.

יואל האָט נישט אָנגעהויבן צו באַגרייפן, וואָסער אַרט מענטשן זענען דאָס, נאָר סעניאָראַ רייז האָט אים לאַנג נישט געלאָזט זיין פאַרבליפט.

— שטעלט אייך פאָר — האָט סעניאָראַ רייז אָנגעהויבן אין אַ פאַרטרוילעכן טאָן — אַ מענטש רעדט זיך איין, אַז אַלץ אין דער וועלט איז נישט גוט און זיין לעבנס־אויפגאַבע איז, אַלץ אויסצובעסערן. ער האָט אַ גאַנץ פיינע שטימע, קען פירוש המילות, איז נישט קיין שלעכטער חזן און אין די ימים נוראים אָרדענען מיר איין אַ מנין אין איינעם פון די קינאָ־טעאַטערן אין שטאָט און מיר מאַכן שיינע עטלעכע קאָנטעס, נאָר אַז מען רופט אים אין אַ שול דאַווענען אַ שבת מברכין, לאָזט ער זיך נישט דיקטירן אַ וואָסער נוסח ער זאָל דאַווענען. יעדע תפילה דאַוונט ער לויט זיין אייגענעם איינזען, לויט אַן אַנדער נוסח. עס העלפט נישט דאָס ריידן און בעטן זיך ביי אים. ער טענהט, אַז יעדע תפילה איז אַ שטיק פּאָעזיע, איז געשאַפן געוואָרן פון אַ דיכטער און מען דאַרף די תפילה זאָגן לויטן גייסט פון דאָזיקן דיכטער און לויטן גייסט פון דער צייט, ווען די תפילה איז געשאַפן געוואָרן.

יואל האָט געשוויגן און אין זיך האָט ער געטראַכט, אַז עפּעס איז דאָ נישט אין אָרדענונג מיט דעם דאָזיקן פּאַרל, נאָר ווער עס איז דער משוגענער צווישן זיי, האָט ער ביי זיך נישט געקאָנט אָפּמאַכן.

— ער האָט געקאָנט האָבן אַ פּאָסטן אַלס חזן אין אַ שול — האָט סעניאָראַ רייז גערעדט מיט געוויין אין דער שטים און דערביי געווישט, אָדער געמאַכט זיך ווישנדיק אַ טרער — און מיר זאָלן נישט דאַרפן זיך מאַטערן צו מאַכן אַ לעבן פון די פּאָר סוועטערלעך, וואָס מיר מאַטערן אויס אויף דעם צעבראָכענעם האַנט־מאַשינדל.

סעניאָראַ רייז האָט פאַרבראָכן די הענט, אַרומגענומען מיט זיי די קני און עס האָט זיך געקאָנט אויסדוכטן, אַז דאָס איז זי אַזוי צעבראָכן פון איר אומגליק. דאָס איז אָבער הפנים געווען אַזאַ פּאָזע און האָט געדויערט אַ רגע. אין אַ ווילע אַרום האָט זי שוין ווידער געבלאָזן געמיטלעך דעם רויך פון ציגאַרעטל דורך די נאָזלעכער און דערביי באַשלאָסן אַריבערגיין צו איר אייגענער טעמע, וואָס איז ביי איר געווען די אויפגאַבע פון היינטיקן אָוונט.

— ווייסט איר, סעניאָר זשוליאָ, וואָס עס איז אַזוינס ספּיריטיזם? ניין, איר ווייסט נישט? היינטיקע צייטן זאָל אַן אינטעליגענטער מענטש נישט האָבן קיין אַנונג וועגן דער וועלט פון גייסטער, וואָס פאַרבייט אונדז מיט אונדזערע פאַרשטאָרבענע פריינד? איך קען זיך עס גאָרנישט פאָרשטעלן, נישט אַנדערש איר שפּאַסט!

יואל האָט זיך געוואָלט פאַרענטפערן און דערציילט, ווי ער איז איין מאָל געווען אויף אַזאַ ספּיריטועלן סעאַנס. ער האָט דעמאָלט געאַרבעט אַלס אַנגעשטעלטער אין אַ געשעפט אין וואַרשע, ער איז נאָך געווען זייער יונג, ס'זענען אין דעם זעלבן געשעפט געווען נאָך ייִנגלעך, האָט איינער פון זיי אים איינגעלאַדן צו קומען צו אים אַהיים אויף אַזאַ סעאַנס. זיי זענען געזעסן אַרום אַ טישל, וואָס האָט לויטן ייִנגלס דערקלע־רונג נישט געהאַט קיין איין אייזערנעם טשוואָק אין זיך, זיי האָבן אָנגע־לענט זייערע הענט־געלענקען אויפן ראַנד פון טישל, אין צימער איז געווען פינצטער, און דער איינער, וואָס האָט אָנגעפירט דעם סעאַנס, האָט דעם טישל געשטעלט פראַגן און לויט ווי ער האָט זיי שפּעטער דער־קלערט, האָט דאָס טישל געענטפערט אויף אַלע פראַגן ריכטיק, דורך אויפהייבן און אַראָפּלאָזן זיך אַ געוויסע צאָל מאָל אויף יעדער פראַגע.

די דאָזיקע שילדערונג פון אַ סעאַנס האָט ביי סעניאָראַ רייז אַרויס־גערופן אַ געלעכטער. זי האָט געלאַכט אַזוי הויך, אויפן קול, אַז ס'האָט געקלונגען היסטעריש. יואל האָט זיך שיער נישט דערשראָקן פאַר איר, נאָר פונקט דעמאָלט האָט זי אויפגעהערט לאַכן, אויסגעווישט די טרערן פון די אויגן, ווי זי זאָל זיך צוליב העפלעכקייט וועגן האָבן באַהערשט, און אים אָנגעהויבן דערציילן וועגן אירע דערפאַרונגען אַלס „מעדיום״, צו וועמען די גייסטער ציען זיך, ווו זי זאָל זיך נישט געפינען. איבערהויפּט, ווען עס קומען זיך צוזאַמען אייניקע „מעדיומס״, דעמאָלט קומען פאָר אויסערגעוויינלעכע סצענעס.

— אָט בין איך מיט אַ צווי וואָכן צוריק — האָט זי געמיטלעך אָנגעהויבן דערציילן — געווען אויף אַ געבורטס־טאָג־פייערונג פון אַ טאָכטער פון איינעם פון די „מעדיומס״ און אויסער אים זענען, פאַרשטייט זיך, געווען נאָך אייניקע „מעדיומס״, האָט איר געדאַרפט זען, ווי די גייסטער האָבן זיך געדרייט הינטערן פענצטער און געזוכט אַ געלעגנהייט צו קענען

אַריין אין הויז... שטעלט איך פאַר, סעניאָר זשוליאָ, אַ גייסט פון אַ יונג מיידל, וועלכע איז ביים לעבן געווען אַ פריינדין פון זיין טאָכטער, האָט דער פאָטער דערלויבט אַריינצוקומען אין הויז, איז זי צו צו דער פיאַנאָ, גענומען דעם פידל פון דער פיאַנאָ־דעק, אָפּגעריסן דריי סטרונעס און אויף בלויז איין סטרונע האָט זי אויסגעשפילט דאָס „בלומען־ליד" פון קאַרמען, וואָס זיי פלעגן ביים לעבן שפילן און זינגען צוזאַמען.

ווען יואל איז געבליבן זיצן און נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן, האָט סעניאָראַ רייז אים אונטערגעטראָגן אַ צווייטע געשיכטע.

— נישט לאַנג צוריק, פסח צום סדר, האָבן מיר פאַרבעטן צו גאַסט אייניקע פריינד, באַוווסטע „מעדיומס", איז ווער מיינט איר איז מיט זיי מיטגעקומען צום סדר? אנו, לאָמיר זען, צי איר וועט טרעפן? אַ, איך זען נישט קיין טרעפער? נו, איכל איך נישט אַרויסציען די עצמות, איכל איך זאָגן. עס זענען מיטגעקומען דער רמב"ם, משה רבנו, דער ווילנער גאון, דער בעל שם טוב... אויסער דעם האָט איר געהאַרפּט זען, וויפל גייסטער עס האָבן זיך געדרייט אַרום די פענצטער אין דרויסן און געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט, מען זאָל זיי דערלויבן זיך אַריינכאַפּן, בלויז אויף אַ קורצע ווײַלע, אין הויז אַריין... וואָס דאַרפט איר מער — האָט זי צו אים פאַרטרויליך אַריבערגעשושקעט, ווי זי זאָל נישט וועלן די גייסטער זאָלן דערהערן, ווי זי דערציילט אים סודות וועגן זיי — אַפילו איצט, ווי מיר זיצן דאָ אַזוי און רעדן, דרייען זיך אַרום גייסטער אין דרויסן הינטערן פענצטער און בעטן זיך, מען זאָל פאַר זיי איינאָרדענען אַ סעאַנס, זיי אַריינרופן און לאָזן קומען צום אויסדרוק... ווען איר זאָלט זיך נעמען צו שטודירן דעם ספּיריטיזם, וואָלט איר, מיט אייער אינטעליגענץ, זייער שנעל געוואָרן אַ גרויסער „מעדיום". אַ פּשוטער מענטש פאַרשטייט גאָרנישט, זעט גאָרנישט און קען זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, וואָס עס קומט פאָר אַרום אונדז.

פאַר יואלן איז דאָס פאַר־פאַלק נאָך אַלץ געווען אַ רעטעניש, נאָר ווי ער האָט נישט געהאַלטן פון אירע ספּיריטואַליסטישע באָבע־מעשיות, איז אים איינגעפאַלן די אַנאַלאָגיע פון די נשמות ערטילאות, וועלכע וואַגלען אַרום אין חלל פון דער וועלט און וואַרטן אויף אַ תיקון און כדי מיטצוהאַלטן דעם שמועס, האָט ער דערציילט סעניאָראַ רייז איינע פון די

געשיכטעס, וועלכע ווערן דערציילט וועגן דעם בעל שם טוב זכרונו לברכה:

איין מאָל, ווען רב גרשון, דעם בעל שמס שוואָגער, איז געווען ביי אים צו גאַסט אויף שבת, האָט ער געפרעגט דעם בעל שם טוב, פאַר וואָס ער שטייט אַזוי לאַנג שמונה עשרה. האָט אים דער בעש״ט דערציילט, אַז דאָס איז ער מתקן די נשמות, וועלכע קומען בעטן ביי אים אַ תיקון. רב גרשון האָט אין שפּאָס אים געזאָגט, אַז ער וווּנדערט זיך, וואָס די דאָזיקע נשמות קומען נישט צו אים, האָט אים דער בעש״ט געהייסן בלייבן אויף נאָך אַ שבת און אים געלערנט ווי מכוון צו זיין זיינע כוונות ביים דאַווענען, און ווען רב גרשון האָט אַזוי געטאָן דעם צווייטן שבת, איז ער אין מיטן שמונה עשרה געפאַלן אין חלשות — ער האָט זיך דערשראָקן פאַרן שטראָם פון פאַרוואָגלטע נשמות, וועלכע האָבן זיך צו אים געשטופּט, ער זאָל זיי געבן אַ תיקון מיט זיין דאַווענען.

סעניאָראַ רייז איז געווען זייער צופרידן פון יואלס דערציילן וועגן די נשמות ערטילאָות ביים בעש״ט... פאַר סעניאָראַ רייז איז עס געווען אַ פאַקטישער באַווייז, אַז די וועלט פון גייסטער איז אַ רעאַלע און ביי יעדן פאַלק נעמט אָט די דאָזיקע וועלט אָן אַנדערע אויסדרוק־פאָרמען. זי האָט שוין געהאַט גרייט נאָך עטלעכע פאַסירונגען, וועלכע זענען זיך פאַרלאָפן מיט איר אַליין אַלס „מעדיום״, נאָר דאָ איז פּלוצעם סעניאָר רייז אַריינגעקומען פון קיך און זיך צו איר געווענדעט מיטן זעלבן טאָן ווי זי האָט זיך פריער געווענדעט צו אים:

— גענוג געהאַקט אַ קאָפּ מיט דיינע מעשיות וועגן גייסטער... זאָל שוין זיין גענוג אויף היינט. — ער האָט אויפגעדרייט די עלעקטרישע ליכט, אין צימער איז געוואָרן ליכטיק און דאָס געשפּענסט פון אַ וועלט מיט גייסטער, וואָס עס האָט ביז איצט אָנגעפילט דאָס האַלב־פינצטערע צימער, האָט זיך ווי פון זיך אַליין אויפגעלייזט.

קאפיטל ניין

# אָפּענע דיבורים

דעם זעלבן טאָג האָט יואל אָנגעקלונגען צו רחלען און איר איינגעלאַדן, צו עסן מיט אים מיטאָג. ער האָט אָנגעטאָן זיין ליבנעם אַנצוג, ווייסע שיך און אַ שטרוי־הוט, איז אַראָפּ אין קאַפע, לאַנגזאַם געגעסן פרישטיק און אין דער באַשטימטער שעה גענומען אַ טעקסי און פאַרפאָרן צו רחלעס אַפּאַרטאַמענט.

אין פּאָדערהויז האָט ער אָנגעקלונגען און, ווי זי וואָלט האָבן געוואַרט ביי דער טיר אויף זיין קלונג, האָט ער באַלד דערהערט פון צווייטן שטאָק איר שטימע, ער זאָל אַרויפקומען. ער איז פלינק אַרויף איבער די טרעפּ און אָט איז ער געשטאַנען פאַר איר. אין אירע האָר זענען געווען אַריינגע־פלאָכטן קאַרביר־קלאַמערן. דאָס פּנים איז געווען אָנגעשמירט מיט פּאָמאַדע און איינגעהילט איז זי געווען אין אַ זיידענעם מאַנטל. זי האָט זיך צו אים דערנענטערט, דערוואַרט, אַז ער זאָל זי אַרומנעמען און זיך אַנטשולדיקט, וואָס זי האָט נאָך נישט באַוויזן זיך איבערצוטאָן.

— מאַך זיך באַקוועם, יואל, כ׳וועל באַלד זיין גרייט.

יואל האָט אויסגעטאָן דאָס רעקל, אויפגעהאָנגען אויפן אָנלען פון אַ שטול און זיך אַרומגעקוקט. ער האָט זיך געפונען אויף אַ טעראַסע מיטן באַלקאָן צום ים. ער איז אַ ווילע געשטאַנען אין דער צעעפנטער טיר פון אַריבערהענגענדיקן באַלקאָן און געקוקט פאַרגאַפט אויפן תכלתדיקן ים, ווו די כוואַליעס האָבן געמיטלעך געוויגט איניקע שפּעט מאָרגנדיקע שווימערס.

פון אַ זייטיקער טיר איז אומבאַמערקט אַריינגעקומען די דינסט און אַוועקגעשטעלט אויפן טיש אַ טאַץ מיט גלעזער, וואַסער מיט אייז, איינגע־מאַכטס און צוקערוואַרג.

אין אַ ווילע אַרום איז רחל אַריינגעקומען. זי איז געווען אָנגעטאָן

אין אַ קרעם לינענעם קאָסטיום, שיך פון זעלבן קאָליר, אַ שטרויענעם פּאַנאַמאַ־הוט אויפן קאָפּ און אין האַנט אַ שטרויענעם בײַטל. זי איז אַ ווײַלע געבליבן אויפן שוועל פון צימער. יואל האָט זי פון ווײַטן באַטראַכט, ווי וועלנדיק זיך אין עפּעס דערמאָנען, אָבער זי האָט אים נישט געלאָזט לאַנג טראַכטן, אים אָנגענומען מיט דער באַהענטשקעטער האַנט און געצויגן צו דער טיר.

— גייען מיר? — האָט זי געפרעגט.

יואל האָט זיך אָנגעטאָן דאָס רעקל, גענומען זײַן הוט און צוזאַמען זענען זיי אַרויס. שווײַגנדיק האָבן זיי לאַנגזאַם געשפּאַנט איבערן לאַנגן קאָרידאָר און אַרויס פון דער געביידע.

דער רעסטאָראַן, וווּ זיי זענען אַרײַן, אין אַ זײַטיקער גאַס, איז געווען זייער רײַך אויסגעשטאַט און די קעלנער האָבן רחלען אויפגענומען מיט אויסערגעוויינלעכער אויפמערקזאַמקייט, ווי אַן אַלטע באַקאַנטע, אַן אַלטער שטאַם־גאַסט.

יואל איז געזעסן קעגנאיבער רחלען און זיך צוגעהערט צו איר יעדן וואָרט. רחל האָט די גאַנצע צײַט גערעדט וועגן טויזנטער קלייניקייטן, וועגן פּאַסירונגען פון שטעטל, וועגן זייערע אַמאָליקע שפּאַצירן צווישן די הויכע קאָרנפעלדער, וועגן טיפן פון זייער שטעטל... יואל האָט פון צײַט צו צײַט אַרײַנגעוואָרפן אַ וואָרט, געענטפערט מיט אַ יאָ אָדער ניין אויף אירס אַ פראַגע, נאָר ביידע האָבן געשפּירט, אַז דאָס איז נאָר אַ נעפּל אַזאַ, וואָס זיי פאַרשפּרייטן אַליין אַרום זיך און זייער פאַרגאַנגענהייט, כדי צו פאַרדעקן די רייד, וואָס ליגן ביי ביידן טיף אין האַרצן. נאָר זיי האָבן מורא פאַר די דאָזיקע רייד, ווייל קיינער פון זיי האָט נישט קיין דרייסטקייט זיך צוצורירן צו אָט דעם דאָזיקן פלאָנטער.

יואל האָט דער ערשטער צענומען דעם שלייער פון ווערטער, ווי מען צענעמט אַ פאָרהאַנג פון באַמבו־שטעקעלעך און אָננעמענדיק איר האַנט, האָט ער צו איר גערעדט ווייך און סענטימענטאַל:

— רחלע, איך שטעל זיך די טעג אַרבעטן און מיין הייסער באַגער איז צו בעטן דיך, זאָלסט ווערן מיין פרוי!

רחל האָט געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז ער וועט אַצינד מיט איר ריידן ערנסטע רייד, דאָך איז זיין ווענדונג געווען פאַר איר אומדערוואַרטעט.

איר אויער איז שוין געווען אָפּגעוווינט צו הערן, אַז עמעץ זאָל אויף אַזאַ אופן אויסדריקן זיינע געפילן צו איר. זי איז געבליבן זיצן אַ ווײַלע ווי געפּלעפט און נישט געענטפערט. זי וואָלט מיט איר גאַנצער נשמה אויסגע־שריען צו אים: — יאָ, איך בין דיין פרוי! אָבער ווי אַזוי וועט זי קענען אַוועקוואַרפן אירע געשעפטלעכע פאַרבינדונגען מיט אירע שותפים און איבערהויפּט מיט אַרנאָלדן?

זי האָט אַ לײַכטן גלעט געטאָן זיין האַנט, וואָס איז נאָך געלעגן אויסגעשטרעקט אין איר ריכטונג איבערן טישל, ווי וואַרטנדיק אויף איר ענטפער, און איר ערנסטער בליק האָט אים געדאַנקט פאַרן אַרויסווייזן איר אַזעלכע ליבע־געפילן... נאָך אַ ווײַלע שטילשווייגן האָט זי אָבער מיט אַ טאָן פון פאַרלוירנקייט צוגעגעבן:

— יואל, דו קענסט זיך נישט פאָרשטעלן, ווי נישט זעלבשטענדיק איך בין היינט צו טאָג, כאָטש כ׳בין אַ פרייער מענטש, מכלומרשט... אפילו דיין אַזוי לאַנג דערוואַרטע ליבע־דערקלערונג מוז גוט דורכגעטראַכט ווערן און איך מוז זיך מיט וועמען עס איז דורכריידן און געפינען אַ וועג, ווי אַזוי אַלץ זאָל זיך פּאַסן...

— יואל, טייערער, איך בעט דיך, פאַרשטיי מיך נישט שלעכט — האָט זי ווידער אָנגעהויבן מיט אַ געבראָכענעם טאָן און פייכטע אויגן, נאָך דעם ווי זי האָט געזען, אַז איר ענטפער האָט אים אַ ביסל פריטשמע־ליעט — איך האָב נישט קיינעם אויף דער וועלט אויסער דיך! איך האָב פּאַקטיש קיין מאָל נישט געהאַט קיינעם אויסער דיך! אויב עס האָט אַ מאָל ווער עס איז געפּאַדעט אַרום מיר, האָט עס מיר אָנגעפילט מיט עקל און איך האָב זיך געמיט דערפון צו באַפרייען... יואל, טייערער מיינער, איך האָב אַלעס אין לעבן דורכגעטראָגן, נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז דו האָסט מיך באמת ליב... דיין ליבע איז מיר געווען ווי אַ רעטונגס־גאַרטל, וואָס האָט מיך נישט געלאָזט אין גאַנצן אַראָפּ אין אָפּגרונט... אַ דאַנק דיר האָב איך זיך אויפגעהאַלטן אויפן אויבערפלאַך און נישט דערטרונקען געוואָרן אין שטורמישן ים פון היגן שמוציקן לעבן... דעם ענטפער אויף דיין פראַגע, דעם איינציקן ענטפער, דעם „יאָ״, קען איך דיר אָבער נאָר געבן דאַן, ווען כ׳וועל אַדורכקומען מיט מיינע שותפים...

יואל האָט געפילט, אַז רחלס רייד זענען דער ריינער אמת און פֿאַר איר אויפריכטיקייט האָט ער זי איצט נאָך מער ליב געקראָגן. ער האָט זיך ערשט איבערצייגט, אַז אין פֿאַרלויף פֿון די יאָרן האָבן זיך פיל זאַכן געענדערט און זיין לאַנגער טרוים, צונויפצובינדן פֿון דאָס ניי זייערע איבערגעריסענע לעבנס, זינט זייער פֿאַרלאָזן דאָס שטעטל, וועט מען נישט אַזוי לייכט קענען פֿאַרווירקלעכן. עפּעס האָט ער איצט דערשפּירט, אַז אויסער זיי אַליין עקזיסטירט נאָך אַ שטאַרקער כוח, וואָס באַווירקט זייערע לעבנס. ס'איז אים אויסגעקומען ווי עפּעס אַן אומגעזעענער באַצווינגער האַלט זיי אין געפֿענגעניש, און אָן זיין הסכמה וועט רחל נישט קענען זיין פריי.

ביידע האָבן שוויגנדיק געגעסן און, בלית ברירה, ווי באַשלאָסן זייער לעבנס־פּראָבלעם דערווייל נישט באַרירן און וואַרטן ביז אַ מער גינסטי־קערער געלעגנהייט.

זיי האָבן ווייטער אָנגעקניפּט דעם פריערדיקן שמועס וועגן פֿאַרשידענע געשעענישן אין פֿאַרלויף פֿון די יאָרן זינט זיי האָבן זיך געשיידט. אין דעם לייכטן שמועס, וועלכער האָט זיי צוריקגעפֿירט צו זייערע אָנגענעמע יוגנט־זכרונות, האָבן זיי, כמעט אומבאַוווּסט פֿאַר זיך אַליין, אויסגעמיטן צו ריידן וועגן דעם, וואָס איז פֿאַרביידן געווען אומפֿאַרשטענדלעך... יואל האָט, צום ביישפּיל, געוואָלט וויסן, וואָס פֿאַר אַ שייכות עס האָט צו זייער לעבן דער אויסגעפּראַנצטעוועטער אַרנאָלד ; צי עס איז טאַקע אמת, אַז דאָס האָט זי פֿאַר אים איינגעאָרדנט די סטיפּענדיע אין דער קונסט־שול אין פּאַריז ? נאָך פּראַגעס פֿון דעם מין האָבן זיך אים געפּלאָנטערט אין מוח, נאָר ער האָט זיי אַלע פֿאַרטריבן און צוזאַמען מיט רחלען אָנגעהאַלטן דעם אויפגעהייטערטן טאָן אין לייכטן שמועס וועגן זייער זאָרגלאָזן אַמאָל.

אויך רחלען האָבן געמאַטערט אַ ריי פּראַגעס, וועלכע זי וואָלט זייער געוואָלט, אַז יואל זאָל זיי פֿאַרענטפֿערן פֿאַר איר. זי האָט געהאַט נאָך מיט יאָרן צוריק אָפּגעמאַכט מיט זיך, אַז ווען זיי וועלן זיך צוזאַמענקומען, זאָל זי צום ערשטן ביי אים דערגיין וועגן זיין קוק אויפֿן היגן לעבן. אויף איר אייגן שטייגער לעבן, וואָס זי האָט ביז איצט געפֿירט ; זיין מיינונג וועגן דעם אַרום, איבערהויפּט נאָך דעם ווי ער האָט זיך געטראָפֿן מיט אהרן־לאָזערן און מיט מאָריצן. און כאָטש זי האָט באַשלאָסן, אַז אויב זי

וועט הערן פון אים דעם לייכטסטן טאָן פון פאָרוואורף, אויב ער וועט נישט פאַרשטיין און נישט פאַרטיפן זיך אין איר לאַגע, וועט זי מיט אים איבעררייסן — האָט זי דאָך אויסגעמיטן די דאָזיקע אָנגעווייטיקטע פראַגן זאָלן געשטעלט ווערן אויפן שפּיץ־מעסער און אַלץ איז געבליבן אָפּגעלייגט אויף אַ צווייט מאָל, פון וואָס ביידע זענען געווען צופרידן.

זייער שיידן זיך איז געווען נאָך קילער ווי זייער באַגעגעניש. יואל האָט איר געגעבן די האַנט און זיך געזעגנט ביי דער דרויסנדיקער טיר. זי האָט געבעטן ער זאָל איר טעלעפאָנירן אין אַ צוויי טעג אַרום, זי איז אַריין אין דער געביידע און ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין דער וואַרטנדיקער טעקסי, וועלכע האָט אים צוריקגעפירט אויף דער פּראַסאַ אַנזע.

אַרום דער פּראַסאַ דאַ רעפּובליקאַ האָט ער געהייסן דעם שאָפער אָפּשטעלן די טעקסי, איז אויסגעשטיגן און אַוועק לענג־אויס די אייזערנע שטאַכעטן פון אַרומגעצאַמטן פאַרק. וויפל מאָל ער האָט אַרומגעקרייזט דעם אייזערנעם פאַרקאַן האָט ער נישט געוווּסט, נאָר ווען ס׳איז שוין געוואָרן טונקל און ער האָט דערפילט אַ מידקייט, האָט ער זיך משער געווען, אַז פאַר די עטלעכע שעה אַרומבלאָנדזשען האָט ער גאָר נישט צוגעטראַכט. ס׳איז אים נישט געווען פאַרשטענדלעך רחלעס באַנעמען זיך צו אים, איר באַגעגענען אים אַזוי קיל און רעדן צו אים אַזוי צירלעך־מאַנירלעך, ווי אַן עלטערע שוועסטער... און דאָס הייסן אים וואַרטן אויף אַן ענטפער, ווי עס וואָלט געווען עפּעס אַ געשעפטלעכע טראַנזאַקציע, צו וועלכער עס איז אומבאַדינגט נייטיק אַ קאַלטע איבערגעלייגטקייט און אויסגע־רעכנטקייט.

פון פאַרלעגנהייט און אומבאַהאָלפנקייט האָט ער אַ שפּיי געטאָן, באַלכסון, ווי ער וואָלט טאַקע אויף אַן אמת וועמען האָבן פאַר זיך. אַזוי פלעגט זיין אַמאָליקער אַרבעטס־קאָלעגע אין קאַפע „קאַבאַלט", מסיע עקס, אַ שפּיי טאָן זיין קיי־טאַבאַק בעת ער האָט געוואָלט אַרויסווייזן זיין ווידער־ווילן צו עפּעס... ער איז אַוועק אין דער ריכטונג פון סענאַדאָר עאָוזעביאַ, צו זיין קוואַרטיר.

*

שוין עטלעכע וואָכן זינט יואל אַרבעט אין זיין אַטעליע ביים אויס־

פּערטיקן די בילדער פון לייבעלעס פאָטאָגראַפישן אַנשטאַלט און, מאָדנע, טראָץ דער אומצופרידנקייט, וואָס שפּירט זיך פון לייבעלעס אַרומדרייען זיך אין זיין שוואַרץ סאַטינען כאַלאַטל, ביי דער גאַנצער אומפריינדלעכקייט צו אַלעמען, וואָס יאָגט זיך פון זיין פאַרלעגן דרייען מיט די קורצע הענטלעך, איז, ווען ער קומט נאָר אַריין, פאַדעט ער אַרום אים און האָט נישט קיין ווערטער צו לויבן זיין שטייגער אויספּאַרטיקן די בילדער.

יואלס באַציִונג צו לייבעלען איז לעצטנס אויך אַן אַנדערע. ער האָט דערשנאָפּט אין לייבעלען אַ שטיק קינסטלערישע נשמה, וואָס דאָס לעבן האָט צוליב עפּעס פאַרזען, נאָר די דאָזיקע קינסטלערישע נשמה קריגט איר תיקון, ווען ער דערזעט זיינע אויסגעפּאַרטיקטע בילדער. ער שטעלט די בילדער אַוועק אַזוי, אַז דאָס ליכט זאָל אויף דעם ווי געהעריק פאַלן, רוקט זיך אָפּ הינטערוויילעכץ און מיט קינדערישער פרייד, מיט באַגייס־טערונג קוקט ער אויף דעם גלאַנץ פון די אויגן, אויפן ווייכן קנייטש אַרום די מויל־ווינקלען און פאַרטראַכטן פאַלד אויפן הויכן שטערן. איבערהויפּט איז דער אונטערשייד קאָנטיק, ווען מען פאַרגלייכט דאָס אויסגעפּאַרטיקטע בילד מיטן אָריגינאַל, וואָס איז מיינסטן אָפּגעבליאַקעוועט פון אַלטקייט.

יואל אַליין ווערט אויך מיטגעריסן פון לייבעלעס באַגייסטערונג און אין אים דערוועקט זיך דער קינסטלער, ער הייבט אָן קוקן אויף די בילדער ווי אויף אָריגינעלע ווערק, וועלכע ער האָט געמאָלן פון לעבעדיקע מאָדעלן... יעדעס מאָל, ווען יואל אַרבעט איבער די בלאַסע, קוים באַמערק־באַרע שטריכן אויף די פאַרגרעסערטע פאָטאָגראַפישע אויפנאַמעס און קוקט דערביי אויפן אָריגינעלן בילדל, דערמאָנט ער זיך, ווי דער קליינער לייבעלע מיט די הויקערס פון הינטן און פון פאָרנט, האָוועט אַרום אין זיין פאָטאָגראַפישן קונסט־אַנשטאַלט צווישן די הונדערטער בילדער, און עס דוכט זיך אים, אַז ווען ער קוקט אויף אים פון די אייבערשטע טרעפּ, זעט ער אויס אונטן ווי אַן אָנגעשטאָפּטע ליאַלקע, וואָס גייט אום מיט די דראָבנע טריטעלעך אַ דאַנק דער אָנגעצויגענער פּרוזשינע אין דעם מעכאַניזם, וואָס איז פאַרשטעקט ערגעץ אין זיין אָנגעהויקערטער פּלייצע, און ער קען זיך יעדע ווילע אָפּשטעלן, ווען די פּרוזשינע וועט אין גאַנצן

זיך אויסוויקלען... ער וועט דאַן בלייבן שטיין ערגעץ ווו אין אַ ווינקל פון אַנשטאַלט, ווי ער רופט עס ליבלעך זיין אַטעליע, כלומרשט באַוווּנדערנ־דיק אַן אויסגעפּאַרטיקט בילד, וואָס שטייט קעגנאיבער אים, ביז עס וועט עמעץ ווידער אָנציען די פּרוזשינע און דאָס אויסגעשטאָפּטע פיגורל, וואָס הייסט לייבעלע און איז אַ באַלעבאָס פון אַ קונסט־פאָטאָגראַפישן אַנשטאַלט, וועט זיך ווידער אָנהייבן באַוועגן... דאָס געדויערט אָבער ביי יואלן נישט לאַנג, דאָס איז זיין נאַטירלעכע רעאַקציע אויף לייבעלעס גראָטעסקער פיגור, וואָס רופט אַרויס אַזאַ אַסאָציאַציע, ווען מען קוקט אויף אים פון אויבן, פון די אייבערשטע טרעפּ...

ווען יואל דערמאָנט זיך ווי עס כאַפּט אַרום דעם קליינעם לייבעלען אַ באַגייסטערונג, ווען ער זעט אויף זיינע בילדער די אויפגעלעבטע געזיכטער, ווי ער פּאַדעט אַרום זיי און רעדט צו זיי, ווי ער וואָלט געהאַט פאַר זיך לעבעדיקע געשטאַלטן, ווי זיי וואָלטן געווען באַקענטע באַקאַנטע, — דאַן זעט יואל די קינסטלערישע נשמה אין לייבעלען, און ער וואַקסט אין זיינע אויגן אויס צו אַ גייסטיקן ריז... ער האָט דעמאָלט צו אים מיטלייד, ווייל ער איז כמעט זיכער, אַז עפּעס אַ לעבנס־טראַגעדיע האָט אים פיזיש פאַרקריפּלט און פאַרמשפּט צו פאַרברענגען זיינע יאָרן אין דעם האַלב־פינצטערן קעלער, וואָס ער רופט אָן: פאָטאָגראַפישער קונסט־אַנשטאַלט.

יואלן כאַפּט אַרום אַ גרויס רחמנות אויף דעם דאָזיקן לייבעלען און שוין צוליב דעם אַליין שטרענגט ער זיך אָן צו מאַכן פון אָט די דאָזיקע אָפּגעבליאַקעוועטע אָריגינאַלן די בעסטע בילדער, וואָס ער איז נאָר בכוח, און איז דער גליקלעכסטער מענטש, ווען ער זעט ווי לייבעלע איז באַגייסטערט פון זיינע אַרויסגעפּאַרטיקטע בילדער.

אמת, אָפט מאָל ווערט יואלן נמאס דאָס מאַליעווען די מענטשעלעך, ווי ער רופט זיין אַרבעט. ער וואַרפט דאַן אַוועק די פאַרבן, פּענדזלעך און דעם לייוונטענעם ראָק און אין ווייסן העמד, אָן אַ רעקל, כאַפּט ער זיך אַריין אין צווייטן טייל פון „באַראַקאָן“, ווו דאָס פאַר־פאָלק רייז איז פאַרטאָן אין צוגרייטן אַ פּעקל פאַרטיקע סוועטערלעך, וואָס זיי וועלן צוטראָגן צו אַ סוחר אויף דער פּראַסאַ. אַ סוחר האָט געזאָגט דעם סעניאָר רייז, אַז ער וועט דאַרפן אַ ביסל קינדערישע סוועטערלעך, וועט

ער אים צוטראָגן דאָס פּעקל. אָפט מאָל טרעפט, אַז דער סוחר האָט עס גאָרנישט געהאַט אין זינען, אָדער האָט געמיינט דעם קומענדיקן מאָנאַט, נאָר היות ווי ער דאַרף דאָך די פּאָר הונדערט מילרייס, לאָזט ער דערוויילע איבער דאָס פּעקל אויף „קאָנסיגנאַסאָן", נישקשה, ער מעג אים געטרויען, דערווייל בעטלט ער אויס ביים סוחר אַ ביסל געלט אויפן חשבון, ווי מען בעטלט אויס אַ נדבה.

דעם דאָזיקן סך־הכל האָט יואל שוין נישט איין מאָל געהערט ביי דעם פּאָר־פאָלק רייז. ווי קאָלעמוטנע אים איז אַליין אויפן האַרצן פון זיין „מאַליעווען די מענטשעלעך", איז אָבער צוזעענדיק ווי מען נוצט דאָ אויס יעדן איינעם, וואָס דאַרף זיך דערנערן פון זיין אַרבעט, איז ער שוין צופרידן אין געוויסע היגזיכטן, וואָס לייבעלע באַהאַנדלט אים אַזוי פיין, טראָגט אים אַנטקעגן, וואָס אים קומט און קוקט צו אים אַרויף. אָפט מאָל באַמערקט ער אַפילו, אַז לייבעלע באַציט זיך צו אים מיט אַ געוויסן אומצוטרוי, באַהאַלט אויס פאַר אים געוויסע זאַכן, נאָר דאָס איז דערפאַר, וואָס לייבעלע האָט מורא פאַר אים, ער זאָל נישט ווערן קיין קאָנקורענט און טאַקע דערפאַר איז ער עס אים מוחל. קיינער אויף זיין פּלאַץ וואָלט נישט בעסער געווען.

אַלבערטאַ באַלוואַן איז ביי יואלן אַ טאָג־טעגלעכער גאַסט. ער פילט זיך ווי אַן אָנגעזעענער שדכן, וועמענס צוגיפגעפירטער שידוך האָט ביידע צדדים גליקלעך געמאַכט און ער קען זיך דערלויבן אַריינקומען און שעפּן נחת פון זיין אויפטו. יואל באַציט זיך טאַקע צו אים, ווי ער זאָל זיין זיינס אַ קרוב, ווייל ווי אומוויסנד ער איז, האָט ער אָבער זייער אַ גראַדן שכל און יואל האָט ליב זיך צוהערן צו זיינע מיינונגען וועגן מענטשן און צו זיינע עצות, פון וועלכע עס שפּרודלט מיט לעבנס־חכמה, מיט געזונטער לעבנס־דערפאַרונג.

היינט האָט עפּעס אַלבערטאַ אָנגעהויבן איינטענהן מיט יואלן ער זאָל ווערן זעלבשטענדיק, ווערן אַליין באַלעבאָס און נישט דאַרפן אָנקומען צו דעם קליינעם מייזל, ווי ער האָט גערופן לייבעלען הינטער די אויגן.

— מיט אַרבעט ווערסטו זיין באַזאָרגט. איכל דיר אַריינברענגען די בעסטע וויאַזשאַנטן, וואָס פאָרן אַרום אָננעמען בילדער; געלט וועט אויך נישט פעלן, אַזוי זאָל מיין נאָמען נישט הייסן אַלבערטאַ... און אַליין

מוזסטו נישט אַרבעטן, וועסט צונעמען שמירערס און זיי וועלן אויספאַר־טיקן די בילדער פאַר דיר, פונקט ווי דו אַרבעטסט פאַר לייבעלען.

אַלבערטאָ באַלוואַן האָט זיך אָפּגעווישט דעם שווייס פון פּנים, ווי ער זאָל נאָר וואָס האָבן אָפּגעהאַרעוועט אַ שווער שטיקל אַרבעט, און געוואַרט אויף יואלס ענטפער. יואלן האָבן אַלבערטאָס רייד זייער פאַרדראָסן, ער האָט אָבער גאָרנישט געזאָגט. ער האָט גוט געקאָנט אַלבערטאָן און פאַר־שטאַנען, אַז מסתמא האָט וועלכער עס איז וויאַזשאַנט פון בילדער אים צוגעזאָגט אַ קאָמיסיאָן, ער זאָל אים צונויפפירן מיט דעם, וואָס מאַכט די בילדער פאַר לייבעלען.

יואל האָט אויף אַלע רייד געהאַט איין ענטפער:

— איך האָב גאָרנישט צו לייבעלען...

אַלבערטאָ האָט זיך געפילט זייער באַענט מיט יואלן, האָט ער זיך צוגעבויגן און פאַרטרויליך אים איינגערוימט אין אויער אַריין:

— אַלע וויאַזשאַנטן ווערן דאָך די כפרה פאַר דיינע בילדער! פאַר וואָס זאָלסטו נישט אויסנוצן די געלעגנהייט און מאַכן פאַר זיך אַליין אַ געשעפט?

די דאָזיקע פראַגע האָט אַלבערטאָ געשטעלט יואלן, האַלטנדיק די פינף פינגער פון דער רעכטער האַנט צונויפגענומען אין אַ בינטל פאַר זיין פּנים, ווי די איטאַליענער טרעגער און שאָפערן שפּילן זייער שפּיל אין נומערן. ווען יואל האָט אויף זיין פראַגע נישט געענטפערט, האָט ער געשפּאַנט איבערן „באַראַקאָן" און געטענהט אין דער וועלט אַריין:

— אַלע וויאַזשאַנטן ווערן דאָך משוגע פאַר זיינע בילדער! אַלע ווילן וויסן, ווער עס איז דער קינסטלער מיט די פון גאָט געבענטשטע הענט, וואָס לייבעלע האָט אַריינגעקראָגן... ווייסט וואָס זיי זאָגן? — ווענדעט ער זיך פראַגע צו יואלן און ווען ער זעט, אַז יואל איז גאָר באַשעפטיקט ביים באַטראַכטן אַ בילד אויפן הילצערנעם געשטעל און הערט אים נישט, חזרט ער איבער די פראַגע: — ווייסט וואָס זיי זאָגן? — ווען ער זעט ווידער, אַז יואל הערט זיך נישט צו צו אים, ענדיקט ער זיין דערציילן פאַר זיך אַליין אויפן קול: — זיי זאָגן, אַז דו בלאָזסט אַריין אַ נשמה אין טויטן בילדל, מאַכסט די בילדער צוריק לעבעדיק און ווען זיי טראָגן אָפּ דאָס בילד צום קונד, כאַפּן זיך אַלע

ביי די קעפּ, ווי לעבעדיק דאָס בילד זעט אויס... אי די קונדן זענען צופרידן, אי עס איז לייכט צו מאַכן אַ נייעם קונד, פּשוט — איינער שיקט צום צווייטן...

אַ ווײַלע האָט אַלבערטאָ באַלוואַן זיך אַרומגעדרייט איבערן „באַראַקאַן", נאָר זעענדיק, אַז יואל קוקט זיך אַפילו נישט אום אין זיין זייט, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער זייט פון הילצערנעם געשטעל, וווּ יואל האָט געהאַלטן אין פּיקסן אַ בילד, און האָט אין אַן אינטימען טאָן אָנגעהויבן אַריינטעענהן אין אים, איבערגייענדיק אויף דו:

— זשוליאָ, דו ווייסט דען אַ וואָסער גרויסן אוצר דו פאַרמאָגסט אין האַנט? — און ווען יואל ענטפערט נישט אויף זיין פראַגע פאַרענדיקט ער רעזיגנירט: — איז אָט דעם אוצר גיסטו אַוועק לייבעלען פאַר גראָשנס...

יואל האָט בלית ברירה אויסגעהערט צום וויפלטן מאָל די אַלע רייד פון אַלבערטאָ באַלוואַן און ווען אַלבערטאָ איז שוין געווען זיכער, אַז ער האָט עפּעס דאָך אויפגעטאָן מיט זיינע רייד, האָט ער גאַנץ רואיק איבערגעחזרט:

— לייבעלע איז מיר גוט אַלס באַלעבאָס. כ'וויל נישט ווערן אַליין קיין באַלעבאָס פאַר זיך... האָט איר שוין איצט פאַרשטאַנען?

ווען אַלבערטאָ האָט אויף אים געקוקט ווי אויף אַ צעחושטן, נישט קענענדיק באַגרייפן, אַז אַ נאָרמאַלער מענטש זאָל אַזוי רעדן, האָט יואל צוגעגעבן אין זעלבן אינטימען טאָן:

— אויב איר ווייסט אַ וואָסער גרויסן אוצר איך האָב אין האַנט, פאַר וואָס זשע האָט איר מיר נישט פאַרגעלייגט צו מאַכן געשעפטן באַלד אין אָנהייב, נאָר איר האָט מיך געפירט צו לייבעלען?

אַלבערטאָ האָט זיך געפּרוּווט פאַרענטפערן, נאָר יואל האָט אים נישט געלאָזט ענדיקן:

— איכל אייך זאָגן פאַר וואָס. די וויאַזשאַנטן האָבן פון מיר דעמאָלט נאָך נישט געוווּסט און ממילא האָבן זיי אייך נישט געקאָנט צוזאָגן קיין קורחס גליקן, האָט איר פון מיר דעמאָלט געחוזקט. איך געדענק נאָך גוט אייער ווערטעלע ביי די בערס אין הויז: „מאָלט אָפּ אַ בילד פון מיר"... איך האָב זיך טאַקע נישט באַליידיקט, אָנגענומען עס ווי אַ שפּאַס,

נאָר איך געדענק עס... איצט, ווען די וויאַזשאַנטן לויפן אייך נאָך און זאָגן אייך צו גאָלדענע גליקן, זענט איר גרייט צו ריזיקירן... מוחל, סעניאָר אַלבערטאָ, איך נייטיק זיך נישט אין אייערע גליקן. איר זענט אפשר דערפאַרן אין געשעפטן און אייער פאַרשאַרפטער חוש זאָגט אייך טאַקע אונטער, ווו עס איז פאַראַנען אַ מעגלעכקייט צו מאַכן אַ לייכט פאַרדינסט, פונקט ווי אַ חיה דערשפּירט איר רויב, איר קענט אָבער נישט פאַרשטיין, וואָס עס באַטייט אַ קינסטלערס נשמה... סעניאָר אַלבערטאָ, אייערע רייד זענען אַרויסגעוואָרפן! לייבעלע באַהאַנדלט מיר זייער פיין און איכל אים נישט איבערלאָזן אָן אַ פאַרוואָס.

אַלבערטאָן האָט יואלס אָפּזאָג ווי פּריטשמעליעט, אויף דעם האָט ער זיך גאָרנישט געריכט. אמת, אים האָט, וואָס אַן אמת, שוין לאַנג געלאָקט יואלס שטאַרקער כאַראַקטער, ביי וועמען יאָ איז יאָ און ניין — ניין, נאָר גראָד איצט האָט אים געקרענקט די פּאָר קאָנטעס, וואָס דער וויאַזשאַנט פון נאָרד האָט אים צוגעזאָגט פאַרן צונויפפירן מיט יואלן, און יואלס אָפּזאָג האָט אַלץ קאַליע געמאַכט.

*

שבת צו נאַכט האָט געדאַרפט פאָרקומען דער שלום עליכם־אָוונט אין דער ביבליאָטעק. פאַר יעדן ליטעראַרישן אָוונט האָט זיך ביי די בערס אין הויז, ווו יואל האָט געוווינט, געטומלט מיט די צוגרייטונגען. אויך יואל האָט זיך געגרייט און ער האָט באַשלאָסן פאַרבעטן רחלען.

שבת נאָך מיטאָג איז ער, אויסגעפּוצט אין אַ נייעם לינענעם אַנצוג, ווייס געפּרעסט העמד, ווייסע ספּאָרט־שיך און אין אַן עלעגאַנטן פּאַנאַמאַ־הוט אַוועק צו רחלען. ווען זי האָט אים דערזען האָט זיך איר פּנים צעשמייכלט, און די אים אַזוי גוט באַקאַנטע חן־גריבעלעך האָבן אים פאַרטראָגן אין שטעטל אריין... ס'האָבן אויפגעטויכט זייערע שפּאַצירן צווישן די קאָרנפעלדער, און אין וואַלד, ווען רחלע האָט געקליבן רויטע יאַגדעס און אים געוואָרפן גלייך אין מויל אַריין... ער איז געווען אין דער אַ מינוט דער גליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט.

רחל איז געווען אָנגעטאָן זייער באַשיידן. אין דעם געפּאַסטן לינענעם קאָסטיום האָט זי אויסגעזען ווי אַ קליין־שטעטלדיק מיידל, וואָס איז געקומען

אין דער גרויסער שטאָט אַריין. זיי זענען אַראָפּגעפאָרן אויף דער „פּראַסאָ“ און אַריין אין שניידערס רעסטאָראַן עסן אָוונט־ברויט.

זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין אַ זייטיק ווינקל, האָבן באַשטעלט געפילטע פיש, געהאַקטע לעבערלעך מיט ציבעלעס און שמאַלץ, לאָקשן מיט יויך, הון, און געקאָכטע פלוימען אַלס דעסער. זיי האָבן געטראַכט, אַז דאָס זענען זיי גאָר אין שטעטל און אויף זייער צוריקגיין פון שבתדיקן שפּאַציר האָבן זיי זיך אַריינגעכאַפּט צו גרונע הערש לייזערס אין שענק און כאַפּן אַ בייס.

נאָכן עסן זענען זיי אַרויס דורך אַ זייטיקער טיר און שפּאַצירט איבער דער סאַנט אננא גאַס, אָפּגעשטעלט זיך ביי אַ קיאָסק, זיך געהייסן געבן סאָדע־וואַסער מיט מאַלינע־זאַפט, זיך צוגעקוקט ווי די קינדער שפּילן זיך אַרום דער לאַמטערנע אויפן ליידיקן פּלאַץ פאַר דער קירכע פון דער „הייליקער אַננאַ“ און דערנאָך זענען זיי אַרויף אין זאַל פון דער ביבליאָטעק, ווו דער עולם האָט זיך שוין אָנגעהויבן צונויפקומען צום אָוונט, געווידמעט דער יאָרצייט פון שלום עליכם.

אין זאַל האָבן די אַריינקומענדיקע פאַרנומען פּלעצער און יואל מיט רחלען האָבן זיך אַוועקגעזעצט נישט ווייט פון פענצטער, וואָס גייט אַרויס צום הויף. דער זאַל איז זייער שנעל געוואָרן אָנגעפילט, עס האָט נישט געדויערט לאַנג און דער פאָרזיצער איז אַרויף אויף דער בינע, האָט דערקלערט דעם באַטייט פון אָוונט און פאָרגעלייענט דעם פּראָגראַם און די נעמען פון די אָנטיילנעמער. ווען דער פאָרזיצער איז געקומען צום נאָמען יואל בערמאַן, האָט ער זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט און מיט אַ טאָן פון אײַנעם, וואָס האָט אַ וויכטיקע אַנטדעקונג, האָט ער געזאָגט:

— סעניאָר בערמאַן איז אַ קינסטלער. ער איז געקומען צו אונדז פון דער גרויסער וועלט און האָט זיך דאָ באַזעצט און אַרבעט אַלס פּשוטער האָרעפּאַשניק. סעניאָר בערמאַן וועט מיט זיין טאַלאַנט און אינטעליגענץ העלפן גייסטיק באַרייכערן די יידישע געזעלשאַפט!

ווען דער פאָרזיצער האָט אים פאָרגעשטעלט פאַרן עולם, האָט זיך יואל פאַרנייגט און זיך צוריק אַוועקגעזעצט לעבן רחלען. רחלע האָט אים אַ דריק געטאָן די האַנט און ער האָט עס אָנגענומען פאַר אַן אויסדרוק פון אָנערקענונג. ווען ער איז שוין געזעסן האָט רחל צו אים אַ שושקע

געטאָן, ער זאָל זיך אומקוקן און זען, ווער ס׳קוקט צו זיי. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און דערזען אַ פּאָר אויגן, וואָס זענען געווען ווי פאַרלאָפן מיט בלוט. די אויגן האָבן געהערט צו סעניאָר מאָריץ, דעם שמוק־הענדלער פון דער אַווענידא ריאָ בראַנקאָ.

רחלע האָט געשפּירט, אַז עפּעס גרייט זיך דאָ אַ סקאַנדאַל און זי האָט שטילערהייט געזאָגט יואלן, זיי זאָלן זיך אומבאַמערקט אַרויסרוקן, נאָר יואל האָט איר באַרואיקט, זי זאָל נישט מורא האָבן. זי איז געקומען מיט אים און קיינער וועט נישט וואַגן איר צו באַליידיקן. ער האָט נישט קיין מורא פאַר סקאַנדאַלן־מאַכערס.

רחלע האָט גוט געקאָנט די קאַרפּנקעפּ פון די חברה־לייט, וועלכע גייען אָן אַלס רעספּעקטאַבלע בירגער און אָנגעזעענע סוחרים. זי האָט געוווּסט, אַז די „פּראָגרעסיווע" נעמען ביי זיי געלט אויף פאַרשידענע אַקציעס און זאָגן זיי צו, אַז ווען זיי וועלן זיין די פירער פון די יידישע אינסטיטוציעס, וועלן זיי אָנגענומען ווערן אַלס מיטגלידער. אַלע זענען זיי דאָ געווען פאַרזאַמלט און רחלע האָט געזען, אַז עפּעס צו פיל זענען זיי פאַרנומען אין שושקען זיך מיט די „פּראָגרעסיווע".

יואל האָט באַשלאָסן צו בלייבן און זען וואָס דאָ וועט זיין. פאַרזאַמלונגען, ווו עס קעמפן פאַרשידענע גרופּן צווישן זיך, סיי יידישע און סיי נישט־יידישע, זענען אים נישט געווען פרעמד נאָך פון פּאַריז. סוף־כל־סוף האָט ער רחלען באַרואיקט און זיי זענען געבליבן אין זאַל. ביי זיך האָט יואל געטראַכט, אַז עס איז דאָך נישט סתם אַ פאַרזאַמלונג, נאָר אַן אזכרה נאָך אַ יידישן שרייבער, וועלן אפשר קיין סקאַנדאַלן נישט פּאַרקומען. ס׳האָט אָבער נישט צו לאַנג געדויערט און ער האָט זיך איבערצייגט, אַז רחלע איז געווען גערעכט, אַז זי קען בעסער אירע חברה־לייט און אויב זיי זענען צוזאַמען, מיינט עס אַוואַנטורע.

ווען דער פאָרזיצער האָט פאַרענדיקט פאָרלייענען דעם פּראָגראַם פון אָוונט און פאָרגעשטעלט די אָנטיילנעמער, האָט זיך אויפגעשטעלט אַ טונקלהויטיקער יונגער־מאַן און געבעטן אַ וואָרט פאַר אַ דערקלערונג. דער פאָרזיצער האָט זיך געמיט צו האַלטן זיך רואיק און האָט אים געענטפערט, אַז ס׳איז נישט קיין פאַרזאַמלונג היינט אין דער ביבליאָטעק, נאָר אַן אזכרה־אָוונט, דעריבער איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר קיין דערקלע־

רונגען. אָבער דאָס בחורל האָט געגומען שרייען, אַז ער וועט נישט לאָזן פירן דעם אָוונט, ביז מען וועט אים נישט דערלויבן אָפּגעבן זיין דערקלערונג.

אייניקע זייטיקע מענטשן, ווייזט אויס אומפּאַרטייאישע, האָבן זיך אַריינגעמישט, דער פּאָרזיצער זאָל אים דערלויבן אָפּצוגעבן זיין דער־קלערונג און דערנאָך זאָל מען דורכפירן דעם פּראָגראַם פון אָוונט.

אין מיטן דאָזיקן אַמפּערן זיך האָט זיך יואל אויפגעשטעלט פון זיין בענקל, האָט רחלען אַ דריק געטאָן די האַנט, ווי געבנדיק איר אַ צייכן, אַז זי זאָל דאָ בלייבן זיצן, און אַליין האָט ער מיט איין שפּרונג אַרויפגע־שפּאַנט אויף דער בינע, צוגעבויגן זיך צום פּאָרזיצער, אים עפּעס איינגע־רוימט אין אויער. דער פּאָרזיצער האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיטן האַמער און אויס־גערופן, אַז איידער וואָס ווען גיט ער דאָס וואָרט דעם גאַסט, פריינד זשוליא בערמאַן, וואָס וועט רעדן וועגן דער סיטואַציע אין אונדזער געזעלשאַפט, ווי ער, אַלס גאַסט, זעט זי.

יואל האָט זיך אויסגעגלייכט און מיט זעלבסטזיכערקייט אין זיך געקוקט צום עולם, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צוריקזעצן אויף די ערטער און מיט נייגעריקייט געקוקט צום אומבאַקאַנטן יונגן־מאַן. אַלע זענען געווען גרייט צו הערן, וואָס דער גאַסט פון דער גרויסער וועלט, וועמען דער פּאָרזיצער האָט פריער אַזוי אויסגעלויבט אַלס קינסטלער פון פּאַריז, האָט צו זאָגן וועגן דער סיטואַציע אין דער היגער יידישער געזעלשאַפט. אייניקע פון די חברה־לייט האָט אַפילו נישט שטאַרק געשמעקט, וואָס מאַדאַם ראַקעלס אַ פריינד איז נאָר וואָס געקומען און שוין געוואָרן אַ גאַנצער מאַכער אין דער געזעלשאַפט, נאָר זיי האָבן נישט געוואַגט עפּעס צו זאָגן.

יואל האָט אָנגעהויבן דערמיט, אַז ער קומט פון רוישיקן פּאַריז און דאָס קעמפן און שלאָגן זיך אויף עפנטלעכע פּאַרזאַמלונגען איז ביי אים נישט קיין נייעס, אָבער דאָ איז ער זיכער, אַז מען אַמפּערט זיך איבער אַ נעכטיקן טאָג און דערווייל גייט אַלץ פאַרלוירן...

„אין דער צייט, וואָס איך בין דאָ אין ריאָ דע זשאַניירא — האָט זיין שטימע געדונערט איבערן זאַל — האָב איך געפאָרשט כמעט אַלץ וועגן

צושטאַנד פון דער היגער יידישער געזעלשאַפט. דער קאַמף, וואָס אייערע זיידעס האָבן געפירט קעגן די יידישע אַלפאַנסן און זייערע קרבנות, די פאַרפירטע יידישע טעכטער, איז אפשר געווען באַרעכטיקט אין יענער צייט, ווייל זיי האָבן זיך געוואָלט אַרויסשטעלן פאַר דער עפנטלעכקייט אַלס די יידישע סאָסיעדאדע, — ביידע צדדים אין דאָזיקן קאַמף זענען מער נישטאָ אויף אונדזער וועלטל, זיי רוען אויף באַזונדערע בית־עלמינס, ווו עס הערשט אַבסאָלוטער שלום, כאָטש ביידע האָבן נישט אויפגעגעבן דאָס רעכט צו רופן זיך „סעמעטעריאָ איזראַעליטאַ".

„די אַנדערע גרופן, וועלכע טומלען, אַז נאָר ביי זיי איז דער ריינער אמת, זענען פאַקטיש נישט מער ווי אַ קאַפּיע פון דער צעשפּליטערונג, וואָס הערשט אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין אַלע יידישע יישובים איבער דער גאָרער וועלט און מיר וועלן דאָ גאָרנישט ענדערן מיט אונדזער אַמפּערן זיך. לאָמיר עס לאָזן פאַרן משפט פון דער צייט — מה שיעשה הזמן, לא יעשה השכל (וואָס די צייט איז בכוח צו טאָן וועט עס דער שכל נישט אויפטאָן) עס איז אָבער פאַראַנען איין געביט, ווו מיר מוזן זיין פאַראייניקט, אויב מיר מיינען ערנסט מיט דער ווייטערדיקער עקזיסטענץ פון אַ יידישן קיבוץ ביי אונדז, דאָס איז — צוציען דעם אונטערוואַקסנדיקן דור, אונדזער יוגנט, זיי זאָלן ווייטער שפּינען דעם גאָלדענעם המשך פון דער יידישער קולטור און איבערנעמען די אָנפירונג מיט די אינסטי־טוציעס, וועלכע איר האָט געשאַפן אין אָרעמקייט און אין נויט. דעם גייסטיקן הונגער אייערן דאַרפט איר אויפוועקן אין דער יוגנט און זאָלן זיי קומען פאַרנעמען אונדזער אַלעמענס פּלאַץ"...

ווען ער האָט געענדיקט איז אין זאַל שטיל געוואָרן און עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיינע רייד האָבן אַלעמען איבערצייגט אין אומזין פון די דאָזיקע אומנוצלעכע אַמפּערייען.

נאָר דאָ האָט דאָס טונקלהויטיקע בחורל זיך אויפגעשטעלט אויף זיין בענקל און געבעטן מען זאָל אויסהערן זיין דערקלערונג, און איידער מען האָט זיך געקאָנט אָריענטירן, וואָס דער פאָרזיצער האָט בדעה צו טאָן אין דעם פאַל, האָט ער, טייטלענדיק מיטן פינגער אין איין זייט זאַל, כמעט היסטעריש געליאַרעמט:

— אין זאַל זענען פאַראַנען צוזאַמען מיט אונדז טמאים פון מער

ווי איין סאָרט. שוואַרצע און רויטע טמאים זיצן דאָ צוזאַמען מיט אונדז! מיר טאָרן מיט זיי נישט זיין צוזאַמען, ווען מיר זענען מזכיר דעם אָנדענק פון אַ יידישן שרייבער...

דאָס בחורל האָט נאָך געפּאַכעט מיט די הענט, ווי ער וואָלט נאָך עפּעס וועלן זאָגן, נאָר דער עולם איז שוין אויפגעשטאַנען פון די פּלעצער און געריסן זיך איינער צום צווייטן, אַלע האָבן צוזאַמען געשריען און געוואָרפן מיט די הענט, ווי זיי וואָלטן וועלן עמעצן איינשטילן, אָדער אפשר גאָר שלאָגן, דערביי האָט קיינער נישט געלייגט קיין אַכט אויף דעם, צו וועמען ער שרייט עס אַריבער, אויב יענער איז טאָקע זיין קעגנער...

יואל האָט נישט איין מאָל געהאַט דורכגעמאַכט אַזעלכע געשלעגן אין פּאַריז, האָט ער געהאַט דערפאַרונג ווי זיך צו שיצן און אַרויסדרייען פון אַזאַ טומל. האָבנדיק אין זינען, אַז ער האָט דאָ מיט זיך רחלען, האָט ער נאָך פריער געהאַט אויסגעמאָסטן די דיסטאַנץ פון זייערע פּלעצער צו דער זייטיקער טיר און איצט, ווען עס האָט זיך געדוכט, אַז דער שטורעם וועט אויסברעכן אין אַ געשלעג, האָט ער רחלען פאַרשטעלט מיט זיין קערפּער און זי אַרויסגעפירט דורך דער זייטיקער טיר אויף דער טעראַסע, פון וואַנען זיי זענען ביידע לאַנגזאַם אַראָפּ אין גאַס אַריין.

יואל מיט רחלען זענען נאָך אַ צייט אַרומגעגאַנגען איבער סאַנט אַננאַ. אין זאַל פון דער ביבליאָטעק און אין גאַס האָט אָנגעהאַלטן דער טומל, ס׳איז אָנגעקומען די פּאָליציי, אַן אַרעסטאַנטן־וואָגן און אַן אַמבולאַנס פון דער גיכער הילף, נאָר די יידישע שלעגער האָבן נישט דערלאָזט, מען זאָל אויף וועמען עס איז אָנווייזן אַלס שולדיקן און די פּאָליציי האָט נישט געהאַט וועמען צו אַרעסטירן. די פּאָליציי האָט געזוכט שלעגער אָדער געשלאָגענע, נאָר די יידישע שכנים אַרום דער ביבליאָטעק — ציוישן זיי אייניקע באַלעבאָסטעס פון „הייזלעך" — האָבן שוין געזאָרגט דערפאַר, מען זאָל קיינעם נישט געפינען און ווען עס איז געווען אַ צעשלאָגענער אָדער צעבלוטיקטער, האָט מען אים אויף שנעל אַריינגעכאַפּט אין אַ פּריוואַטער וווינונג, אַבי די פּאָליציי זאָל נישט האָבן קיין אַרבעט מיט די יידישע סקאַנדאַלן און דער גוטער נאָמען פון דער יידישער געזעל־שאַפט זאָל נישט באַשמוצט ווערן אויף די פראָנט־זייטן פון די סענסאַציע־צייטונגען.

צוליבן טומל האָט זיך קיינער נישט אומגעקוקט אויף רחלען און יואלן און זיי האָבן זיך אויסגעמישט מיטן עולם, צוגעהערט זיך ווי מען האָט פון פאַרשידענע זייטן קאָמענטירט די געשעענישן, וועלכע האָבן געפירט צום געשלעג. אַ מיטליעריקער מענטש האָט קאָמענטירט די רעדע פון יואלן, וועמען ער האָט גערופן: „דער גרינער פון פאַריז״ און גערעדט מיט באַגייסטערונג וועגן יואלס רוף צו שלום צווישן די פאַרשידענע טיילן פון יישוב. יואל מיט רחלען זענען אַוועק פון דער פראָסאָ שפּעט אין אָוונט, האָבן גענומען אַ קאָטש און זיך געלאָזט פירן אין דער ריכטונג פון אווענידא אַטלאַנטיקאָ, צו דער געגענט, וווּ רחלס אַפּאַרטאַמענט געפינט זיך.

יואל האָט נישט געקאָנט זיך זאַט אָנקוקן אויף רחלען, ווי זי האָט אויפגעלעבט, ווי פריילעך זי איז די גאַנצע צייט, ווי זי האָט רק געבעטן אים, ער זאָל פאַר איר זינגען דאָס וויג־ליד, מיט וועלכן ער האָט געזאָלט זיך באַטייליקן אין פראָגראַם פון אָוונט.

ווען זיי זענען געזעסן זייט ביי זייט אין דעם לאַנגזאַם פאָרנדיקן קאָטש, האָט ער גענומען איר קליין הענטל אין זיין האַנט אַריין, ווי ער פלעגט עס טאָן אַ מאָל אויף זייערע שפּאַצירן אין שטעטל, אויסערן שטאָט, צי ביים וואַסער־בוים, און ווען דער קאָטש איז געפאָרן דורך די ליידיקע גאַסן פון ריאָ, וועלכע פירן צו דער אווענידא אַטלאַנטיקאָ, האָט ער אויפ־געזונגען די באַלאַדע, וואָס ער פלעגט איר זינגען אין דער אַלטער היים:

אַ האַרבסט־נאַכט אַ קילע,
צווישןביימער פילע —
פאַרוואָלקנט דער הימל,
פאַרכמאַרעט די נאַכט,
עס שטייען צוויי געליבטע,
פאַרטראַכטע און פאַרטריבטע...

דער קאָטש איז געפאָרן לאַנגזאַם. די רעדער האָבן צוגעקלאַפּט צום טאַקט און רחל האָט מיט אים מיטגעזונגען:

איך וועל נישט פאַרגעסן די נאַכט —
זאָגט זי צו אים אין דער שטיל —

דיינע אויגן, די שטענדיק פאַרטראַכטע,
וואָס דערציילט האָבן מיר אַזוי פיל...

ער האָט זי געקושט מיט פרייד און טרערן. ער האָט זי געדריקט צו זיך און רחל האָט זיך קוים אַרויסגעריסן פון יואלס אָרעמס און אַוועק אין דער ריכטונג פון איר אַפּאַרטאַמענט־הויז. זי האָט אויסגעווישט די טרערן, אין שפּיגל פון האַנט־בייטל באַטראַכט איר פּנים, די פאַרוויינטע אויגן, זיך צוריק אָנגעפּודערט און אָנגעשמינקעט, באַמיט צו ענדערן איר שטימונג און מיט געמאַכטער פריילעכקייט אַרײַן אין עלעווייטאָר צו איר אַפּאַרטאַמענט.

ווען זי האָט אַרויסגענומען די שליסלעך אויפצושליסן די טיר, האָט זי באַמערקט, ווי עס איז ליכטיק אין איר אַפּאַרטאַמענט און זי האָט זיך אָנגעשטויסן, וואָס עס שטייט איר דאָרטן פאָר.

אין איר אַפּאַרטאַמענט איז געווען פאַרזאַמלט דאָס אייבערשטע פון שטייסל פון דער אונטערוועלט־חברה, אירע שותפים פון די הייזלעך, מיט וועלכע זי פאַרוואַלטעט, זיי האָבן זיך מישב געווען, וואָס צו טאָן מיטן „גרינעם יאָלד". עס זענען געפאַלן עקסטרעמע פאָרשלאָגן: מען זאָל אים אַפּראַמען אָדער אַפּכּירעשן, ער זאָל אַליין אַוועקפאָרן, אָדער אויסטראַכטן אויף אים אַ בלבול, מען זאָל אים אַרעסטירן. נאָר ראַקעל האָט געהאַט צווישן זיי אויך אמתע פריינד און אַ גרויסע השפעה אויף דער חברה. אַרנאָלד, וועלכער איז דעם זעלבן נאָכמיטאָג געקומען צו פליען פון פּאַריז, האָט פאָרגעלייגט, מען זאָל איבעררעדן מיט ראַקעלן אַליין און הערן, וואָס זי זאָגט וועגן דעם.

— העללאָ! — האָבן איר באַגעגנט אייניקע שטימען צוזאַמען, ווען זי האָט געעפנט די טיר און אַריין אין איר אַפּאַרטאַמענט — מיר האָבן געמיינט, אַז דו ביסט אַנטלאָפן מיטן „גרינעם יאָלד" און אונדז איבערגעלאָזט אויפן דראָנזשיק...

אַרנאָלד האָט זיך אויפגעהויבן, צוגעגאַנגען צו ראַקעלן, איר אָנגענומען ביי די הענט, איר געקוקט אין פּנים אַריין, זי אַרומגעכאַפּט, געקושט און נישט אויפגעהערט זי באַוווּנדערן:

— ראַקעל, מאַן שערי, זעסט דאָך אויס אַלע מאָל ייִנגער און שענער:

אַרנאָלדס פריינדלעך אַרומכאַפּן זיך מיט ראַקעלן האָט אָפּגעקילט

אַלעמענס געמיטער און ווען ראַקעל האָט גענומען אַראָפּציען די הענטשקעס, אויסטאָן דעם הוט און זשאַקעטל און געבעטן זיי זאָלן איר זאָגן, וואָס עס האָט זיי געבראַכט צו איר אַזוי שפּעט ביינאַכט, איז ביי אַלע אוועק דער כעס. זיי זענען געווען גרייט צו זאָגן אַ גוטע נאַכט אָן אויסצורעדן אַ וואָרט. בלויז דער גרויסער יאַנעק האָט אַרויסגעברומט מיט זיין באַסאָווער שטימע:

— זעט נאָר, ווי אַלע האָבן שוין געמיינט, אַז ראַקעל האָט אונדז אויף אַן אמת אָנגעפּייפט און אַנטלאָפן מיטן גרינעם... איך זאָג אייך, אַז ראַקעל בלייבט שטענדיק ראַקעל!

— קומט, לאָמיר גיין! אַרנאָלד וועט שוין אַלץ באַזאָרגן, ווי עס באַדאַרף צו זיין. ראַקעל וועט אָן אַ פּאַרוואָס אונדז נישט איבערלאָזן אויפן וואַסער, צוליב עפּעס אַ גרינעם יאָלד...

ביז שפּעט איז ראַקעל געזעסן מיט אַרנאָלדן און זיי האָבן, ווי אמתע, אינטימע פריינד, אַרומגערעדט אַלע מעגלעכע אויסוועגן פאַר איר, וואָס אויסצוווילן — צווישן דער חברה און איר ליבע צו יואלן.

בלויז מיט אַרנאָלדן האָט ראַקעל געקאָנט זיין אַזוי פריי און אָפנהאַרציק. זייער פריינדשאַפט האָט זיך געצויגן העט פון דער ערשטער צייט, ווען מאָריץ האָט איר אַריבערגעבראַכט פון אייראָפּע און אָפּגעגעבן צו אַ מאַדאַם אין אַ הייזל. נאָר אַ דאַנק אַרנאָלדן איז זי געוואָרן, וואָס זי איז היינט — די הויפּט־אָנפירערין פון דער חברה.

ראַקעל איז געווען די איינציקע, וואָס האָט געוווּסט און געהיטן אַרנאָלדס פּערזענלעכן סוד, אַז ער איז אימפּאָטענט, און פאַרן היטן זיין סוד, לאָזנדיק יעדן דענקען, אַז זיי לעבן אַלס מאַן און ווייב, איז ער איר געווען זייער דאַנקבאַר און איז געווען גרייט צו לויפן פאַר איר אין פייער און אין וואַסער.

אַרנאָלדן איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק, צו האָבן אַן אָפנהאַרציקן שמועס מיט יואלן און נאָך דעם וועט ער קענען ראַקעלן זאָגן, וואָס מען קען טאָן. ראַקעל האָט, בלית ברירה, איינגעשטימט, ווייל אין איניקע טעג אַרום האָט מען דער חברה געמוזט געבן אַן ענטפער, וואָס צו טאָן מיטן „גרינעם" און מיט די געשעפטן, מיט וועלכע ראַקעל פירט אָן.

## קאַפּיטל צען

# ווי נעמט מען אויסלייז־געלט?

ביי יואלס באַלעבאַטים, די בערס, זענען יואל מיט זיינע נייע פריינד געזעסן אין קיך, געטרונקען שוואַרצע קאַווע און קאָמענטירט דעם צעשטערטן אזכרה־אָוונט. אַ פאַרזאַמלונג זאָל אויפגעריסן ווערן, איז נישט געווען קיין נייעס, נאָר אַז אויך אַן אָנדענק־אָוונט נאָך אַ יידישן שרייבער זאָל נישט רעספּעקטירט ווערן, איז שוין געווען אַ נייעס און דער אָפענער בונד פון די „פּראָגרעסיווע" מיט די „חברה־לייט", וואָס איז דאָס ערשטע מאָל אַרויס אין דער עפנטלעכקייט, האָט אַלעמען אויפגערעגט. סעניאָר בער האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, אַז ווען דאָס שוואַרצע היציקע בחורל וואָלט נישט אַרויס מיט זיין דערקלערונג, וואָלט אַלץ געווען כשורה. די אַנדערע זענען געווען איבערצייגט, אַז די „פּראָגרעסיווע" מיט זייערע „חברה־לייט" זענען געווען צוגעגרייט צו דעמאָנסטרירן זייער בונד און זיי וואָלטן די פאַרזאַמלונג סיי ווי אויפגעריסן.

— אונדזער דור וועט אויסשטאַרבן — האָט ווער רעזומירט — און די זין און טעכטער פון אַלע יידישע שאַטירונגען, וועלכע באַקעמפן זיך איצט, וועלן זיך אויסמישן צווישן זיך און אַ שפּאָר ביסל וועט זיך אויסמישן מיט די בראַזיליאַנער און אין פאַרלויף פון אייניקע דורות וועלן מיר האָבן אַ נייע אויפלאַגע פון געוועזענע יידן, ווי עס זענען געווען די מאַראַנען פון פּאָרטוגאַל, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט קיין בראַזיל אויף צו קענען לעבן אין געהיים אַלס יידן, און זענען היינט די אָנגעזעענסטע בראַזיליאַנער פאַמיליעס, נאָר וועגן זייערע יידישע עלטער־זיידעס ווייסן זיי גאָרנישט.

יואל האָט נישט געקאָנט זיך קלאָר מאַכן, ווי אַזוי די דאָזיקע געשעענישן האָבן אַ דירעקטע שייכות צו אים און זיין צוקונפט. ער האָט שוין געוווסט וועגן רחלס פאַרבינדונגען און פּאָזיציע אין דער וועלט פון די „חברה־לייט", נאָר ער האָט נישט געקאָנט צונויפבינדן אַ ריי געשעענישן,

וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו אים, צו רחלען און צו זייערע צוקונפטיקע פּלענער.

באַגינען איז יואל איינגעשלאָפן. אין חלום האָט ער שפּאַצירט מיט רחלען, צוזאַמען האָבן זיי געזונגען און געשטיפט. נאָר פאַר קיין פאַל האָט ער נישט געקאָנט זיך קלאָר מאַכן ווו זיי זענען — אין זייער היימשטעטל, אָדער אין רווישיקן ריאָ דע זשאַניירא. אויפגעכאַפּט האָט ער זיך שוין אַ שטיק אויף טאָג, די זון האָט שוין לאַנג געוואַרעמט. ער איז אַריין אין באָד־צימער, אַרונטער אונטערן קאַלטן דוש, זיך לאַנג געבאָדן, ווי וועלנדיק אַראָפּשווענקען פון זיך עפּעס אומאַנגענעמעס, איבלדיקס. ער האָט זיך לאַנגזאַם גענומען אָנטאָן און באַשלאָסן דעם טאָג אין דער שטאַרקער היץ נישט גיין אַרבעטן.

דער טעלעפאָן האָט זיך צעקלונגען און די באַלעבאָסטע האָט אים געזאָגט, אַז דאָס וויל וועמער רעדן מיט אים. ער איז געווען זיכער, אַז דאָס וויל אים רחלע אָנזאָגן, ער זאָל נישט פאַרגעסן זיך טרעפן מיט איר אין דער באַשטימטער שעה, ווי זיי האָבן אָפּגערעדט, און ער האָט זיך געגרייט צו הערן איר פריילעכע שטימע און אפשר אויך עפּעס אַ פריינדלעכע באַמערקונג וועגן זיין נעכטיקן אָוונט. זי האָט אים אָבער זייער קאַלט, ווי אין אַ געשעפטסמעסיקן טאָן, געבעטן, ער זאָל זען אַריבערקומען צו איר. עס איז גאָרנישט געשען, נאָר זי מוז מיט אים רעדן. אַזוי שנעל ווי ער וועט נאָר קאָנען, זאָל ער זען צו קומען.

יואל האָט געהאַט אַ געפיל, ווי עס וואָלט ווער געשטאַנען דערביי און איר אונטערגעזאָגט, וואָס אים צו זאָגן און ווי אַזוי מיט אים צו רעדן. ער איז געוואָרן נייגעריק זיך צו דערוויסן די סיבה פון דער דאָזיקער ענדערונג און וועגן וואָס זי וויל מיט אים רעדן.

ווי אויף להכעיס איז אים אַלץ געפאַלן פון האַנט און וואָס ער האָט גענומען זיך אָנטאָן איז אים נישט געפעלן געוואָרן. ענדלעך האָט ער אָנגעטאָן אַן אַנצוג, איז שנעל אַראָפּ אין גאַס, צוגערופן אַ טעקסי און געהייסן זיך פירן אין דער ריכטונג פון רחלעס אַפּראַטאַמענט־הויז.

זיצנדיק אין טעקסי האָט יואל געפּרוווט טרעפן וועגן וואָס רחלע דאַרף אים אַזוי שנעל זען, און וואָס עס באַטייט דער קאַלטער טאָן אין איר רעדן. ער איז געווען פול מיט רעזיגנאַציע און אַזוי האָט ער פּאַמעלעך אַרויפגעג־

שפּאַנט איבער די טרעפּ און אַנגעקלונגען אין דער טיר פון רחלעס אַפּאַרטאַמענט.

אינעווייניק האָט אים רחל אויפגענומען מיט אַ פריילעך פלאַטערן, פון וועלכן עס האָט געשלאָגן מיט געפילן פון ליבע, אָבער אויך זאָרג און טיילוויז מיטלייד.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט קעגנאיבער אים ביים טישל לעבן דער אָפענער באַלקאָן־טיר. פון דער ווייטנס האָט זיך געוויגט אַ בלויער ים־שפּיגל און יואלן האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אויך רחלס רייד וויגן זיך אַזוי שטיל. זי האָט אים דערציילט וועגן אַרנאָלדס צוריקקומען פון פּאַריז. אַז ער איז צו איר זייער גוט; מיט יאָרן צוריק האָט ער זיך פּאַר איר אָנגענומען און אַרויסגעראַטעוועט פון מאַריצעס נעגל. ווען נישט אַרנאָלד, וואָלט זי אייביק געבליבן אַ שקלאַפין אין מאַריצעס הייזלעך.

— דו ווייסט, יואל? דער דאָזיקער עלעגאַנטער און געפּוצטער אַרנאָלד — איז דאָך אין גאַנצן אימפּאָטענט. אויף אַ האָר נישט קיין מאַן! אויסער מיר ווייסט קיינער נישט פון זיין סוד, און ווייל איך מאַך דעם אָנשטעל, אַז מיר זענען מאַן און ווייב, איז ער מיין אייביקער שקלאַף. ער וואָלט פּאַר מיר געלאָפן אין פייער און וואַסער!

שמייכלענדיק האָט זי זיך געוואָרפן אין זיינע אָרעמס, אָבער יואלן האָט געאיבלט פון אירע רייד. עס האָט אים אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן. אין געדאַנק זענען אים דורכגעלאָפן אַ ריי באַגעגענישן מיט מסיע אַרנאָלד אין פּאַריז און פּראַגעס, אויף וועלכע ער האָט דעמאָלט נישט געקאָנט געפינען קיין ענטפער, זענען איצט פאַר אים קלאָר געוואָרן. ער האָט אָפן געוואָלט זאָגן רחלען, אַז ער זעט שוין די סביבה אין וועלכער זי לעבט זיך אויס. ער האָט שוין געוווּסט, אַז זי איז נישט ביי זיך אין די הענט. צי וועט ער אָבער זיין בכוח אַרויסצונעמען רחלען פון דער דאָזיקער ראַיענדיקער ווערעם־נעסט?

פון גאַס איז אַריינגעקומען אַרנאָלד. ער איז געווען זייער אויפגעלייגט, האָט געבראַכט פאַרשידענע קאָסמעטיקס־מתנות פאַר רחלען. דערזעענדיק יואלן האָט ער אים צוגעוואָרפן אַ גוט־ברודערישן העללאָ, ווי ער וואָלט אים מיט אַ טאָג פריער שוין דאָ געהאַט געזען, זיך אַנטשולדיקט, אריין

אין אַ זייטיק צימער, פון וואַנען ער איז אַרויסגעקומען איבערגעטאָן אין שטוב־קליידער, ווי וועלנדיק יואלן ווייזן, אַז ער ווינט דאָ און איז דאָ דער באַלעבאָס.

יואל האָט באַטראַכט אַרנאָלדן. עפּעס האָט ער אין זיינע אויגן פאַרלוירן די פּאַריזער עלעגאַנטקייט; ער האָט אויסגעזען פאַרעלטערט, ווי ער וואָלט פאַר דער צייט, וואָס זיי האָבן זיך נישט געזען, עלטער געוואָרן אויף אַ צענדליק יאָר. אַרנאָלד האָט אים לאַנג נישט געלאָזט טראַכטן און געשעפטסמעסיק צוגעטראָטן צום עצם ענין, צוליב וועלכן ראַקעל האָט אים אַהער גערופן:

— יואל, גלויב איך, ווייסט שוין פון אַלעס, איז דעריבער וועל איך עס מאַכן גאַנץ קורץ:

— אין דער צייט פון אייער אויפהאַלטן זיך אין פּאַריז האָט ראַקעל, אָדער אונדזער געמיינזאַם שותפות־געשעפט, אויף אייך אויסגעגעבן אַ גאַר גרויסע סומע געלט, איז אויב איר רעכנט אַוועקצונעמען פון מיר מיין פּאַרטנערין ראַקעל, מוזט איר מיר אומקערן די דאָזיקע סומע. דאָס איז דער אָפּמאַך, וואָס איך האָב געשלאָסן מיט ראַקעלן, ווען כ׳האָב זי אַרויסגענומען פון מאַריצן און געעפנט מיט איר דאָס איצטיקע שותפות. איצט זאָגט מיר, זשוליען, צי נעמט איר דאָס אָן אַלס אַן ערלעכע האַנדלס־פּראָפּאָזיציע?

יואל האָט אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט צו אַרנאָלדס סוחרישן אופן פון רעדן וועגן זיין שותפות מיט ראַקעלן און ס׳איז אים קלאָר געוואָרן, אַז דער דאָזיקער אַרנאָלד רעדט מיט אַזאַ כלומרשט גלייכגילטיקן טאָן, ווייל ער איז זיכער, אַז ער, יואל, וועט קיין מאָל אין לעבן נישט קענען אָפּצאָלן אים דעם חוב.

דער שמועס צווישן די צוויי מענער האָט זיך געפירט אין פראַנצויזיש און דער טאָן פון זייער שמועס איז געווען אַזאַ געמיטלעכער, אַז עס האָט זיך געקאָנט אויסדאַכטן, אַז דאָ שמועסן זיי וועגן זייטיקע וועלט־זאַכן, וואָס האָבן גאָרנישט קיין שייכות צו אַ פּרוי, וואָס זיי האָבן ביידע ליב. רחל האָט געגרייט צום טיש קאַפע און קעז־קוכנס און איר אָנוועזנהייט האָט דעם שמועס געמאַכט נאָך געמיטלעכער.

ווען ס׳איז געוואָרן טונקל האָט יואל זיך געזעגנט מיט ביידן און

פאַרזיכערט אַרנאַלדן, אַז ער וועט פון אים הערן אַזוי שנעל ווי ער וועט זיין אַ ביסל איינגעאָרדנט.

*

יואל איז אַוועק פון אַרנאַלדן און רחלען אין גאַנצן אַ צעררודערטער. דאָס וואָס זיי — אָדער „דאָס שותּפות״, ווי אַרנאַלד האָט זיך אויסגע־דריקט — האָט אויף אים אויסגעגעבן אַ געוויסע סומע געלט, וואָס ער מוז זיי צוריקצאָלן, האָט אים אין גאַנצן אַנטוואָפנט. ער האָט געפילט, אַז דאָס וואָס זיי האָבן אים אַ צייט אויסגעהאַלטן — זאָל זיין אָן זיין וויסן — נעמט ביי אים צו דאָס רעכט זיך צו באַנוצן מיט די אַלע אַרגומענטן וועגן ליבע, מאָראַל, פּערזענלעכע פרייהייט און יושר. אַרנאַלדס פּשוטע פאָדערונג, ער זאָל צוריקצאָלן די אויסגעגעבענע געלט־סומע, האָט אים אויסגעזעצן צו זיין אָן אייזערנע טענה קעגן אים. קעגן אַזאַ פאָדערונג איז נאָר דאָ איין עצה — אַרויסנעמען געלט און באַצאָלן. אָבער ווו נעמט מען אַזוי פיל געלט?

ער האָט נישט געפילט ווי ער איז צו פוס דורכגעגאַנגען די גאַנצע אַווענידאַ אַטלאַנטיקאָ, האָט דורכגעשניטן לאַפּאַ און נישט אָפּגעבנדיק זיך רעכט קיין חשבון האָבן אים די פיס פאַרטראָגן אויף אַ זייטיק געסל, נישט ווייט פון גאָמעז פּריערע, צום הויז פון סעניאָר אַלבערטאָ.

אַריינגעקומען אַזוי אומדערוואַרטעט, פאַרשוויצט, פאַרצאָרנט, האָט אַלבערטאָ זיך דערשראָקן פאַר אים. ער האָט אים דערלאַנגט אַ קאַלטן טרונק און, וועלנדיק אים אַ ביסל צעשטרייטן, געפרעגט, וואָס ער זאָגט וועגן דעם טומל אויפן אזכרה־אָוונט אין דער ביבליאָטעק. יואל האָט אָבער נישט געהערט, וואָס ער פרעגט אים און געענטפערט מיט אַ פראַגע:

— סעניאָר אַלבערטאָ, ווו נעמט מען געלט? אָבער אַ סך געלט...

אַלבערטאָ, וואָס האָט באַלד פון אָנהייב חושד געווען, אַז עפּעס איז מיט דעם יונגן מאַן געשען, אַז עפּעס איז מיט אים נישט גלאַטיק, האָט איצט, ווען ער האָט געהערט פון אים די דאָזיקע מאָדנע פראַגע, כּלומרש זיך צעבייזערט אויף אים:

— וואָס קומט איר צו מיר מיט אַזעלכע מאָדנע פראַגעס? פון וואַנען

זאָל איך וויסן, ווו מען קאָן נעמען אַ סך געלט?... בכלל, וואָס איז עס פאַר אַן ענין אין אַ געוויינלעכן פאַרנאַכט, אַזוי — נישט מיר, נישט דיר — אַריינפאַלן צו מיר און מיך שטעלן אין אַ פאַרלעגנהייט מיט אַזעלכע מאָדנע פראַגעס?...

יואל האָט אַלבערטאָן געענטפערט מיט אַ בייזן בליק און גלייך פאַרלאָזט זיין שטוב. ער האָט ווידער געשפּאַנט לאַנגזאַם אויף גאַמעז פרעירע און זיך פאַרקירעוועט אויף מעם דע סאַ, אויפן וועג צו דער פּראַסאַ אַנזע, נאָר פאַרבייגייענדיק לייבעלעס אַטעליע, פאַר וועמען ער האָט אויסגעפּאַרטיקט בילדער, האָט ער באַמערקט ווי אין אַ זייטיק צימער לייכט זיך, האָט ער אָנגעקלאַפּט אין האַלב־אָפענעם באַלויכטענעם פענצטער. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט, ווי פון צווישן די שפּאַרעס פון די שמוציקע „וועגעזיאַנעס" האָט אַרויסגעקוקט לייבעלעס צעשויבערטער קאָפּ און דער־זעענדיק יואלן איז ער אויף שנעל געלאָפן צו דער טיר, זי ברייט אויפגעעפנט און אים אַריינגעבעטן אינעווייניק.

יואל האָט זיך אַ פאַרמאַטערטער אַראָפּגעלאָזט אויף איינעם פון די פאָטעלן, וועלכע זענען געשטאַנען גרייט פאַר קונים, אַ ווײַלע געשוויגן, ווי ער וואָלט געטראַכט, ווי אַזוי מיט לייבעלען אָנהייבן רעדן וועגן דעם, וואָס ס'קומט מיט אים איצט פאָר.

לייבעלע האָט געפּרוווט אים צעשטרייטן מיט פאַרשידענע מעשות וועגן קונדן, בילדער, נאָר עס איז אים נישט געלונגען, יואל האָט אים כמעט נישט געהערט און געווען פאַרטאָן אין זיך. לייבעלע האָט באַמערקט, אַז עפּעס דריקט אים, נאָר פרעגן, וואָס עס קומט מיט אים פאָר, האָט לייבעלע נישט געוואַגט.

אין פאַרלויף פון דער צייט, וואָס יואל האָט געאַרבעט פאַר לייבעלען, איז זיין לכתחלהדיקער אומצוטרוי צו אים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טיפער פאַרערונג. ער האָט זייער הויך געשאַצט זיין טאַלאַנט, און זיך דער־וווּסט פון די וויאַזשאַנטן, אַז אלבערטאָס פאָרשלאָג צו עפענען אַליין אַן אַטעליע האָט יואל אָפּגעוואָרפן.

לייבעלע האָט אַרומגעפּאַדעט אַרום שווייגנדיקן יואל. ער האָט אַריינ־געבראַכט אַ קאַלטן טרונק, האָט אָנגעוואַרעמט אויפן עלעקטרישן אייוועלע קאַפּע, נאָר יואל האָט אַלץ געשוויגן. לייבל האָט זיך צוגעבויגן צו אים:

— עפּעס דריקט דיר אויפן האַרצן, רייד זיך אויס פּאָר אַ פריינט, וועט דיר לייכטער ווערן... אפשר וועל איך דיר גאָר קאָנען מיט עפּעס בייהילפיק זיין... נישקשה, איך פאַרשיי די שטימונגען ביי אַ קינסטלער... אַליין אויך אַ מאָל געלעבט אין אַזאַ וועלט...

אויף להכעיס די אַלע פריינדלעכע זשעסטן פון לייבעלען האָט יואלן זיך אַלץ אויסגעדאַכט, אַז דער דאָזיקער לייבעלע איז גאָר אַן אָנגעשטאָפּטע פּאָפּקע, וואָס שפּאַנט אַזוי אַרום מיט דער צעשויבערטער טשופּרינע, גרויסן אויסגעבונדענעם קינסטלער־קראַוואַט און שוואַרץ סאַטינען כאַלאַט, בלויז אַ דאַנק דער אָנגעצויגענער פּרוזשינע ערגעץ אויף דער הויקערדיקער פּלייצע. ווען די דאָזיקע פּרוזשינע וועט זיך ווען עס איז אויפוויקלען, וועט דאָס באַוועגלעכע, פריינדלעכע באַשעפעניש זיך אויפהערן צו באַוועגן, אפשר בלייבן שטיין ערגעץ ווו אין אַ ווינקל פון דער אַטעליע, ביי אַן אַרבעט, און מער זיך נישט רירן פון אָרט...

יואל האָט געשפּירט, אַז ער איז נישט גערעכט צו דעם פריינדלעכן לייבעלע. נאָר ער האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון זיינע טראַכטענישן וועגן אים. ווי וועגן אַ מעכאַנישער פּופּקע... עפּעס אַזאַ ענלעך געפיל פלעגט ער האָבן אַלס קינד, ווען ער פלעגט זיך שפּילן מיט די קינדער פון הויף אין באַהעלטעניש... אין סאַמע ברען פון דער שפּיל, ווען אַלע האָבן אויסגעזוכט די סאַמע אומגלויבלעכסטע פלעצער זיך צו באַהאַלטן, איז אים גאָר איינגעפאַלן זיך אַוועקצוזעצן אויף די טרעפּ פון קעלער, ווו יעדער קען אים זען... אָפט מאָל איז דעם „זוכער" גאָרנישט איינגעפאַלן דאָרטן צו זוכן...

יואל האָט קוים געהאַט כוח אים צו ענטפערן מיט אַ פּאָר ווערטער:

— איך דענק אַוועקצופאָרן פון דאַנען. איך ווייס נאָך נישט וווהין, אָבער פריער וועל איך אויסענדיקן דיינע בילדער, וואָס כ'האָב ביי זיך... כ'מוז ערגעץ מאַכן, אויף שנעל, אַ גרויסע אפּותיקי און אָנהייבן אַ ניי לעבן. דאָס לעבן, וועגן וועלכן כ'האָב געחלומט... אַזוי איז נישט קיין לעבן! — האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף „ניין", שטייענדיק ביי דער טיר.

אַרום האַלבער נאַכט האָט זיך יואל דערשלעפּט, אַ פאַרמאַטערטער, צו זיין קוואַרטיר. אַלע זענען שוין געשלאָפן. ער איז אויף די שפּיץ פינגער אַריין צו זיך אין צימער און זיך אַריינגעוואָרפן אין בעט.

די נאַכט איז אַדורך אין אַ קאָשמאַר פון ווילדע חלומות. אויף צו מאָרגנס איז ער געווען אין גאַנצן ניכטער און דעצידירט, אַז ווייטער לאָזן אַלץ זאָל אַזוי גיין מיטן באַטירלעכן וועג קאָן ער נישט, כאָטש וואָס צו טאָן און ווי אַזוי צו דערגרייכן דעם ציל — אויסלייזן זיך און רחלען — האָט ער אַליין נישט געוווּסט.

## קאַפּיטל עלף

# צו גאַסט ביי פּעדראָן

די ווייטערדיקע וואָכן זענען געווען ביי אים פול מיט אָנגעשטרענגטער אַרבעט. פון גאָר באַגינען ביז שפּעט אין אָוונט, ביז ער האָט אויסגעענדיקט לייבעלעס בילדער.

אַ גאַנצן טאָג האָט ער זיך געפונען אין זיין אַטעליע. ער פלעגט זיך נאָר אַרויסכאַפּן אין זייטיקן קאַפע עפּעס איבערכאַפּן און גלייך צוריק צו דער אַרבעט, דאָך האָט זיך אים געדוכט, אַז די צייט ציט זיך צו לאַנגזאַם, ווי ער וואָלט זיך געהאַט פאַרוועט אין אַ געיעג מיט וועמען און ער מוז יאָגן אַזוי שנעל, ווי ער איז נאָר בכוח צו קענען דעריאָגן און געווינען.

אין פאַרלויף פון די טעג האָט ער כמעט מיט קיינעם נישט גערעדט, איז געווען פאַרשלאָסן אין זיך. אַלבערטאָ איז אייניקע מאָל אַריינגעקומען אין דער אַטעליע און געפּרוּווט פאַרפירן אַ שמועס, נאָר יואל האָט אים כמעט ווי נישט באַמערקט און אים אַפילו נישט געענטפערט אויף זיינע פראַגן. אַלבערטאָן איז געוואָרן נמאס דאָס אַרומדרייען זיך, איז ער אַוועק און מער נישט געקומען.

אין אַ געוויסן טאָג האָט יואל פאַרענדיקט זיינע בילדער, אָפּגעשיקט זיי צו לייבעלען און אַליין איז ער אַריין צו די רייזס זיך געזעגענען און זיי באַצאָלן, וואָס ער איז זיי געווען שולדיק דירה־געלט פאַרן „באַראַקאָן".

די רייזס האָבן באַדויערט, וואָס ער וועט זיי פאַרלאָזן. זיי זענען געווען נייגעריק צו וויסן, וואָס ער דענקט צו טאָן, וווהין ער פאָרט אַוועק.

זיי האָבן געוואָלט ער זאָל בלייבן ביי זיי אויף אָוונטברויט, נאָר ער האָט זיך אַנטשולדיקט, אַז ער מוז אומבאַדינגט ערגעץ ווו זיין, און איז אַוועק צו לייבעלעס פאָטאָגראַפישן קונסט־אַנשטאַלט.

לייבעלע איז געווען זייער אויפגעלייגט, פריילעך אַרומגעפּאַדעט און זיך אונטערגעזונגען עפּעס אַן אַריע פון אַן אָפּערע. לייבעלעס אויפגע־לייגטקייט און פריילעכקייט האָט געווירקט אויף יואלן. ס׳האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז די „פּופּקע״, ווי ער פלעגט לייבעלען רופן אין געדאַנק, פאַרמאָגט ערגעץ ווו אַ געהיימע פּרוזשינקע, וואָס צעשפּילט זיך, ווען מען באַרירט זי.

לייבעלע האָט זיך דערפרייט מיט יואלן, אים געבעטן זיצן, סערווירט קאַפע און נישט אויפגעהערט אַרומדרייען זיך פריילעך אַרום אים.

ווען זיי זענען פאַרטיק געוואָרן מיט די חשבונות, האָט אים לייבעלע באַצאָלט, וואָס ס׳איז אים געקומען און קוקנדיק אויף איינע פון יואלס אויסגעצייכנטע בילדער, האָט ער אויסגערופן מיט באַגייסטערונג:

— זשאָעל, טייערער, איך האָב אַ פּלאַן, פון וועלכן מיר וועלן ביידע רייך ווערן. לאָמיר דעם פּלאַן אויספּרובירן אויף בלויז איין רייזע.

יואל האָט נישט אָנגעהויבן פאַרשטיין, וואָס ער מיינט. אַ רייזע? וווהין רייזן?.. איבערהויפּט איז ער געווען פאַרחידושט דערפון, וואָס לייבעלע האָט „אויסגעלייענט״ זיינע געדאַנקען, מיט וועלכע ער טראָגט זיך לעצטנס אַרום. ער האָט געוואָלט אויף שנעל וויסן אַלע איינצלהייטן פון פּלאַן און פון דער רייזע.

לייבעלע האָט עס געמאַכט זייער קורץ און קאָנקרעט:

— ווילסט אַוועקפאָרן פון דאַנען, ברודער זשאָעל? ווילסט אויף שנעל מאַכן געלט און רייך ווערן? איז מיין עצה, זאָלסט אַרויספאָרן קיין נאָרד און אָננעמען בילדער צו פאַרגרעסערן. מיט דיינע פעיקייטן אַלס קינסטלער וועסטו נעמען גוטע פרייזן. שיקסט מיר די בילדער, איך פאַרטיק זיי אויס און שיק זיי דיר צוריק, און דו נעמסט אָפּ דאָס געלט און שיקסט עס מיר איבער. געדענק, אַז אונדזערע בילדער זענען געצייכנטע, וואָס ווערן געמאַכט דורך באַרימטע מאָלערס. אויב איינער צווייפלט אין דעם, מאַכסטו אויפן אָרט אַ סקיצירטע צייכענונג און ווייזט, וואָס דו קענסט! איז מיין נאָמען נישט לייבל, אויב אין פאַרלויף פון

איין רייזע מאַכסטו נישט אויף דיין חלק אַזאַ סומע געלט, אַז דו ווערסט טאַקע אויף אַן אמת רייך.

צו לייבעלעס שטוינען האָט יואל זיך באַלד אָנגעכאַפּט אין פּלאַן און שוין געוואָלט וויסן, ווען עס גייט אַפּ אַ שיף קיין נאָרד. נאָר אויף זיין אויספרעגן זיך וועגן אַ שיף האָט לייבעלע זיך ערשט רעכט צעלאַכט:

ווער פּאָרט קיין נאָרד־בראַזיל מיט שיפן? יעדן אין דער פרי פליט אַפּ אַן אַוויאָן, וועסטו פאָרן מיטן אַוויאָן און אויך די בילדער וועל איך דיר צושיקן מיטן זעלביקן וועג. אַלץ וועט גיין מיטן אַוויאָן.

לייבעלע האָט אים אויסגעשריבן אַ טשעק אויף אַ געוויסע סומע און געהייסן אים אַריבערגיין אין דער סיטי־באַנק, עפענען אַ קאָנטאָ אויף זיין נאָמען. באַגלייטנדיק אים צו דער טיר האָט ער אין אים אַריינגערעדט:

— עס איז שטענדיק גוט צו האָבן אַ קאָנטאָ אין אַ באַנק און קענען אָנווייזן אויף רעפערענצן... גיי און גרייט זיך צו צום פאָרן און מאָרגן אין דער פרי וועלן מיר זיך טרעפן ביים אַוויאָן. כ׳וועל האָבן דעם בילעט, די מוסטערן פון די בילדער און די אַנדערע נייטיקע פאַפּירן. זיי נאָר צו דער צייט, כ׳וועל שוין אַלץ באַזאָרגן — האָט ער נאָכגעשריגן אין דער אָפענער טיר.

יואלן האָט דאָס אַלץ אויסגעזען ווי אַ חלום, ווי דער קאָשמאַר, וואָס ער האָט געזען אין חלום, נאָר דאָ איז עס אויף דער וואָר. ער וועט פליען קיין נאָרד, דאָרטן אָננעמען בילדער צום מאָלן, ער וועט אַליין מאַכן סקיצן, אויב ס׳וועט נייטיק זיין; וועט שיקן די באַשטעלונגען צו לייבעלען, קריגן צוריק פאַרטיקע, איינגעראַמטע בילדער, וועט די בילדער אָפּגעבן די קונדן און קריגן באַצאָלט... יאָ, לייבעלע איז גערעכט! אין איין רייזע קען מען ווערן רייך און מיט געלט אין האַנט, ווייסט ער שוין וואָס צו טאָן... ער וואָלט געוואָלט דערלעבן, צו זען אַרנאָלדס מינע, ווען ער וועט קומען צו אים און זיך הייסן דערלאַנגען דעם חשבון, וויפל ער קומט „דעם שותפות"...

פאַרזונקען אין אַזעלכע מחשבות איז ער אַריין אין סיטי־באַנק, האָט געעפנט אַ קאָנטאָ און ארויסגענומען אַ טשעק־ביכל. די צווייטע העלפט פון טאָג האָט ער זיך געגרייט צו דער רייזע. ער האָט טעלעגראַפירט פעדראָן, אַז ער קומט מאָרגן מיטן אַוויאָן. צו רחלען האָט ער אָנגעשריבן

אַ וואָרעמען געזעגענונגס־בריוו, פאַרזיכערנדיק איר, אַז ער פאָרט נאָר אויף אַ קורצע צייט, און צוגעגעבן, אַז ער האָפט ביים צוריקקומען צו קענען אָפּצאָלן „דעם שותפות" די סומע געלט, וואָס זיי האָבן אויף אים אויסגעגעבן אין פאַרלויף פון די יאָרן, ווען ער איז געווען אין פּאַריז. אין אַ זייט פון בריוו האָט ער צוגעגעבן: — „באַקלער זיך רחלע, אויב דו ווילסט אויסטוישן דיין היינטיק לעבן אויף אַ רואיק ווינקל, אַ באַשיידענע היים, פול מיט ערלעך־געמיינטער ליבע און איבערגעגעבנקייט... אויב יאָ, וועל איך אַזאַ רואיק ווינקל פאַר אונדז ביידן באַזאָרגן.

אָפּגעטאָן די אַלע זאַכן, האָט ער געהאַט בדעה אָפּעסן און זיך לייגן פרי שלאָפן, כדי קענען אויפשטיין גאַנץ פרי, נאָר זיינע באַלעבאַטים, די בערס, האָבן זיך דערוווּסט וועגן זיין אָפּפאָרן און האָבן פאַר אים איינגעאָרדנט אַ שטיקל אָפּשיידס־אָוונט. ס'זענען געקומען די רייזס און אַלבערטאָ. ס'איז געווען אַ לעבעדיקער אָוונט, וואָס האָט זיך פאַרצויגן ביז נאָך האַלבער נאַכט.

באַגינען איז לייבעלע פאַרפאָרן מיט אַ טעקסי צו די בערס, האָט געבומען יואלן מיט זיינע וואַליזעס און צוזאַמען זענען זיי געפאָרן צום לופט־פעלד, פון וואַנען די עראָפּלאַנען פליען אָפּ קיין נאָרד־בראַזיל. לייבעלע האָט געהאַט אַלץ באַזאָרגט און יואל איז אים דערפאַר געווען זייער דאַנקבאַר. אַלע זיינע יאָרן האָט ער קיין מאָל נישט געהאַט דאָס גליק צו ווערן באַגלייט אויף זיינע רייזעס מיט אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט, ווי איצט.

איינגעשטיגן אין עראָפּלאַן און זיך איינגענורעט אין באַקוועמען ווייכן שטול, האָט יואל געוואָלט רוען, נאָר ווי אויף להכעיס האָבן אַלע זיינע געדאַנקען און טראַכטענישן, פון דער לעצטער צייט, אים אין גאַנצן באַהערשט.

אָט איז ער צוריקגעקומען פון זיין רייזע מיט אַ גרויסן דערפאָלג. אויסער זיין חלק פאַרדינסט, איז לייבעלע גרייט אים צו באָרגן, וויפל ער זאָל נאָר וועלן אויפן חשבון פון די וויטערדיקע רייזעס. ער איז איצט זיין בעסטער פריינד. גאַנץ אומדערוואַרט פאַר אַרנאָלדן ציט ער זיך אַריין צו רחלען אין אַפּאַרטאַמענט. אין אַ געוויסן פרימאָרגן, ווען ס'קומט אַריין אַרנאָלד בעט ער ביי אים אַ רעכענונג, וואָס ער איז שולדיק „דעם שותפות",

און ווען יענער רופט אָן אַ געוויסע סומע, נעמט ער נאַכלעסיק אַרויס אַ טשעק־ביכל פון דער סיטי־באַנק, שרייבט אויס אַ טשעק אויף אַ האַלבן מיליאָן קרוזערעס, דערלאַנגט דעם טשעק אַרנאָלדן און בעט אַ קבלה...

פון דאַנען פירט אים דער געדאַנק צו רחלען... ווי זי דערוואַרט אים מיט אומגעדולד, און גלייך ווי זי דערוויסט זיך, אַז ער האָט איר אויסגעלייזט, פאַלט זי אים אויפן האַלדז, זיי צעקושן זיך און זי גייט מיט אים אַוועק פון רייכן איינגעאָרדנטן אַפּאַרטאַמענט, ערגעץ, ווו ער האָט צוגעגרייט אַ רואיק ווינקעלע, ערגעץ וויט פון שטאָט, אויפן וועג קיין סאַנטאָ קרוז...

אָבער וואָס איז דאָס? אַלץ גייט גלאַטיק, אָבער עפּעס קומען די בילדער דאָס מאָל נישט אַרויס געגוג קלאָר אין זיין דמיון. אַז ס׳קומט צו רחלען, זענען די בילדער אין זיין דמיון פאַרנעפּלט. ס׳רייסט זיך אַריין אַ צווייפל וועגן רחלס גרייטקייט אַוועקצוגיין מיט אים פון איר איצטיק לוקסוסדיק לעבן... עפּעס האָט זי לעצטנס מיט אירע האַנדלונגען און איר באַנעמען אונטערגעגראָבן ביי אים די פריערדיקע אַבסאָלוטע זיכערקייט, אַז זי וויל פּטור ווערן פון איר לוקסוס־לעבן און וואָס שנעלער אַוועק פון אים.

פאַרטיפט אין געדאַנקען, האָט ער אָבער באַמערקט, ווי די פּאַסאַזשירן קוקן נייגעריק דורך די פענצטער. דער עראָפּלאַן האָט געקרייזט איבער אַ געדיכטן אור־וואַלד פון וועלכן ס׳האָט זיך אויסגעטיילט אַ ריזיקער קוואַדראַט, אַ פלי־פעלד. דער פּילאָט האָט דורכן הילכער געהייסן אַלעמען צופעסטיקן די לעדערנע גאַרטלען. די סטואַרדעסין האָט צוגעהאָלפן צושנורעווען די גאַרטלען די פּאַסאַזשירן, וועלכע האָבן אַליין דאָס נישט געקאָנט, און דער עראָפּלאַן האָט זיך ווי אַ ריזיקער פויגל אַראָפּגעלאָזט אויפן פלי־פעלד.

דאָס פלי־פעלד, וואָס האָט פון אויבן אויסגעזען ווי אַ פּאַפּירענער פּירעק, איז געווען אַ גיגאַנטע מאַסע פון בעטאָן און אייזן, וואָס האָט זיך דאָ בכוח אַריינגעשניטן אין טיפן דזשונגל. פון די אַרומיקע וועלדער זענען אָנגעקומען מויל־אייזלען, די בראַזיליאַנער „מולאס״. אוז פון דער איינגעווייד פון עראָפּלאַן האָט מען אַרויסגענומען גרויסע באַלן סחורה, אָנגעלאָדנט אויף די מויל־אייזלען, וואָס האָבן עס באַדאַרפט צעפירן אין די פאַרשידענע ישובים אַרום די דאָזיקע אור־וועלדער.

די ריזיקע געביידע אויפן פלי־פעלד איז געווען איינגעאָרדנט מיט די סאַמע מאָדערנסטע איינריכטונגען, מיט אַ גרויסאַרטיקן ר׳עסטאָראַן, ווו מען האָט געקאָנט באַשטעלן אַלערליי געקעכטסן און געטראַנקען.

נאָך מיטאָג איז דער עראָפּלאַן אָנגעקומען קיין בעלעם אין נאָרד־בראַזיל.ביים פלי־פעלד האָט יואלן אָפּגעוואַרט פעדראָ מיט זיין פאָטער, סעניאָר אַלפאָנסאָ, מיט וועמען ער האָט נאָך געהאַט זיך באַקענט אויפן שיף. נאָר איצט האָט ער שוין געקאָנט זיך מיט אים צוזאַמענרעדן אין פּאָרטוגעזיש, איז דעריבער די באַגעגעניש צווישן זיי געווען אַ פריינדלעכע און אינטימע. סיי פעדראָ, סיי זיין פאָטער האָבן זיך זייער געפרייט מיט אים און זענען אים געווען דאַנקבאַר פאַרן האַלטן זיין צוזאָג, צו באַזוכן זיי אין זייער היים אויף דער „פאַזענדאַ״. איבערהויפּט איז דער פאָטער, סעניאָר אַלפאָנסאָ, געווען אים דאַנקבאַר פאַרן עצהן זיין פעדראָ צו בלייבן אויף דער פאַזענדאַ.

פעדראָ איז געווען אויסערגעוויינלעך צופרידן פון יואלס באַזוך. אין דער צייט, וואָס ער איז אין דער היים האָט ער באַוויזן צו מאָלן אייניקע געלונגענע קעפּ און ער אַרבעט איבער אַ גרויס בילד, וועט עס אים זיין זייער צו דער האַנט, צו האָבן לעבן זיך אַזאַ קאָמפּעטענטן קאָלעגע ווי זשוליען, מיט וועמען ער וועט זיך קענען עצהן. דערצו וועלן זיי אין די פרימאָרגנס צוזאַמען אַרויסרייטן אין דער ווילדער געגנט און זיך זעטיקן מיט דער לאַנדשאַפט פון אַרום זייער „פאַזענדע״ און אַ ביסל פּלאַפּלען וועגן די אַמאָליקע יאָרן אין פּאַריז.

דער איינציקער, וואָס איז נישט געווען צו שטאַרק באַגייסטערט פון זייער באַגעגעניש, איז געווען יואל. הגם ער האָט געפילט אַ גרויסע דאַנקבאַרקייט צו פעדראָ און זיינע עלטערן פאַר אויפנעמען אים אַלס אַן אָנגעלייגטן גאַסט, האָט ער אָבער ביים ערשטן צוזאַמענטרעף אַרויסגעפילט, אַז זיי זענען צוויי באַזונדערע וועלטן: פעדראָ און זיינע עלטערן לעבן זיך רואיק אויף זייער לאַנד און עס אַרט זיי גאָרנישט, אַז די טעג ציען זיך אַזוי לאַנגזאַם, ווי זייערע הילצערנע וועגענער מיט די געשפּאַנטע אָקסן, און ער איז גראָד איצט דער היפך. זיין אומגעדולד דערלויבט אים אפילו נישט צו באַגייסטערן זיך מיט דער שיינער, כאָטש רויער לאַנדשאַפט פון „סערטאַן״, שוין אָפּגערעדט פון זאָגן מבינות אויף מאָלעריי. ער מוז

אין אַ קורצער צייט אַניאָגן, דערגרייכן. אָט דער פּאַרמעסט איז איצט ביי אים דאָס וויכטיקסטע אין לעבן.

דעם היינטיקן פרימאָרגן האָבן זיי באַשלאָסן פאָרן זען ווי די פאַרם־אַרבעטער ברענען אויס די איניציאַלן פון דעם פּאַטערס נאָמען אויף די זייטן פון די בהמות. זיי האָבן שפּעטער געגעסן מיטאָג אין פעלד, געשניטן מיטן מעסער דאָס געבראָטענע פלייש, געטרונקען דאָס טרוקענע ברויט אין דער שוואַרצער קאַווע. פאַרנאַכט זיך אומגעקערט אַהיים צופרידענע, ווי נאָך אַ שווער־אָפּגעפּראַצעוועטן טאָג.

נאָך דעם אָוונט־ברויט זענען זיך אַלע צעגאַנגען צו זייערע געלעגערס און אויף דער ווערענדע זענען געבליבן פּעדראָ מיט יואלן. פּעדראָ האָט יואלן געוויזן אַ צייכענונג — גרויסן לייוונט — אויף אַ בראַזיליאַנער מאָטיוו, און געוואָלט הערן זיינע באַמערקונגען. נאָר יואל, אַנשטאָט צו פאַרנעמען זיך מיט דעטאַלן פון פּעדראָס אָנגעהויבענער אַרבעט, האָט גאָר גענומען פּעדראָן דערציילן וועגן זיין טרויעריקער לאַגע, וועגן דעם, ווי ער שטייט פאַר אַ דילעמע, — אָדער שאַפן ווי אַמשנעלסטן אַ גרעסערע סומע געלט אויף צו באַצאָלן פאַר זיין שטודירן פאַר דער גאַנצער צייט אין פּאַריז, אָדער פאַרלירן זיין געליבטע, וואָס איז אַ משכון פאַרן חוב... ער האָט פּעדראָן דערציילט, ווי ער האָט געמוזט אין ריאָ אָננעמען איינפאַכע אַרבעט, אויסצובעסערן פאָטאָגראַפישע בילדער, כדי צו קענען מאַכן אַ לעבן. ער האָט אים אויפגעקלערט, אַז דאָ וויל ער זיך פאַרנעמען מיט פאַרקויפן בילדער, וואָס האָבן גאָרנישט צו טאָן מיט קונסט, אָבער פאַר אים איז עס דער איינציקער וועג, צו קענען שאַפן אַ געוויסע סומע געלט אין אַ קורצער צייט און צוליב דעם טאַקע איז ער געקומען אַהער אין נאָרד, אָנצונעמען בילדער אויף צו פאַרגרעסערן, ביי די, וואָס קענען גוט באַצאָלן דערפאַר. ער האָט זיך ניִשט געקאָנט דערלויבן אויסצוגעבן אַ גרויסע סומע אויף אַזאַ רייזע און געמוזט מאַכן שותפות מיט איינעם, וואָס האָט אינוועסטירט דערין געלט.

פּעדראָ האָט אויסגעהערט יואלס דערציילונג און געשפּירט, ווי עס פאַרקלעמט אים ביים האַרצן. אָט אַזוי ווערן דאָך גרויסע טאַלאַנטן צעריבן דורך דער ברוטאַלער לעבנס־מאַשין — האָט ער געטראַכט.

פּעדראָ האָט פאַרשטאַרט געקוקט אין דער נאַכטיקער פינצטערניש,

וואָס האָט איינגעהילט דעם זשומענדיקן דרויסן, און ער האָט זיך אָנגעהויבן דערמאָנען, ווי ער פלעגט זיך איזדעקעווען און מאַכן צו שאַנד און שפּאָט די פאַרשידענע וויאַזשאַנטן, וועלכע זענען אַהער געקומען פאַרקויפן פאַרגרעסערטע בילדער אויף זייער גוט. אויך די שכנים פלעגט ער נישט לאָזן באַשטעלן ביי זיי קיין זאַך און וויפל זידל־ווערטער ער האָט פאַרמאָגט, האָט ער זיי אויסגעשאָטן אויף די דאָזיקע בילדער־קינסטלער. ער האָט זיי געטריבן, ווי מען טרייבט משוגענע הינט פון אַ יישוב, און אַט איז זיין בעסטער פריינד געקומען אין לאַנד אַריין זיך נעמען צו אַט דער דאָזיקער מיאוסער מלאכה... נאָך מער, ער אַליין וועט אים מוזן צוהעלפן צו קריגן קונים פאַר זיינע בילדער... דער שטענדיק פריילעכער און שפּאַסנדיקער פעדראָ, האָט ווי געקאַרטשעט זיך אין ווייען און נישט געהאַט קיין קוראַזש צו קוקן יואלן אין פּנים אַריין.

יואל האָט באַמערקט פעדראָס פאַרטייעט שווייגן, האָט ער שטילערהייט זיך אַריינגעכאַפּט אין זיין צימער, זיך אַריינגעוואָרפן אין בעט און באַשלאָסן מאָרגן פרי מיטפאָרן מיטן לאַסט־אויטאָ אין שטאָט אַריין, נאָר דער געגאַרטער שלאָף האָט אים נישט באַהערשט.

אויך פעדראָ האָט נישט געקאָנט שלאָפן, ער האָט אַפילו נישט געפּרוווט צו לייגן זיך אין בעט אַריין. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מיט זיין באַליידיקן און טרייבן די פאַרשידענע פאַרקויפער פון בילדער, וואָס פלעגן דאָ אַהערקומען, האָט ער אויך באַליידיקט זיין טייערן פריינד, זשוליען. כאָטש ער האָט אים נישט דערציילט וועגן די אַלע זאַכן, האָט ער אָבער געפילט, אַז זשוליען ווייסט וועגן דעם, אַז אַלע אין דער גאַנצער געגנט ווייסן וועגן דעם. פעדראָ האָט אַפילו אין געדאַנק געמאַכט אַן אונטערשיד צווישן זשוליען און די אַגענטן פון בילדער, וועלכע פלעגן אָפט קומען אַהער און אָפּנאַרן דעם פויער. מיט מאָלעריי האָבן זיי בכלל גאָרנישט געהאַט צו טאָן; זיי פלעגן פאַרקויפן דעם פאַרמער בילדער, „געמאָלן פון די גרעסטע מאָלער״, צווישן וועלכע זיי האָבן זיך אַליין אויך פאַררעכנט, בעת אין דער אמתן זענען עס בלויז געווען פאַרגרעסערטע פאָטאָגראַפישע בילדער, צוגעשמירט מיט קראַיאָן־פאַרב. זשוליען איז דאָך אָבער טאַקע אַ קינסטלער, האָט געענדיקט די קונסט־שול אין פּאַריז מיט אויסצייכענונגען, אים מוז ער העלפן; בפרט, ווען ער נייטיקט זיך אין אַ גרעסערער סומע אויף

אָפּצוצאָלן פאַר זיין שטודירן. ער מוז אים העלפן דערגרייכן זיין ציל!

פעדראָ האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי ער זאָל רעדן איצט מיט זשוליען, אָדער לאָזן עס אויף מאָרגן, נאָר אַזוי ווי שלאָפן האָט ער סיי ווי נישט געקאָנט, האָט ער אָנגעקלאַפּט צו זשוליען, און ביידע זענען זיי אַוועק אין קיך מאַכן זיך אַ פריש קאַווע.

יואל האָט געפילט ווי פעדראָן דריקט עפּעס אויפן האַרצן, האָט ער געזופּט די שוואַרצע קאַווע, און געוואַרט פעדראָ זאָל אָנהייבן רעדן.

פעדראָן איז אָנגעקומען זייער שווער צו דערקלערן יואלן, וואָס ער האָט דאָ אָנגעאַרבעט אויף צו פאַרטרייבן פון דאָרף די פאַרשידענע אַגענטן און הענדלער, וועלכע פלעגן יעדע וואָך קומען אַהער.

— ווייסט וואָס איך האָב באַשלאָסן? — האָט ער זיך פּלוצעם אויסגע־דרייט צו יואלן, ווי ער וואָלט וועלן דעם שמועס אַריבערפירן אויף אַן אַנדער טעמע — מאָרגן אין דער פרי וועל איך אַרויסנעמען דעם נייעם אויטאָ, מיר וועלן אַרויפלייגן דיינע מוסטערן און זיך אַוועקלאָזן אויף אַ גאַנצע וואָך צו די אַרומיקע פאַזענדעס אין סערטאַן, און כ׳וועל זען, דו זאָלסט ביי אונדזערע באַקאַנטע אָננעמען בילדער צום פאַרגרעסערן. כ׳בין כמעט ווי זיכער, אַז בלויז איין דער דאָזיקער רייזע וועסטו אָפּשפּאָרן דעם נייטיקן געלט אויף צו לייזן אַלע דיינע פינאַנסיעלע פּראָבלעמען.

יואל האָט קוים געקאָנט גלייבן זיינע אייגענע אויערן. ער האָט פעדראָן געדאַנקט פאַר זיין אמתער פריינדשאַפט און פאַרזיכערט, אַז ער האָט זיך בלויז אַראָפּגערעדט פון האַרצן, ווי מ׳רעדט זיך אַ מאָל אַראָפּ פאַר אַ פריינד, נאָר ער האָט נישט געהאַט אין געדאַנק אַפילו, אַז ער, פעדראָ, זאָל מיט אים אַרומפאָרן אָננעמען באַשטעלונגען.

פעדראָ האָט צופרידן געשמייכלט און דערלייכטערטע זענען ביידע אַוועק שלאָפן.

באַלד נאָכן פרישטיק האָט פעדראָ אַליין אַרויסגעפירט דעם נייעם אויטאָ, וועלכן דער סעניאָר אַלפאָנסאָ האָט פּאַקטיש געקויפט פאַר אים מיט דער כוונה ער זאָל אָפּט אַרויספאָרן אין דער געגנט, זיך באַפריינדן מיט שכנים און אַלטע באַקאַנטע, קומען צו די פייערונגען און דאָרפס־שמחות און אפשר — האָט סעניאָר אַלפאָנסאָ שטיל געהאָפּט — וועט ער זיך פאַרליבן אין אַ שכנס אַ טאָכטער און עס וועט ווערן אַ שידוך. פעדראָ

האָט אַליין אָנגעגאָסן בענזין אין אויטאָ, האָט געהאָלפן יואלן אַרויפליייגן זיין באַגאַזש און אונטער די פריידיקע בליקן פון פעדראָס עלטערן, ווענען יואל האָט האַרציק געדאַנקט פאַר זייער גאַסטפריינדלעכקייט, זיך געלאָזט מיטן וועג צו די פאַזענדעס פון זייערע פריינד און שכנים אין „סערטאָן".

✶

פעדראָ האָט געטריבן דעם אויטאָ דורך דער ווילדער געגנט און נישט אויפגעהערט דערציילן יואלן וועגן דער שיינקייט פון דער דאָזיקער ווילדעניש אין פאַרשידענע צייטן פון יאָר. יואל איז געזעסן אין אַ ווינקל און, שווייגנדיק, פאַרטראַכט, זיך צוגעהערט צו פעדראָס באַגייסטערט דערציילן.

נאָך אַ שעה פאָרן זענען זיי אָנגעקומען צו אַ הויף, ווו אין מיטן איז געשטאַנען אַ גרויס הויז, וואָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ באַוואָפנטער פעסטונג, אָדער אַריינפאָר־הויז ערגעץ ווייט פון אַ ישוב. ווען דער באַלעבאָס, זשאָרזשע, האָט דערזען פעדראָן, האָט ער זיך מיט אים אַרומגעכאַפּט, נישט געקאָנט זיך אָפּווונדערן, ווי ער איז אויסגעוואַקסן און ווי שיין ער איז. אויפן באַלעבאָס געוואָלדן און זיין באַגייסטערן זיך מיט פעדראָן, זענען זיך צונויפגעלאָפן אַלע פון הויז און פון די שטאַלן — אַלע האָבן באַגריסט פעדריניאָן, ווי זיי האָבן אים פאַרצויגן גערופן.

זינט פעדראָ איז אַהיימגעקומען פון פאַריז, איז ער נאָך צו קיינעם נישט אַרויסגעפאָרן צו גאַסט, ווי ס'פירט זיך, ווען איינער פון דער געגנט קומט אַהיים פון דער גרויסער שטאָט.

סעניאָר זשאָרזשע האָט נישט אויפגעהערט פאַדען אַרום די געסט. ער האָט פאַר זיי געוואָלט מאַכן אַ קבלת פנים־אָוונט, נאָר פעדראָ האָט אים אָוועקגערופן אין אַ זייט, דערציילט וועגן וואָס זיי זענען געקומען און אים געבעטן איבערלאָזן דעם אָוונט אויף אַ צווייט מאָל.

צוליב דעם וואָס די לעצטע יאָרן זענען אין דער געגנט קיין בילדער־אַגענטן נישט געקומען, האָבן זשאָרזשע מיט זיינע זין און טעכטער ממש זיך דערפרייט מיט דער געלעגנהייט, צו קאָנען מאַכן גרויסע בילדער פון זייערע חתונה־צערעמאָניעס און פון זייערע קינדער, צו באַצירן זייערע וווינונגען, דערצו וועלן זייערע בילדער געמאַכט ווערן דורך אַ פאַריזער קינסטלער.

צוזיפגענומען אַלעמענס בילדער, פאַרצייכנט אַלע באַמערקונגען, וואָס מען האָט אים וועגן יעדן בילד אָנגעגעבן, האָט יואל אויסגעפילט די פאָרמעלע באַשטעלונג און געגעבן סעניאָר זשאָרזשע אויף אונטערצושרייבן. סעניאָר זשאָרזשע האָט אַפילו געוואָלט באַצאָלן פאָרויס, נאָר יואל האָט נישט געוואָלט נעמען מער ווי אַ קליינעם האַנט-געלט, דערקלערנדיק אים, אַז ער וועט באַצאָלן די רעשט נאָר דאַן, ווען ער וועט זיין צופרידן פון דער באַשטעלטער אַרבעט.

פעדראָ האָט אין דער דאָזיקער האַנדלונג געזען אַ שיינע אויפפירונג פון זיין פריינד זשוליען, ווייל פון דערפאַרונג האָט ער געוווּסט, אַז די אַנדערע אַגענטן האָבן נאָר אויסגעקוקט אויף אַזאַ יאָלד, וואָס האָט געוואָלט באַצאָלן פאָרויס.

זיי האָבן זיך געזעגנט מיט סעניאָר זשאָרזשע און זיין פאַמיליע. פעדראָ האָט געדאַנקט פאַר דער אויפנאַמע און צוגעזאָגט צו קומען צו גאַסט. ביידע האָבן זיך אַריינגעזעצט אין אויטאָ און אַוועק אויפן וועג צו דער נאָענטסטער פאַרם „באַאַ עספּעראַנסאַ״.

נאָך צוויי שעה פאָרן זענען זיי אָנגעקומען צום פאַלוואַרק „באַאַ עספּעראַנסאַ״. דער אייגנטימער זשואַן דע אַראוזשאָ איז געווען אַ ווייטער קרוב פון סעניאָר אַלפאָנסאָ. האָבן דערפאַר אַלע דאָ גערופן פעדראָן: פּרימאָ און די יונגע קינדער האָבן אים באַגריסט אויפן קאַטוילישן שטייגער און געקושט די האַנט.

אויך דאָ האָט פעטער זשואַן געוואָלט צוגרייטן אַן אָוונט, אַ „פעסטע״ לכבוד די געסט, נאָר פעדראָ האָט דערקלערט וועגן וואָס ער איז אַהער געקומען און עס איז געבליבן, אַז אויף אַ ספּעציעלער „פעסטע״ וועט ער קומען מיט די עלטערן, און דערווייל האָט מען צוזיפגעקליבן אַלע בילדער און באַשטעלט ביי יואלן גרויסע בילדער פון די אַלטע טאַטע-מאַמע, וועלכע זענען ערשט פאַר אַ יאָרן געשטאָרבן. די בילדער פון די געשטאָרבענע האָט מען באַשטעלט מיט ברייטע גאָלדענע ראַמען און אויסגעבויגן גלאָז.

פון „באַאַ עספּעראַנסאַ״ זענען זיי געפאָרן צו דער „וויענדאַ פעליז״ פון סעניאָר קאַרוואַליאָ, וועמען זיי האָבן באַלד פון אָנהייב געבעטן, ער זאָל זיי נישט פאַרהאַלטן צו לאַנג, ווייל זיי ווילן נאָך היינט זיין אין אייניקע ערטער. פון דאַנען זענען זיי נאָך אַריין אין עטלעכע פאַרמס, וועלכע געפינען זיך

אויפן וועג, האָבן זיך אומעטום געבעטן, מען זאָל זיי אנטשולדיקן, וואָס זיי קענען זיך נישט אויפהאַלטן צו לאַנג און אָנגענומען באַשטעלונגען. ווען די זון האָט זיך אָנגעהויבן זעצן אויפן האָריזאָנט, זענען זיי אַריינגעפאָרן אינעם פאָלוואַרק פון סעניאָר לעאָנארדאָ מאָטא. זיין גוט האָט געהייסן „פראָגרעסאָ״, ווייל ער איז געווען אַ באַוווסטער זאַמלער פון פאָלקלאָר און פלעגט גערן אויפנעמען יעדן טרובאַדור, וואָס פלעגט אַרומוואַנדערן אין דער געגנט. זיין פאַזענדע האָט ער אָנגערופן: „ביניאָ דע ווילעלאַ״, אויפן נאָמען פון אַ העלד פון דער ווילדעניש, וואָס איז פאַראייביקט אין אַ פאָלקס־פאָעמע.

דער פאָלוואַרק האָט געהאַט אַ שם אין גאַנץ נאָרד און פעדראָ האָט געוואָלט זיין פריינד באַווייזן די דאָזיקע נעסט פון פאָלקס־שאַפן און באַקענען אים מיט דער אייגנאַרטיקער פערזענלעכקייט פון סעניאָר מאָטא.

פעדראָ און זשוליאָ זענען אַריין אין הויף פון דער פאַזענדע פונקט דאַן, ווען סעניאָר מאָטא איז געקומען צו רייטן פון ערגעץ אויף איינעם פון זיינע בעסטע רייט־פערד, וועלכע ער האָט געהאָדעוועט. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ העלן רייט־אַנצוג און ברוינע רייט־שטיוול, איז פלינק אַראָפּגעשפרונגען פון זאָטל, אַראָפּגענומען דעם הוט אויף צו באַגריסן זיך מיט די געסט און איז מיט זיין לייבן־קאָפּ און אש־גרויע לאָקן געבליבן שטיין אין אַ מיראַזש פון פאַרבן, וואָס האָבן זיך געשפרייט פון דער אונטערגייענדיקער זון.

סעניאָר מאָטא האָט זיך פריינדלעך באַגריסט מיט פעדראָן און זיין פריינד, און ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז אויך פעדראָס פריינד קומט פון פּאַריז, איז ער באַלד אַריבער אויף פראַנצויזיש, דערביי פעסט געהאַלטן דאָס טאַנצנדיקע פערד ביים ציימל, און עס באַרואיקט גלעטנדיק ביים קאַרק.

אין דער צייט, ווען סעניאָר מאָטא האָט זיך ביי פעדראָן נאָכגעפרעגט אויף יעדן פון זייער פאַמיליע, וועגן זיינע פלענער אויף דער צוקונפט און געוויסע קליינינקייטן און רכילותן, וואָס גייען אַרום אין „סערטאַן״, האָט יואַל דערווייל, אומבאַמערקט פאַרביידן, אַרויסגענומען פון זיין גרויסער טעקע אַ טאָוול און קראַיאָן און סקיצירט מאָטאס אויסטערליש שיינעם קאָפּ. אויפן פאָן פון גוסטדיקן פאַרבן־מיראַזש אין דער ווילדער נאַטור־לאַנדשאַפט

האָט מאַטא אויסגעזען ווי אַ לעגענדאַרער העלד, וועגן וועלכע די טרובאַדורן זינגען אין זייערע שעהען פון בענקעניש.

יואל האָט גוט סקיצירט קעפּ, און דאָס מאָל איז עס אים נאָך מער געלונגען. ווען פּעדראָ און מאַטא האָבן די דאָזיקע סקיצע דערזען, האָבן זיי פון גרויס איבערראַשונג נישט געקאָנט אַרויסרעדן אַ וואָרט.

ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט. אין דרויסן פלאַקערט אַ פייער און לכבוד די געסט בראָט זיך אויף אַן אייזן אַ האַלבע קו. פון אַ גרויסן קעסל ווערט יעדן סערווירט אויף אַ בלעכענעם טעלער פעיזשאַן מיט רייז. דאָס פליש, וואָס בראָט זיך אויפן שייטער, ווערט באַגאָסן מיט זאַלץ־וואַסער, וואָס רינט אַראָפּ און בלעזלט דאָס פייער. יעדער שניידט שטיקער פלייש מיטן מעסער. אין אַ גרויסן קעסל זידט הייסע שוואַרצע קאַווע, פון וואַנען מען שעפּט מיט אַ גרויסן שעפּ־לעפל. עס איז פאַראַנען אַ באַרג מיט „ראַפּאַ דוראַ", וואָס מאַנכע בייסן צו אַלס צוקער צו דער שוואַרצער קאַווע...

און ווען דער עולם האָט שוין געהאַט זיך אָנגעגעסן צו זאַט, איז געקומען די צייט פון די טרובאַדורן מיט זייערע קליינע גיטאַרעס און די אמתע „פעסטע" האָט זיך אָנגעהויבן.

ווי אַ געניטער דיריגענט, האָט סעניאָר מאַטא אַרויסגעפירט די טרובאַדורן און זיי געהייסן ווייזן, וואָס זיי האָבן געבראַכט פאַר אים, דערביי האָט ער אייניקע ביי פאַלקסלידער געהייסן איבערזינגען נאָך אַ מאָל און באַלד אויפן אָרט פאַרשריבן די נאָטן.

נאָך דעם ווי די ניי־געקומענע האָבן, יעדער איינער, געזונגען זייערע נייע פאַלקסלידער, צו וועלכע סעניאָר מאַטא האָט זיך אזוי אויפמערקזאַם צוגעהערט, האָבן די רעשט אָנוועזנדיקע זיך געמיט צו ווייזן פאַר די געסט וואָס זיי קענען, אויף צו פאַרוויילן פּעדריניאָן און זיין פריינד זשאָעל.

דער ערשטער האָט געזונגען שיקאָ. ער האָט אַ פּרווו געטאָן די סטרונעס פון זיין וויאָלאָן, באַפּוצטן מיט קאָלירטע בענדער, און זיך צעזונגען מיט אַן אָנגענעמער שטימע:

איך בין געבוירן אין אַלאַגאָאַס,
איך בין געבוירן צו זיין אַ זינגער.
מיין נאָמען איז פראַנסיסקאָ נונעס בראַזיל,
אַ פּאָעט, אַן אימפּראָוויזירער אין שפּיל.

איינער פון סעניאָר מאָטאס שטענדיקע אַרבעטער, אַ פעסט־געבויטער, מיטליעריקער מולאַטאָ, וועמען מען האָט גערופן בלויז מיטן צונאָמען פערנאַמבוקאַנאָ, האָט געזונגען מיט אַ באַס־שטימע:

איך בין געבוירן אין זשוליאָ,
כ׳האָב זיך דערצויגן אין געשלעג,
געבנדיק און קריגנדיק קלעפּ, —
איך יאָג זיך שטענדיק נאָך טומל.
אויב איך דערלאַנג יענעם — רירט ער זיך נישט;
אויב יענער דערלאַנגט מיר — קלאָג איך זיך נישט.

דערנאָך האָבן אַנדערע געזונגען גוט־באַקאַנטע פאָלקסלידער, וועמען מאָטא און פעדראָ האָבן צוגעהאָלפן מיט זייערע וויאָלאָס. אַזוי איז אַדורך דער אָוונט און דאָס פייער האָט זיך אָנגעהויבן לעשן. די אַרבעטער פון סעניאָר מאָטא, וועלכע דאַרפן מאָרגן אויפשטיין זייער פרי, האָבן זיך גענומען צעגיין צו זייערע געלעגערס און סעניאָר מאָטא מיט זיינע געסט זענען אַוועק צו דער וועראַנדע פון הויז, ווו מאָטאס פאַמיליע איז שוין געשלאָפן. ער האָט געהייסן צוגרייטן פרישע קאַווע און געבעטן זיינע געסט זיי זאָלן דאָ וואַרטן אויף אים, ער וויל זיי עפּעס וויַיזן און אפשר וועלן זיי קאָנען אים אויפקלערן דעם באַטייט דערפון.

ער איז אַוועק אין אַ זייטיק צימער, ווו עס איז געווען זיין ביבליאָטעק און ווו עס איז אויך געשטאַנען אַן אייזערנע קאַסע, ער איז צוריקגעקומען מיט אַ שיין הילצערן קעסטל, וואָס איז געווען באַלייגט מיט פּערלמוטער־שטיקלעך. ער האָט דאָס קעסטל פאָרזיכטיק געטראָגן, עס אַוועקגעשטעלט אויף אַ שטול, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וועראַנדע, האָט אַרויסגענומען פון וועסטל־קעשענע אַ בינטל שליסעלעך, האָט עס לאַנגזאַם אויפגעשלאָסן און אָפּענערהייט עס צוגעטראָגן פאַרן שיין פון לאָמפּ, וואָס איז אַראָפּגע־האָנגען אונטערן סופיט.

פעדראָ און יואל האָבן זיך נישט געקאָנט אָפּחידושן פון דעם שיינעם קעסטל, וואָס איז געווען באַצויגן מיט זילבער־רייפן און פּערלמוטער־צירונגען. יואלן האָט דאָס קעסטעלע דערמאָנט אין אַן אתרוג־פּושקע. ער האָט נישט אויפגעהערט אויפמערקזאַם צו באַוווּנדערן די מאָדנע באַצירונגען.

ווען ער האָט געעפנט דאָס קעסטעלע, האָט ער דערזען אַ האַלב־פאַרגעלט בילד, וואָס איז געלעגן אינעווייניק, איינגעוויקלט אין זיידנס.

יואל האָט אויפגעוויקלט דאָס פאַרעלטערטע בילד און פאַר זיינע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט אַ קאָפּ פון אַן עלטערן מענטש, ענלעך, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער, צום קאָפּ פון סעניאָר מאָטא, וואָס ער האָט סקיצירט. דאָס פּנים אַרומגעזיימט מיט אַ שניי־ווייסער באָרד און קלוגע אויגן האָבן געקוקט אין דער ווייטקייט. וואָלט יואל אָנגעטראָפן דעם דאָזיקן מענטש ערגעץ ווו אין אַ יידיש שטעטל, וואָלט ער אים אָפּגעגעבן שלום עליכם, אַזוי יידישלעך פאַמיליאַר האָט אים דער דאָזיקער טיפּ אויסגעזען, אָבער דאָ, אין דעם פאַרוואָרפענעם ווינקל האָט ער בלויז באַוואונדערט די דאָזיקע פיינע יידישע שטריכן, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פונעם בילד, און ווען ער האָט אויף ס'ניי געכאַפּט אַ קוק אין אָפענעם קעסטל אַריין האָט ער באַמערקט, אַז דאָס בוך, וואָס איז דאָרט געלעגן, איז אַ מחזור, פון וואַנען עס האָבן צו אים אַזוי היימיש געדעדט די פירעקיקע אותיות פון די פאַרגעלטע בלעטער. ווען ער האָט אַרויסגענומען דעם מחזור און געוואָלט אַ קוק טאָן, ווו ס'איז געדרוקט געוואָרן, אין וועלכן יאָר, האָט צו אים אַ גלאַנץ געטאָן דאָס שוואַרץ־ווייס פון אַ טלית, וואָס איז געווען צונויפ־געלייגט אונטערן מחזור אין דאָזיקן קעסטל.

יואל האָט אַלץ צוריק אַריינגעלייגט אין קעסטעלע, עס צוגעמאַכט און געלאָזט אַלץ אַזוי שטיין אויפן שטול, ווו סעניאָר מאָטא האָט עס געהאַט אָוועקגעשטעלט. ביי יואלן האָט עס אויסגעזען, ווי ער וואָלט פּלוצעם זיך דערגרונטעוועט צו סעניאָר מאָטאס אַ געהיימעניש. ער האָט אָבער נישט געוואָלט אַרויסווייזן, אַז ער ווייסט עפּעס.

ביינאַכט האָט יואל נישט געקאָנט שלאָפן. דאָס צונויפטרעפן זיך מיט דער געהיימעניש פון סעניאָר מאָטא האָט אים נישט געלאָזט רוען. ער איז אַרויס אין דרויסן, זיך איינגעוויקלט אין אַ קאָלדרע און זיך געזעצט אויף דעם וויג־שטול. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און סעניאָר מאָטא איז אויך אַרויסגעקומען אויף דער וועראַנדע און שווייגנדיק זיך אַוועקגעזעצט אין דעם צווייטן וויג־שטול רויכערנדיק אַ ליולקע.

סעניאָר מאָטא, ווי ער וואָלט וויסן יואלס געדאַנקען, האָט אָנגעהויבן:

— איך וויל זאָלסט מאָלן אַן אייל־בילד פון דער סקיצע, וואָס דו

האָסט נעכטן געמאַכט פון מיר... איך וויל אויך אַ גרויס אייל־בילד, רעסטאַווורירט פון דעם אַלטן בילד פון מיין עלטער־זיידן...

יואל האָט עפּעס אונטערגעברומט אַ ניגון. אַן אומבאַשטימט געפיל האָט אים אַרומגענומען, זינט ער האָט זיך צונויפגעטראָפן מיט די שפּורן פון יידן אין דאָזיקן פאַרוואָרפענעם ווינקל.

סעניאָר מאָטא האָט גאַנץ אומדערוואַרט פאַר יואלן, זיך צו אים געווענדעט פער „דו״:

— כ׳האָב געזען ווי דו האָסט זיך צוגעכאַפּט צום „שאַל״ און בוך, וואָס ליגן אין קעסטעלע צוזאַמען מיטן בילד, קענסטו מיר דערקלערן זייער באַטייט? איך זע, דו ביסט אַ ייד, ווי מיין עלטער זיידע איז געווען, בעט איך דיר, דערקלער מיר וואָס דאָס באַטייט.

יואל האָט אים דערקלערט, אַז דער מחזור איז אַ בוך פון תפילות פאַר די ימים טובים, דער עיקר פאַר ראש־השנה און יום־כיפור, וואָס אַלע יידן אין גאָר דער וועלט היטן אָפּ; דער „שאַל״ איז אַזאַ מין טלית, אָדער מאַנטל, וואָס יידן הילן זיך איין אין דעם, ווען זיי שטעלן זיך זאָגן זייערע תפילות.

מאָטא האָט אים אויפמערקזאַם אויסגעהערט. דעם זיידן האָט ער נישט געדענקט, נאָר דער פאָטער זיינער האָט אויך אַזוי אויסגעזען, ער איז אָבער געשטאָרבן זייער יונג און ער געדענקט אים נאָר ווי אין חלום. קאָן זיין — האָט ער ווייטער דערציילט — ווען כ׳זאָל שוין האָבן געווען אַ דערוואַקסענער, ווען מיין פאָטער איז פּלוצעם געשטאָרבן, וואָלט ער מיר איבערגעגעבן דעם באַטייט פון זיין זיידנס קעסטעלע... עפּעס האָט ער מיך אַ מאָל אַריינגענומען אין אַ זייטיק צימער און דאָס דאָזיקע קעסטעלע געוויזן, נאָר וואָס ער האָט מיר דעמאָלט געזאָגט געדענק איך נישט... צו יונג געווען דעמאָלט, צו פאַרשטיין עפּעס...

יואל האָט געבעטן מאָטאן ער זאָל אים דערציילן, וואָס ער ווייסט וועגן דער געגנט און די איינוווינער, עפּעס איז אים אויפגעפאַלן דאָס, וואָס אַלע זענען זיי פאַרבונדן צווישן זיך ווי איין משפחה און, הפּנים, זיי זענען זיך נאָר משדך פון צווישן זייערע אייגענע.

מאָטא האָט יואלן דערציילט, אַז לויט די לעגענדעס, וועלכע גייען

אַרום אין דער געגנט, האָבן די פּאָרטוגעזער פּאַרטריבן די האָלענדער פון נאָרד, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צו שאַפן פאַרמס אין דער ווילדער געגנט, אויף צו האָדעווען בהמות פאַר פלייש, מחמת ס׳זענען דאָ געווען זאַטע פּאַשע־פעלדער. מ׳האָט דעמאָלט געשענקט פעלדער צו די וואָס האָבן זיך געוואָלט באַזעצן אין דער „ווילדער געגנט״. אַהער זענען געקומען מענטשן פון אַן אָרט, ווו זיי האָבן געוווינט צוזאַמען. זענען אַלע דאָ — שוין דריי דורות צווישן זיך פאַרבונדן. מען לעבט דאָ זיך אויס ווי אין משפחה, שבט.

יואל האָט אפילו זיך געוווּנדערט, וואָס ער זעט נישט אין סערטאַן קיין גרויסע קירכעס און גלחים. נאָר ער האָט געהערט וועגן דעם ווידערווילן, וואָס הערשט דאָ צום גלח, האָט ער אָפּגעקערט דעם שמועס צו דעם אוצר פאָלקלאָר, מיט וועלכן דער נאָרד איז באַקאַנט.

מאָטא, ווי אַ ריזלדיקער קוואַל, פון וואַנען מען האָט נאָר וואָס אַראָפּגענומען די אייבערשטע שיכט, וואָס האָט אים געהאַלטן צוגעדעקט און פאַרהוילן פאַרן אויג, האָט גענומען שידלערן פאַר יואלן אַלע הויפּט־שטראָמען פון דער פאַרצווייגטער פאָלקס־שאַפונג פון נאָרדישן איינוווינער, דעם אַזוי גערופענעם „מאָטוטאָ״.

מאָטאָ האָט זיך נישט געלאָזט בעטן און האָט פאַר יואלן דערציילט פאָלקלאָר, נאָר יואלן איז געווען אינטערעסאַנט זיך צו דערוויסן עפּעס וועגן יידן פון אַ מאָל, וועגן די ערשטע קאָלאָניסטן, וועלכע זענען געווען מיינסטן יידן, אנוסים פון פּאָרטוגאַל, און האָבן זיך פאַרלוירן אין דער דאָזיקער ווילדער געגנט „סערטאַן״. ער האָט געבעטן מאָטאַן דערציילן וועגן זיין פאָלקלאָר־פּאָעמע, וועגן ווילעלאָ, די באַקאַנטע „קאַנסאָן דע ווילעלאָ״.

מאָטא האָט זיך נישט געלאָזט בעטן און האָט פאַר יואלן דערציילט אויספירלעך ווי עס איז מיט יאָרן צוריק אומגעגאַנגען אין דאָזיקן „סערטאָן״ אַ לעגענדע וועגן אַ בלוטדורשטיקן העלד פון דער ווילדעניש, וואָס איז פון קינדווייז־אָן געווען פאַרמישט אין געשלעגן. וויפל ער האָט פאַרגאָסן בלוט איז עס פאַר אים נישט גענוג געווען, ביז די פּאָליציי האָט זיך אריינגעמישט און אים געפּרוּווט אַרעסטירן פאַר זיינע פאַרבי־עכנס. ער האָט אָבער יעדע גרופּע פּאָליציי, וועלכע האָט אים אַרומגערינגלט און געוואָלט אַרעסטירן, פּשוט אויסגעשאָכטן. נאָך דעם ווי עס זענען שוין נישט געווען מער קיין

פּאָליציי־באַטאַליאָנען, װעלכע זאָלן זיך װעלן אונטערנעמען אים פאַרפאָלגן, האָט מען אים געלאָזט לעבן אין װילדן װאַלד. װילעלא האָט אָבער געהאַלטן אַז אַן אמתער העלד איז בלויז דער, װאָס באַהערשט זיין שלעכטן גייסט, זיין יצר הרע. איז ער אַן אומבאַװאָפנטער אַװעק אין װילדן דזשונגל און געלעבט דאָרטן נאָר פון פרוכט און גרינס.

יואל האָט געװאָלט װיסן מאָטאַס מיינונג, צי דאָס איז נישט אַ מאָל אַ לעגענדע, װאָס די ערשטע קאָלאָניסטן האָבן אַהער מיטגעבראַכט מיט זיך, װאָס האָט געזאָלט שטעלן העכער די מאָראַלישע װערטן פון מענטש, אַנשטאָט די בלוטדורשטיקע, חיהשע אינסטינקטן, װאָס זענען מיינסטן די געזעצן פון סערטאָן נאָך ביז היינט.

מאָטאַ האָט מיט אים מסכים געװען, נאָר װען ער זאָל קאָנען אַ ביסל יידישע עטיק און אפשר אויך זיין באַקאַנט מיט דער יידישער אומבאַהאָלפנקייט, װאָס האָט געמוזט דעם אַמאָליקן אָנוס פירן דערצו, ער זאָל פאַרערן מער דעם גייסט, דעם לא בחיל ולא בכוח כי אם ברוח, װאָלט ער אפשר פאַרשטאַנען טיפער דעם זין פון דער דאָזיקער לעגענדע פון װילעלא, װעלכע ער האָט פאַראייביקט אין זיין „קאַנסאָן דע װילעלא“.

דער שמועס צװישן מאָטאַן און יואלן האָט זיך געצױגן ביז שפּעט אין דער נאַכט. פאַרטאָגס זענעןביידע אַװעק שלאָפן מיטן געפיל, װי זיי װאָלטן געװען פון איין משפחה, און זענען געװען אַ צייט צעשיידט, נישט װיסנדיק איינער פון אַנדערן, און גאַנץ אומדערװאַרט האָבן זיי זיך װידער צונויפגעטראָפן.

װען יואל האָט זיך געזעגנט מיט מאָטאַן האָט ער אים געמוזט צוזאָגן צו פאַרבינדן אים מיט דער יידישער געמיינדע פון די ספרדים אין פּאַראַ און באַזאָרגן פאַר אים אַ פּלאַץ אויפן בית הקברות פון דער שטאָט, װו מען דערלויבט צו באַערדיקן אַן אַ קרוציפיקס און אַן גלחים. ער װיל זיין באַערדיקט דאָרטן, װו זיין עלטער־זיידע, און אויפן זעלביקן שטייגער.

קאַפּיטל צוועלף

# אין קאַסינאָ

שוין די דריטע וואָך זענען פּעדראָ און יואל אין וועג און אומעטום, ווו זיי קומען, נעמען זיי אָן באַשטעלונגען אויף בילדער. פּעדראָ, וועלכער קען אויסגעצייכנט גוט די געגנט, האָט אַזוי פּלאַנירט זייער רייזע, אַז זיי האָבן געמאַכט אַ גרויסן צירקל און איצט, ווען זיי זענען שוין באַלד ביים סוף פון זייער רייזע, דערנענטערן זיי זיך, פון דער צווייטער זייט, צו זייער פּאַלוואַרק און לאָזן זיך אַהיים.

אין פאַרלויף פון דער דריי־וואָכיקער רייזע האָט יואל עטלעכע מאָל געבעטן פּעדראָן, ער זאָל זיך אומקערן אַהיים, ווייל ער האָט שוין גענוג באַשטעלונגען אויף צו אַרבעטן אַ לענגערע צייט. נאָר פּעדראָ האָט געוואָלט אַ גרויסן דערפאָלג פאַר זיין פריינד. ס׳איז ביי אים געווען אַ געפיל נישט נאָר, אַז ער העלפט אַ פריינד אין אַ נויט, נאָר אַז ער טוט אַ נאָבעלע זאַך פאַר אַ קינסטלער, וועלכער וועט אויף אַזאַ אופן זיך אַרויסראַטעווען פון אַלע צרות. חוץ דעם האָט פּעדראָ נישט געקאָנט איבערלאָזן ווערמען אין „סערטאַן״, ער זאָל אים נישט באַזוכן, ווייל דאָס וואָלט אַרויסגערופן אַ שנאה און אויך אייפערזוכט צווישן די דאָרפס־טעכטער, וועלכע האַלטן זיך פאַר קאַנדידאַטקעס, ער זאָל זיך פאַרליבן אין איינע פון זיי און זי פירן צום אַלטאַר.

סעניאָר אַלפאָנסאָ און די מוטער האָבן אויפגענומען פּעדראָן און יואלן מיט גרויס פרייד. איבערהויפּט איז סעניאָר אַלפאָנסאָ געווען זייער צופרידן, וואָס אַ דאַנק דעם דאָזיקן פריינד זיינעם איז פּעדראָ געווען אויף באַזוך אין אַלע „פאַזענדאַס״ אין „סערטאַן״, ווו ער וואָלט אַליין זיכער נישט געפאָרן, און דאָס וואָלט אַרויסגערופן אַ ברוגז צווישן זיי.

פאַר פּעדראָן איז געווען פריקרע דאָס, וואָס יואל האָט זיך באַלד אויפן צווייטן טאָג אָנגעהויבן גרייטן צו פאַרלאָזן דעם פּאַלוואַרק און לאָזן זיך אין

וועג אַריין קיין מאַראַניאַן. פּעדראָ האָט געמיינט, אַז יואל וועט אויף דער פּאַזענדע נעמען מאָלן די אָנגענומענע באַשטעלונגען און דאָס וואָלט זיי געגעבן אַ מעגלעכקייט צו אַרבעטן אַ געוויסע צייט צוזאַמען און וואָלט געווען נוצלעך אויך פאַר זיינע פּאַרמעסטן. יואל האָט אים דעריבער דערציילט וועגן זיינע פּלענער צו פאָרן קיין מאַראַניאַן, וווהין מאָטא האָט אים מיטגעגעבן אַ בריוו צו זיין זון, אַ דירעקטאָר פון דער גימנאַזיע אין סאַן לואיז דע מאַראַניאַן, ווו ער וועט קענען אָננעמען נאָך אייניקע באַשטעלונגען. ער מוז דאַן פאָרן קיין רעסיפע, ווו ער האָט זיין גרעסטן טייל באַגאַזש און קליידער; אויסער דעם קען ער זיך נעמען מאָלן די בילדער און זיי ענדגילטיק אויספּאַרטיקן נאָר אין ריאָ, ווו עס ווערן געמאַכט די ראַמען, דאָס גלאָז און די בילדער ווערן פּאַרפּאַקט אויף אָפּצושיקן דעם קונד.

יואל האָט זיך האַרציק געזעגנט מיט זיינע פריינד — פּעדראָ און זיינע עלטערן, וועמען ער האָט צוגעזאָגט אָפּט צו שרייבן. ספּעציעל האָט אים פּעדראָ געבעטן ער זאָל נישט אויסבאַהאַלטן וועגן זיין שלעכטער סיטואַציע, ווייל ער איז גרייט אים צו העלפן אין אַלע זיינע נויטן.

דער לאַסט־אויטאָ פון דער פּאַזענדע האָט יואלן געפירט קיין בעלעם, צו דער שיף, וואָס גייט קיין מאַראַניאַן, און דעם צווייטן טאָג איז ער אויסגעשטיגן אין סאַן לואיז דע מאַראַניאַן. יואל איז באַלד אַוועק באַזוכן דעם דירעקטאָר פון דער לאָקאַלער גימנאַזיע, סעניאָר לעטיסיאָ מאָטא, צו וועמען ער האָט געהאַט אַ בריוו פון זיין פאָטער.

אין הויז פון גימנאַזיע־דירעקטאָר האָט מען גערעדט פראַנצויזיש. סעניאָר לעטיסיאָ מאָטא האָט געלערנט אין דער סאָרבאָנע, דאָרט זיך באַקענט, פּאַרליבט און חתונה געהאַט מיט אַן עכטער פּאַריזערין. מאַן און ווייב האָבן זיך זייער דערפרייט מיט זייער אומדערוואַרטן גאַסט און לאַנדסמאַן, וועלכער איז ביי זיי געווען ווי אַ שטראַל ליכט, דערמאָנט זיי אין דער וועלט, פון וועלכער זיי שטאַמען און פון וועלכער דער גורל האָט זיי דערווייטערט. יואלס דערציילן אַזוי פיל אינטערעסאַנטע זאַכן וועגן באַליבטן פּאַריז האָט זיי געמאַכט פאַר אַלטע באַקאַנטע און פריינד. דער פּאַרמיטאָג איז אַוועק איידער זיי האָבן נאָך באַוויזן אַ טראַכט טאָן, וועגן וואָס מסיע זשוליען איז צו זיי געקומען, מיט וואָס זיי קאָנען אים בייהילפיק זיין, וועגן וואָס דער פאָטער בעט זייביידן אין זיין בריוו, וואָס יואל האָט געבראַכט.

ווען זיי האָבן אָנגעהויבן ריכטיק פאַרשטיין וועגן וואָס מסיע זשוליען איז אַהער געקומען און אין וואָס זיי דאַרפן אים העלפן, איז זייער אויפגעלייגטקייט ווי פאַרשוווּנדן געוואָרן און זייער גוטער טאָן האָט זיך גענומען אויסוועפּן.

— אין גאַנצן קענען זיי דאָ כמעט קיינעם נישט. מייסטן זענען דאָ אַלע אומוויסנדיקע, קיינער פון זיי רעדט נישט קיין פראַנצויזיש, מערקט איך, אַז אפילו דער בירגערמייסטער פון שטאָט, איז אַ סוחר פון בהמות, און איז די לעצטע יאָרן רייך געוואָרן. עס טוט אים זייער לייד, וואָס ער קאָן פאַר אים גאָרנישט טאָן, דערצו מוז ער באַלד אַוועק אין גימנאַזיע צו זיינע קלאַסן... אפשר וועט אים מאַדאַם לעטיסיאַ קענען אַריינפירן אין איניקע פאַרמעגלעכע הייזער, ווו זי אונטערריכט פאַר די קינדער קלאַוויר.

געבליבן אין דער ביבליאָטעק וואַרטן, אַז מאַדאַם לעטיסיאַ מאַטא זאָל זיך איבערטאָן, האָט יואל אויף אַ ווײַלע געטראַכט, אַז עס איז אומזיסט געווען זיין אויסשטייגן אין דעם דאָזיקן העק, ס׳איז אים גאָר איינגעפאַלן — זיך אויפהייבן און אָן „אַ זיי געזונט" אַוועק פון דאָזיקן הויז. נאָר זיין פאַרערונג צום אַלטן סעניאָר מאַטא האָט אים דערפון אָפּגעהאַלטן.

מאַדאַם לעטיסיאַ מאַטא איז געווען אָנגעטאָן אין שענסטן און בעסטן, געהאַט אויף זיך צירונג און פּערפום. אַלץ וואָס האָט געקאָנט דערמאָנען אין פּאַריז. יואל האָט איר געמאַכט אַ קאָמפּלימענט אויפן פּאַריזער שטייגער, און זי האָט אים אויפגענומען ווי אַ גרויסשטאָטישע דאַמע.

זי האָט גערופן אַ שפּאַציר-וואָגן און ביידע זענען איינגעשטיגן, כדי צו פאָרן צו זייערע רייכע פריינד, ווו זי אונטערריכט קלאַוויר. דאָס ערשטע הויז, ווו זיי זענען פאַרפאָרן, איז געווען דאָס הויז פון די פּעריעראָס. מאַדאַם לעטיסיא מאַטא האָט פאָרגעשטעלט יואלן, ווי אַ פּראָפעסאָר פון דער קונסט־שול אין פּאַריז, זייערן אַ פריינד, וואָס איז געקומען אויף אַ שטיקל צייט קיין ריאָ דע זשאַנייראָ און איז זיי געקומען ספּעציעל באַזוכן. ס׳האָט געהייסן, אַז ער קען זיך נאָך נישט פאַרשטענדיקן אין פּאָרטוגעזיש, האָט זי פאַר אים גערעדט און וואָס זי האָט אים געדאַרפט פרעגן האָט זי געפרעגט אין פראַנצויזיש און איבערזעצט אויף פּאָרטוגעזיש.

ביי די פּעריעראָס איז זיי גאָרנישט אַזוי שווער אָנגעקומען אָנצונעמען

אַ באַשטעלונג אויף אייניקע פאַרגרעסערטע בילדער פון די אַלטע־טאַטע־מאַמע, פון פאַר־פאָלק און פון זייערע קינדער. מאַדאַם פעריעראַ האָט אפילו געקלונגען צו אייניקע פריינד, זיי זאָלן זען אויסניצן די געלעגנהייט פון באַזוך פון פאַריזער פראָפעסאָר און באַשטעלן זייערע גרויסע בילדער, ווייל אַזאַ געלעגנהייט — האָט זי אריינגעשריען אין טעלעפאָן־טרייבל — מאַכט זיך איין מאָל אין אַ יובל.

נאָך דער וואַרעמער אויפנאַמע ביי די פעריעראַס, איז אַלץ געגאַנגען ווי געוווּנטשן. מאַדאַם לעטיסיאַ מאַטאַ, מיט איר פראַקטישן חוש, האָט דערשפּירט אַ מעגלעכקייט פאַר אַ געוויסער קאָמיסיאָן, איז זי געלאָפן פון איין רייך הויז צום צווייטן און ס'איז איר נישט שווער אָנגעקומען צו מאַכן באַשטעלונגען. ווען זיי זענען פאַרנאַכט אהיימגעקומען האָבן זיי שוין געהאַט אַ גאַר גרויסע צאָל באַשטעלונגען, כמעט אַלע בילדער, וואָס מען האָט געקאָנט אָננעמען אין שטאָט.ביידע זענען געווען צופרידן.

נאָכן אָפּזיין אייניקע טעג אין פאָרטאַלעזע ביזן אָנקומען פון אַ שיף, איז יואל אַוועק פון דאָנען קיין רעסיפע.

אויפן וועג האָט די שיף זיך אָפּגעשטעלט אין נאטאל, איז ער דאָרטן אַראָפּ און מיט דער באַן געפאָרן קיין רעסיפע און אַנדערע קלענערע פלעצער, ווו עס האָבן געוווינט נישט קיין צו רייכע מענטשן, ווו ער האָט אָבער זייער לייכט געקראָגן באַשטעלונגען אויף פאַרגרעסערטע בילדער, ווייל, הפנים, קיינעם פון די אַגענטן איז נישט איינגעפאַלן צו לאָזן זיך מיט דער צרהדיקער באַן זוכן באַשטעלונגען. איבער אַ וואָך האָט אים געדויערט די רייזע מיט דער באַן, מיט וועלכער ער איז אָנגעקומען קיין רעסיפע.

נאָך פון בעלעם, סאַן לואיז דע מאראניאָן און אַנדערע פלעצער האָט ער געהאַט געשיקט לייבעלען די בילדער און באַשטעלונגען, וועלכע ער האָט אָנגענומען און געבעטן ווי אַמשנעלסטן אַלץ אויספאַרטיקן און ווען ער וועט אָנקומען קיין רעסיפע וועט ער אים לאָזן וויסן, צי ער וועט אַליין קומען קיין ריאָ אָפּנעמען די בילדער, אָדער ער וועט זיי אים הייסן ערגעץ וווּ שיקן.

אָנגעקומען קיין רעסיפע האָט ער אויף פאָסטע רעסטאַנטע באַקומען באַגייסטערטע בריוו מיט געלט פון לייבעלען, וועלכער האָט נישט

אויפגעהערט אויסלויבן זיינע פעיקייטן און דעם גרויסן דערפאָלג, וואָס ער האָט גראָד געמאַכט אין סערטאַן אין נאָרד, ווהין קיין שום וויאַזשאַנט קען נישט אַריינקומען, שוין אָפּגערעדט פון די גוטע פרייזן, וואָס ער האָט געגומען אומעטום... קיינער ביז אים — האָט אים לייבעלע באַגייס־טערט פאַרזיכערט — האָט נאָך נישט באַוויזן אויפצוטאָן דאָס, וואָס ער האָט אויפגעטאָן אין זיין ערשטער רייזע.

לייבעלעס באַגייסטערטע בריוו און דער היפשער טשעק, וואָס ער האָט אים געשיקט אויף לויפנדיקע הוצאות, האָט אים געמאַכט פאַרגעסן אין די שטעכעדיקע באַמערקונגען וועגן שווינדלער־וויאַזשאַנטן, וואָס ער האָט געהערט אויף טריט און שריט. אין רעסיפע האָט ער זיך געדונגען אַ צימער ביי אַ פאַמיליע אויף אַ זייטיקער גאַס, אויסגעפּאַקט זיינע זאַכן און איינגעאָרדנט אַ שטיקל אַטעליע, ווייל ער האָט געטראַכט אַרויסצופאָרן אין דער געגנט אַרום רעסיפע אָנצונעמען בילדער, איז טאַמער פאַלט וועד אַריין צו אים, זאָל מען זען, אַז ער איז נישט קיין שווינדלער, ווי אַנדערע וויאַזשאַנטן.

פון ריאָ זענען אָנגעקומען די ערשטע בילדער, וועלכע ער האָט אָנגענומען צוזאַמען מיט פעדראָן אין די פאַזענדעס. פעדראָ האָט געהאַלטן וואָרט: אָפּגעפירט די בילדער, אָפּגענומען געלט און עס אים צוגעשיקט. אין אַ גאָר קורצער צייט האָט יואל באַוויזן אויפצוזאַמלען אַ היפשע סומע און ער האָט בלויז געוואַרט אָפּצופירן נאָך אייניקע בילדער אין אייניקע שטעטלעך, ווהין ער האָט געדאַרפט פאָרן מיטן באַן, כדי זיך קענען איינפּאַקן און אָפּפאָרן קיין ריאָ, זיך אָפּרעכענען מיט לייבעלען און זען וואָס ס׳וועט אים בלייבן נאָך אַלע הוצאות. ער האָט שוין צום צוויפלטן מאָל באַרעכנט, אַז ס׳וועט אים כמעט אויף גאָרנישט סטייען, איז אים דעריבער נישט אַרויס פון קאָפּ די עגבערנדיקע פראַגע: וואָס זאָל ער איצט טאָן?

אין רעסיפע האָט ער זיך באַקענט מיט איינעם פון זיין שטעטל, וואָס איז שוין לאַנגע יאָרן אין בראַזיל. דער דאָזיקער בן־עיר — זשאַקאָב, איז געווען אַ קליענטעלטשיק, נאָר ער האָט נישט געהאַט מיט וואָס צו קלאַפּן און ביי וועמען צו קאָברירן, פלעגט ער זיך אין די נאָכמיטאָג־שעהען אַרומדרייען אַרום די לאָטעריע־קלייטלעך, וווּ מ׳פלעגט שפּילן אין „בישע". צום ערשט פלעגט מען אויסקאָמבינירן פאַרשידענע שפּילן אויף די

חיהלעך, וועלכע האָבן יעדע געהאַט צו דריי פינאַל־נומערן און אַן אַ צאָל קאָמבינאַציעס, אַזוי, אַז מ׳האָט געדאַרפט זיין אַ מאַטעמאַטיקער און גאון, צו קענען פאַרשטיין די אַלע קאָמבינאַציעס און מעגלעכקייטן, צו געווינען אַזוי פיל און אַזוי פיל פאַר יעדן מילרייס.

דאָס שפילן איז געווען צוזאַמענגעשטעלט לויט פאַרשידענע קאָמבינאַציעס און איינפאַלן, מ׳האָט זיך אָנגענומען מיט האָפענונג און געוואַרט אויפן רעזולטאַט. צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע איז זיין לאַנדסמאַן געשטאַנען פאַר דער אַרויסגעהאַנגענער ליסטע מיט געווינסן און כמעט ביי יעדן איינעם איז דאָס געווינס געווען געררוקט מיט איין ציפער. ווען ער זאָל דעם דאָזיקן ציפער האָבן געשטעלט אויף אַ צווייטן פּלאַץ, וואָלט ער געווען געכאַפּט דעם „בער״...

איינער פון דעם רעדל, וואָס שטייט ביי דער אַרויסגעהאַנגענער ליסטע, דערציילט מיט באַגייסטערונג, ווי עס האָט זיך אים אָנומלט געחלומט דער „חזיר״ און ער האָט צוויי טעג געשפּילט אויפן „חזיר״, צום סוף איז דער „חזיר״ גאָר היינט אַרויס.

דאָ איז די יידישע געגנט. איינפאַכע יידישע קלייטלעך, ווו די אומפאַרהייראַטע קומען עסן זייערע מאָלציטן. מען שפּילט אין דאָמינאָ, טערנע און בגנבה אויף אַ קערטל, ביז ס׳ווערט שפּעט און יעדער ציט זיך צוריק אין זיין ווינקעלע אויף איבערצונעכטיקן, כדי מאָרגן מיטן טאָג צו גלייך אָנהייבן אַ נייעם קאַמף פאַרן טאָג־טעגלעכן עקזיסטענץ.

✶

אין אָוונט איז יואל אָוועק אין שטאָט־צענטער זיך זען מיט אַ געוויסן מיסטער מעק, מיט וועמען ער האָט זיך באַקענט, ווען ער איז נאָר וואָס געקומען פון זיין רייזע אין נאָרד. דער מיסטער מעק האָט אים כלומרשט געררופן וועגן געשעפט, ס׳איז אים איינגעפאַלן צו רעפּראָדוצירן פּאָפּולערע קונסט־בילדער.

נאָך דעם ווי זיי האָבן אָפּגערעדט זיך צו טרעפן אין האָטעל „גואראַני״, האָט זיך מר. מעק אַנטשולדיקט, וואָס ער קאָן נישט זיין לענגער מיט אים, ווייל ער מוז פונקט צו דער צייט זיין אין קאַסינאָ פון האָטעל „גלאָריאַ״. ער ווייסט נישט, צי ער וועט אים קענען אַריינגעמען מיט

זיך אינעווייניק, ווייל אַהין לאָזט מען אַריין נאָר אויף פּערזענלעכע רעקאָמענדאַציעס, נאָר אויב ער וויל מיטגיין, וועט ער פּרווון...

יואל איז איין מאָל געווען אין פּאַריז אין אַ קאַסינאָ און געזען דאָס שפּילן ראָלעטע, באַקאַראַט און אַנדערע שפּילן, נאָר געשפּילט האָט ער נישט, ווייל מער ווי אויף אַ בילעט אהיימצופאָרן האָט ער אין טאַש נישט געהאַט. דעמאָלט האָט ער זיך גאָרנישט צוגעקוקט צו דעם אופן פון שפּילן, נאָר אַציגד האָט אים דאָס שפּילן, איבערהויפּט דאָס געווינען גרויסע סומעס, וועגן וועלכע ס׳האָט אים אָנדערציילט מר. מעק, אויסגעזען אַזוי רעאַל, ממש מיטן האַנט צו דערלאַנגען, האָט ער באַלד, ווי מר. מעק האָט אים אַריינגעפירט אין דער קאַסינאָ, געפּרווט שפּילן אויף קליינע סומעס, און די מייסטע מאָל טאַקע געווונען.

יואל האָט אַלץ געוואַרט, צו קאָנען אָפּפירן די לעצטע בילדער אין דער אומגעגנט און צוריקפאָרן קיין ריאָ, נאָר דערווייל פלעגט ער יעדן אָוונט, מער צוליב דער פאַרווייליונג, ווי צוליבן שפּילן, אַריינקומען אין קאַסינאָ, איינשטעלן אומבאַדייטנדיקע סומעס און אַזוי, פאַרלירנדיק און געווינענדיק, האָט ער זיך באַקענט מיט נאָך שטאָם-געסט, און פון שמועסן וועגן קאָמבינאַציעס, ווי אַזוי צו געווינען, איז אים געקומען אויפן געדאַנק, אַז, אייגנטלעך, לאָזט ער דאָ דורך אַ גלענצנדיקע געלעגנהייט רייך צו ווערן, צו פאַרטאָפּלען, אָדער גאָר פאַרצענפאַכן זיין פאַרמעגן. אַזאַ פאַרמעגן וועט אים פאַקטיש מאַכן פאַר אַ פרייען, פאַר אַ נייעם מענטש. מיט אַ געהעריקער סומע געלט אין טאַש וועט דער שמועס מיט אַרנאָלדן זיין גאָר אַן אַנדערער און אפילו זיין רחלע וועט אויף אים אויך אַנדערש קוקן.

פון אָנהייב האָט ער געהאַט בדעה צו ריזיקירן נאָר מיט זיין טייל פאַרדינסט, ווייל מיט וואָסער רעכט — האָט ער מיט זיך אַליין איינגעטענהט — קאָן זיך ווער דערלויבן ריזיקירן מיט פרעמד געלט?

די ערשטע נעכט האָט ער געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג און געווונען גאַנץ היפּשע סומעס. כאָטש ער האָט עטלעכע מאָל אויך געהאַט פאַרשפּילט, האָט ער זיך נישט געזאָרגט און זיך געהאַלטן פאַר אַ דערפאַרענעם שפּילער, וועלכער ווייסט, ווו אַיין און ווו אויס. נו, ס׳מאַכט זיך אַ מאָל אַז מ׳פאַרשפּילט טאַקע, נאָר פון דער דערפאַרונג ווייסט ער, אַז נאָך דעם ווי ער פאַרשפּילט איין אָוונט, געווינט ער אָפּ אין צווייטן אָוונט פאַר

דער גאַנצער וואָך, וואָס ער האָט פאַרשפּילט, טייל מאָל פאַר אַ גאַנצן חודש.

אין אָוונט, ווען ער האָט גראָד געהאַט גוט אָפּגעווונען, האָט אים מר. מעק אַוועקגענומען אין אַ זייט און אים פאַרטרויט, אַז ער האָט כמעט זיין גאַנץ פאַרמעגן פאַרלוירן דעם אָוונט און וואָלט וועלן, אַז ער, זשאָעל, זאָל אים בסוד אָנפאַרטרויען אייניקע קאָמבינאַציעס, וועלכע ער נוצט און געווינט אַ דאַנק זיי. די דאָזיקע ווענדונג האָט יואלן געמאַכט נאָך מער זיכערער אין זיך. ער האָט אים געגעבן בסוד אייניקע פון זיינע קאָמבי־נאַציעס, וועלכע ער זאָל באַנוצן. יואל האָט אים אַפילו געוואָלט אויסבאָרגן אַ געוויסע סומע, ביז ער וועט געווינען, נאָר מר. מעק, האָט זיך עלעגאַנט אָפּגעזאָגט פון דער פאַרגעלייגטער הלוואה. באַגינען האָבן זיי זיך זייער פריינדלעך געשיידט און אָפּגערעדט זיך צו טרעפן אין אָוונט אין קאַסינאָ.

אין קאַסינא האָט מר. מעק דערציילט יואלן, אַז אַ דאַנק זיינע אָנווייזונגען האָט ער טאַקע געווונען אַ היפּשע סומע און פאַר זיין „פּאַלפּיטע" האָט ער אים צוגעברענגט אַ שטויס „פּישעס" אַלס קאָמיסיאָן, נאָר יואל, וועלכער האָט אַליין געהאַלטן אין געווינען גרויסע סומעס, האָט זיך געפילט באַליידיקט פון זיין פריינדס אָנבאָט. אויך דער אָוונט איז געוועזן זייער מזלדיק פאַר יואלן און, אַזוי געווינענדיק כסדר, האָט ער, נישט אָפּגעבנדיק זיך אַליין קיין חשבון, וואָס ער גייט דאָ טאָן, איינגעשטעלט דאָס גאַנצע געלט, וואָס ער האָט פאַרן צוריקפאָרן קיין ריאָ געהאַט אַרויסגענומען פון באַנק, אויף די צוויי נומערן, אויף וועלכע ער האָט ביז איצט כסדר געווונען און... ער האָט אַלץ פאַרלוירן!

אין דער ערשטער מינוט האָט ער עפּעס זיינע אייגענע אויגן נישט געגלייבט, ער איז פּשוט נישט געוועזן געווינט צו פאַרשפּילן. ווען דער מאַן מיטן לאָפּעטקעלע האָט אַוועקגעשאַרט די שטויסן „פּישעס" און אָנגעהויבן אַ נייע פּאַרטי — איז ער געבליבן זיצן, ווי מיט אָפּגעהאַקטע הענט. דערנאָך איז ער לאַנגזאַם אַוועק פון זיין זיץ־פּלאַץ און, לאָזנדיק זיך צו דער טיר, האָט ער געהאַט בדעה גיין כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט, נאָר אָט האָט ער זיך דערמאָנט אין דער קאָמיסיאָן, וואָס מר. מעק האָט אים אָנהייב אָוונט צוגעבראַכט, איז ער צוריק אַריין אין קאַסינאָ, אים געזוכט אומעטום און נישט געקאָנט געפינען. ער איז געווים פריער

אהיימגעגאַנגען צו זיך אין האָטעל אַריין. דורך אַ זייטיקער טיר איז ער אַרויס פון קאַסינאָ אוך צו פוס אַוועק מיטן טראָטואַר פון דער הויפּט־גאַס צום צווייטן עק שטאָט, ווו ער האָט געהאַט זיין קוואַרטיר.

אַ גאַנצע נאַכט האָט יואל זיך געוואָרפן אויפן געלעגער און נישט געקאָנט איינשלאָפן. עפּעס האָט זיך אים גאָרנישט געקאָנט גלויבן, אַז די גאָר גרויסע סומע געלט, וואָס ער האָט נאָך מיט עטלעכע שעה צוריק פאַרמאָגט און וועלכע האָט שוין געסטייעט פאַר זיינע פּלענער אויף דער צוקונפט, איז אויף אַזאַ מיסטעריעזן אופן פּלוצעם פאַרשוווּנדן, ממש ווי מען וואָלט עס ביי אים מיט אַ פאַרטל צוגענומען, ווי מען נאַרט אויס ביי אַ קינד אַ שפּילצייג. ס׳האָט זיך אים אָבער נישט געוואָלט גלייבן, אַז אַלץ איז שוין פאַרפאַלן. עפּעס האָט אין אים געטליעט אַ פונק, וואָס האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז דאָס, וואָס עס איז מיט אים שוין נישט איין מאָל געשען, וועט ווידער געשען, דאָס מאָל וועט ער אָבער שוין זיין קליגער.

אין דער פרי האָט ער איינגעפּאַקט איינציקע מלבושים, כלומרשט ווי ער זאָל זיי גיין אַוועקגעבן רייניקן, און אין ערשטן לאָמבאַרד, וואָס ער האָט געטראָפן אין שטאָט, איז ער אַריין און דאָרטן אַלץ פאַרזעצט. אויך דעם גאָלדענעם האַנט־זייגער, דעם רינג און די דימענטענע בראָש, וואָס ער האָט דאָ איינגעהאַנדלט מיט אַ וואָך צוריק בחצי חנם — אַלץ האָט ער פאַרזעצט. אַוועקגעגאַנגען עסן פרישטיק און געגרייט זיך דורצופירן זיינע פּלענער וועגן אָפּגעווינען זיין געלט.

מיטן ביסל געלט אין טאַש איז ער אַוועק צום האָטעל, ווו מר. מעק איז איינגעשטאַנען. קודם כל וועט ער אים בעטן, ער זאָל אים געבן עפּעס אַ גוטע קאָמבינאַציע, וואָס זאָל אים דערמעגלעכן אָפּגעווינען זיין פאַרלוירן געלט, און אויב ער וועט טאַקע זיין אַ דזשענטלמען, ווי ער איז עס געוווען צו אים אין אַזאַ ענלעכער סיטואַציע, און אים פאַרלייגן אַ הלוואה, וועט ער נישט נעמען, נאָר זיין קאָמיסיאָן, וואָס ער האָט אים נעכטן אָנגעבאָטן, וואָלט ער גריילעך יאָ געדאַרפט, און ער וועט אים וועגן דעם גאַנץ אָפּנהאַרציק זאָגן... אין גרויסן האָטעל האָט אָבער קיינער נישט געוווּסט פון מר. מעק, ער איז גאָר קיין מאָל דאָרטן נישט איינגע־שטאַנען. אין קאַפע לעבן האָטעל, ווו זיי פלעגן זיך טרעפן, האָט עפּעס

אײן קעלנער יאָ געװוּסט װעמען ער זוכט, נאָר ער הערט ערשט דאָס ערשטע מאָל דער דאָזיקער זאָל זיך רופן מר. מעק. אויב ס'איז דער שווינדלער, וועגן וועמען ער דענקט, איז ער נעכטן אָפּגעפאָרן קיין ריאָ דע זשאַניירא מיט דער שיף פון דער קאָסטעירא.

אין קאַסינאָ האָט אויך קיינער נישט געוווּסט פון אים. מעק, וואָס איז שטענדיק געווען פול אומעטום, איז אַצינד אין ערגעץ נישט געווען. יואל האָט נאָך געפּרוּווט מיט פאַרביסנקייט איינשטעלן אויף אייניקע נומערן, האָט איין מאָל געוווּנען, נאָר דאָס מזל האָט אים אין גאַנצן געהאַט פאַרלאָזט. האָט ער פאַרשטייפט אין האַנט די פּאָר איבערגעבליבענע מטבעות, איז אַרויס פון קאַסינאָ און אָנשטאָט צו גיין אויף זיין קוואַרטיר, האָט ער פאַרקערעוועט צו דער צווייטער זייט שטאָט, צום וואַסער, ווו ס'פאַראַנקערן די שיפלעך, וועלכע ברענגען אין שטאָט אַריין גרינס, האָלץ און פאַרשידענע פּראָדוקטן צום פאַרקויפן אויפן מאַרק...

יואל ווייסט נישט, ווו ער האָט אַ גאַנצע נאַכט געוואַנדערט. עפּעס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער געפינט זיך ערגעץ אין אַן אויסטערלישער וועלט. דורך דער נאַכט האָט ער באַזוכט אַזוי פיל אויסטערלישע פּלעצער; קאָפּעען, געשטעלן, ווו מען פאַרקויפט וואַרעמע זיסע רייז, הייסע קוקורוזע, קאַלטע געטראַנקען און פרוכטן, מענער און פרויען עסן שטייענדיקערהייט. אַזעלכע מאָדנע טיפּן, אַז ער האָט אַליין נישט געוווּסט, ווי אַזוי ער קומט דאָ אַהער.

ווען ער האָט באַגינען זיך דערשלעפּט צו זיין קוואַרטיר, האָט ער נישט געוווּסט אויף וועלכער וועלט ער געפינט זיך. ער האָט איינגעפּאַקט די סאַמע נייטיקסטע זאַכן און איז אַרויס שטיל פון דער קוואַרטיר אויף מער נישט צוריקצוקומען אַהער, דערביי האָט ער זיך אפילו נישט געפּרוּווט אָפּגעבן קיין חשבון, וווהין ער וועט איצט גיין און וואָס ער וועט איצט טאָן.

אַרויסגעקומען פון זייטיקן געסל, איז זיין ערשטער אימפּולס געווען, צו גיין אויף דער הויפּט־פּאָסט, זען, צי ער האָט עפּעס בריוו פון וועמען. עס איז נאָך געווען גאַנץ פרי, די פענצטערלעך זענען נאָך געווען פאַרמאַכט, די אָנגעשטעלטע האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן צונויפקומען צום דינסט, נאָר איין מיטליעריקער אָנגעשטעלטער, וועמען ער פלעגט שטענדיק

איבערלאָזן טרינק־געלט, האָט אים באַמערקט און אַרויסגעגעבן זיינע בריוו דורכן האַלב־פּאַרמאַכטן פענצטערל.

פון פעדראָן איז געווען אַ האַרציקער בריוו, ווי פון אַ גוטן פריינד, וועלכער האָט געשריבן וועגן זיינע פּלענער און אים געבעטן, אַז ווען ער וועט דורכפירן זיינע אָנגעצייכנטע פּלענער, זאָל ער מיט זיין געליבטער קומען צו זיי אויף אַ לענגערע צייט, און דעמאָלט וועלן זיי באמת צוזאַמען אויפטאָן גרויסע זאַכן אין מאָלן; לייבעלעס בריוו איז, ווי תמיד, געווען פול מיט לויב־געזאַנגען וועגן זיין גרויסן דערפאָלג. דערביי האָט ער אים אָנגעמערקט, אַז ער איז זייער פאַרענגט און וואָלט אים געבעטן צושיקן מיט לופט־פּאָסט עפּעס געלט, איידער ער קומט צוריק; דער דריטער בריוו איז געווען פון רחלען. פון רחלעס בריוו האָט ער אַרויסגעלייענט איר עלנט און אומגליקלעך לעבן. ס׳איז געווען אַן אויסברוך פון אירע דערדריקטע געפילן. די דאָזיקע שטימונג האָט ער אין איר דערוועקט מיט זיין פריערדיקן בריוו, פול מיט האָפענונג וועגן זייער צוקונפט, אַז זיי וועלן ביידע גאָר בקרוב זיין צוזאַמען, זיך פאַרשליסן אין זייער נעסט, וואָס איז אָט, אָט, נאָר מיט דער האַנט צו דערלאַנגען.

די אַלע בריוו, אָנשטאָט צו דערוועקן אין אים אַ ווילן אויף ס׳ניי צו קעמפן און דערגרייכן זיין ציל — האָבן אים דערמאָנט זיין געפאַלנקייט, אַז ער איז איינער פון די דאָזיקע נאָמענלאָזע, היימלאָזע, וואַגאַבונדן, מיט וועמען ער האָט זיך אין זיין נעכטיקן וואַנדערן ביים פּאַרט צונויפגע־טראָפן. אמת, ער האָט נאָך אַ פּאָר מילרייס, ער האָט נאָך דעם טשעק פון פעדראָן, דאָס איז נאָך אַלץ בעסער, ווי שטיין ביי דער קאַפע אָדער געשטעל און בעטלען אַ שיסעלע רייז, אָדער אַ טרונק בראָנפן, „מאטא בישאָ״, אָבער אויף ווי לאַנג וועט אים דאָס אַלץ סטייען? אויף אַ וואָך, אפשר, בצמצום, אויף צוויי. וואָס וועט ער אָבער טאָן נאָך דעם?

נישט אַנדערש — טראַכט ער, אַז אָט די אַלע היימלאָזע, פאַרוואָרלאָזטע, אומגליקלעכע שלעפּערס, וועלכע ער האָט נעכטן באַגעגנט אין זיין וואַנדערן, זענען אויך דורכגעגאַנגען אַזאַ וועג, ווי ער. ס׳איז נאָר אַ פראַגע פון צייט. צווישן זיך טרינקענדיקע פון דער זעלבער שיף, האַלט זיך איינער לענגער אויף דער אויבערפלאַך און אַ צווייטער — ווינציקער. פריער אָדער שפּעטער איז אָבער אַלעמענס סוף דער זעלבער.

ער האָט שוין געזען זיך אַליין ווי איינעם פון אָט די אונטערגעגאַנגענע שיפן, ווי איינער פון די דאָזיקע טיפן, וועלכע האָבן נעכטן ביי אים געבעטלט אַ מילרייס אויף אַ שיסעלע וואַרעם געקעכטס, אָדער אַ טרונק בראָנפן זיך צו דערוואַרעמען, און ווי דער סאַמע גליקלעכסטער אויף דער וועלט זיך צוריק פאַרקליבן ערגעץ אין דער נאָרע, אין אַ סחורה־מאַגאַזין ביים פּאָרט.

ער האָט באַקומען גרויס רחמנות אויף זיך אַליין און געשפּירט, ווי אין האַלדז שטיקן אים די טרערן. אויף אַ מינוט האָט ער געפּרוּווט זיך פאָרשטעלן, ווי ער טוישט אויס פּעדראָס טשעק, גייט אַוועק אין אָוונט אין קאַסינאָ און אין איין גאַנג געווינט ער ביים באַקאַראַט־טיש אַ גרויסע סומע געלט, נאָך מער ווי ער האָט געהאַט פאַרשפּילט. ער גייט דאַן שטאָלץ צום קאַסיר און טוישט אויס די „פישעס" און פאַרלאָזט די קאַסינאָ, כאָטש אַלע בעטן זיך ביי אים, אַז איצט, ווען דאָס מזל האָט אים צוגעשפּילט, זאָל ער פּרוּוון נאָך אַ קאָן, אָדער צוויי.

ער איז אַריין אין אַ דריטקלאַסיקן רעסטאָראַן עפּעס עסן און געהאַלטן פעסט אין דער הויזן־קעשענע די פּאָר הונדערט מילרייס און בעתן עסן געלאַכט פון זיין פריערדיקער פאַנטאַזיע, איבערצוקליגן די מאַכערס פון קאַסינאָ. אפילו פּרוּוון זיין מזל מיט די לעצטע פּאָר הונדערט מילרייס איז ער מער נישט בכוח. ער האָט פאַרלוירן דעם גלויבן אין זיך און, ווי אַ הינקענדיקער, וועלכער קען זיך נאָר באַוועגן מיט דער הילף פון קוליעס, ציטערט ער, טאָמער וועט ער פאַרלירן זיינע קוליעס — די פּאָר מילרייס... עס כאַפּט אים אַרום אַ ווילן צו אַנטלויפן פון דאַנען, וואָס ווייטער זיין פון דאַנען, ווו יעדער, דאַכט זיך אים, ווייסט וועגן זיין בראָך. אייניקע מענטשן קענען אים אין שטאָט, דער אָנגעשטעלטער אין פּאָסטע רעסטאָראַנטע קען אים — ער מוז אַוועק פון דאַנען, ער מוז פאַרשווינדן אָן שום שפור, קיינער זאָל נישט וויסן, ווו ער איז אהינגעקומען... אַז נישט — האָט זיך אים אויסגעדאַכט — מוז ער זיך נעמען דאָס לעבן.

קאַפּיטל דרייצן

## מיט אַ שלאַנג אויפן האַלדז

יואל האָט געשפּאַנט פאַרטראַכט און געוואָלט זיין וואָס ווייטער פון צענטער. ער האָט אָן אַ שום זין שפּאַצירט אויף זייטיקע גאַסן. אַזוי פאַרטראַכט איז ער דורכגעגאַנגען לעבן אַ גאַראַזש, ווו ס׳איז געשטאַנען אַן אָמניבוס פון דער צווישנשטאָטישער פאַרבינדונג, גרייט אָפּצופאָרן אין אַ קליין שטעטל. אין אָפענעם טויער פון גאַראַזש האָבן אַלע געקויפט זייערע בילעטן ביי אַן עלטערן מענטש, וואָס איז געזעסן ביי אַ טישל און דאָס געלט געהאַלטן אין אַ הילצערן קעסטל פון ציגאַרן. יואל האָט געבעטן אַ בילעט און ווען דער מענטש האָט אים געפרעגט: ביזן סוף פון דער ליניע? האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, האָט גענומען זיין בילעט און זיך ווי עס איז אַריינבאַקומען דורך די פּעק צו איינע פון די לעצטע בענק אין אָמניבוס.

אינעווייניק, אין אָמניבוס, האָט יעדעס ווינקעלע דערמאָנט אין אָפּגענוצטקייט, אין אַלטקייט. יואל איז געווען פאַרמאַטערט און ס׳האָט אים געצויגן צו כאַפּן אַ דרימל, נאָר די אַרויסשטאַרטשענדיקע פּרוזשינעס אין אַלט־געבעטן געזעס און דער היימישער טומל פון די רייזנדע, וועלכע האָבן זיך געפילט ווי ביי זיך אין דער היים, האָבן צו נישט געמאַכט זיין דרימל.

פּאַסאַזשירן זענען אַראָפּ. אַנדערע זענען אַרויפגעקומען. מ׳האָט זיך באַגריסט און איבערגעגעבן גרוסן. די וואָס זענען געפאָרן האָבן געשמועסט וועגן די נייעסן, וואָס זענען לעצטנס פאַרלאָפן אין זייערע ערטער, נאָר יואל האָט נישט געהאַט קיין שום געמיינזאַמס מיט די רייזנדע. ער איז געזעסן און שטאַר געקוקט אויף דער לאַנדשאַפט. נאָך מיטאָג איז דער אָמניבוס מיט געפילדער אַריין אין פּראָווינץ־שטעטל און נאָכן דרייען זיך דורך זייטיקע געסלעך, זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן מאַרק.

דער שאָפער, ווען ער האָט געזען, אַז יואל איז נאָך נישט אויסגע־שטיגן, האָט ער אַ געשריי געטאָן:

— רירט אייך, מיר זענען שוין אָנגעקומען!

אויסשטייגנדיק האָט יואל אים עפּעס געפרעגט אין פראַנצויזיש, פון וואָס דער שאָפער האָט בלויז פאַרשטאַנען איין וואָרט: פּענסיאָן.

דער שאָפער האָט צוגערופן אייגעם פון די באַרוועסע יינגלעך, וואָס האָבן זיך געדרייט אַרום אָמניבוס און געוואַרט אויף אַ פאַרדינסטל און אים עפּעס געזאָגט אין פּאָרטוגעזיש. דאָס יינגל האָט אַ כאַפּ געטאָן יואלס טעקע און געשפּאַנט פאָרויס צום פּענסיאָן.

יואל איז געווען מיד און צעבראָכן פון דער רייזע. אָבער מאָדנע, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז קיינער קען אים דאָ נישט, האָט ער צוריקגעקראָגן דעם גלויבן אין זיך, האָט אויפגעהערט צו זאָרגן וועגן דעם, וואָס עס וועט זיין מיט אים, האָט אָפּגעגעסן און זיך געלייגט שלאָפן.

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, ווען ס׳האָט אָנגעהויבן שאַריען אויף טאָג. איצט האָט אים קיין זאַך נישט געאַרט. אַפילו דער געדאַנק, וואָס האָט אים נעכטן פאַרפאָלגט, אַז ער וועט נישט האָבן פון וואַנען צו לעבן און גאָר אין גיכן זיך אַראָפּקייקלען צו דער מדרגה פון פאַרוואָרלאָזטע, וועלכע ער האָט אָנומלט באַגעגנט ביים פּאָרט, — אַפילו פאַרן דאָזיקן געדאַנק האָט ער אויפגעהערט מורא האָבן; אַפילו דער פּשוטער חשבון, אַז זיין געלט וועט אים קוים סטייען אויף אַ וואָך אָדער צוויי, צו באַצאָלן פאַר פּענסיאָן, אַז ער האָט נישט קיין וועש און קיין אָנצוג און ווייסט נישט וואָס ער וועט אָנהייבן טאָן אין דאָזיקן פראָווינץ־שטעטל — דאָס אַלץ האָט אים איצט אויסגעזען אַזוי מינדערוויכטיק, אַז ער האָט נישט פאַרשטאַנען, פאַר וואָס ער האָט זיך נעכטן מיט דעם אַלעם אַזוי איבערגענומען און געווען פאַרצווייפלט.

אין פּענסיאָן זענען מענטשן געקומען און אַוועקגעפאָרן, נאָר ער איינער איז געווען אַ שטענדיקער, אַ שטאַם־גאַסט. ער האָט אין גאַנצן אויפגעהערט אינטערעסירן זיך מיט דער דרויסנדיקער וועלט. נישט געלייענט קיין צייטונג, נישט געהערט ראַדיאָ און אפילו געהאַט פאַרלוירן דעם חשבון פון צייט. ווען די באַלעבאָסטע פלעגט אים זאָגן, אַז ער דאַרף באַצאָלן פאַר דער וואָך, פלעגט ער פלעגמאַטיש אַרויסנעמען דאָס געלט און

איר באַצאָלן די פּאָר מילרייס. וואָלט מען אים אָבער געפרעגט, ווי לאַנג ער איז שוין דאָ, אָדער וואָסער מאָנאַט ס׳איז, וואָלט ער זיכער נישט געוווּסט, און ס׳האָט אים אויך נישט אינטערעסירט צו וויסן. גראָד דאָס זיין דערוווייטערט פון דער דרויסנדיקער וועלט און דאָס וואָס קיינער האָט זיך מיט אים נישט אינטערעסירט און נישט נאָכגעפרעגט, האָט ווי צוגעצ־שפּילט צו זיין געמיט.

ס׳איז געוואָרן ווינטער, די רעגנס האָבן דעם נישט געפלאַסטערטן וועג פאַרוואַנדלט אין אַ דאָרפישן שליאַך. לאַסט־וועגענער און אויטאָס זענען געזונקען אין ליים. די שיך האָבן זיך געקלעפּט צו די טראָטואַרן. יואל האָט אויפגעגעבן זיינע טעגלעכע שפּאַצירן, ער פלעגט מיינסטן זיצן אין זיין צימער און אַרויסקוקן דורכן פענצטער, אָדער גאָר שלאָפן. ער איז אַזוי צוגעוווינט געוואָרן צו שלאָפן, אַז ער פלעגט אָפּשלאָפן טעג און נעכט און נאָר אַרויסקומען פון צימער צוליבן עסן. ביי דער באַלעבאָסטע פון פּענסיאָן האָט עס געהייסן, אַז ער האָט אַ רייכע פאַמיליע ערגעץ אין „סערטאָן" און קען מיט זיי נישט אויסקומען, האָט ער באַשלאָסן אַוועקפאָרן ערגעץ און לעבן פאַר זיך.

יואל האָט פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט טראַכטן, אַז ווען עס איז ווערט זיך זיין געלט ענדיקן און ער וועט מוזן עפּעס אונטערנעמען אויף צו פאַרדינען אויף זיין אויסקומעניש. די דאָזיקע געדאַנקען האָט ער געטריבן פון זיך און נישט געלאָזט זיי זאָלן אים באַהערשן, ער איז אָקאָרשט געווען זיכער ביי זיך, אַז בעת עס וועט נויטיק זיין, וועט ער שוין ווי עס איז געפינען אַן אויסוועג. אַזוי האָט ער געלעבט זיין זינלאָז לעבן, נישט טראַכטנדיק וועגן קיין זאַך.

ווען די רעגנס האָבן אויפגעהערט, האָט יואל פאַרפּאַקט זיין קליין וואַליזקעלע און געזאָגט דער באַלעבאָסטע, אַז ער פאָרט קיין רעסיפע ברענגען געלט, צו באַצאָלן, וואָס ער איז איר שולדיק. כאָטש די באַלעבאָסטע האָט אַלץ נישט אויפגעהערט פאַרזיכערן אים, אַז זי וויל נישט פון אים קיין משכון, אַז זי האָט צו אים פולן צוטרוי, אַז ער וועט צוריקקומען און איר באַצאָלן דעם חוב, האָט ער דאָך איבערגעלאָזט זיין רענצל אַלס משכון.

ווען דער אָמניבוס האָט זיך מיטן האַלב־בלאָטיקן וועג געשלעפּט

אין שטאָט אַריין, האָט ער צווישן שלאָף און וואָך אָנגעהויבן טראַכטן, צו וואָס ער וועט זיך נעמען אין רעסיפּע. מיטאָג־צייט איז ער, אַ נישט זיכערער, אויסגעשטיגן אויף אַ זייטיקער גאַס און זיך איינקוואַרטירט אין אַ ביליקן פּענסיאָן, אין אַ צימער מיט נאָך צוויי פּערזאָן.

ער האָט אָפּגעגעסן אָוונט־ברויט און אַוועק זיך לייגן שלאָפן מיטן אויסרייד, אַז ער איז מיד פון וועג און האָט קאָפּווייטיק. אין דער אמתן האָט ער נישט פאַרטראָגן דעם טומלדיקן אַרום, געוואָלט זיין מיט זיך אַליין און פּרווון זיך דערגרונטעווען צו עפּעס, וואָס ער זאָל שוין מאָרגן אָנהייבן צו טאָן.

ער איז איבערגעשלאָפן די נאַכט און זיך אַפילו נישט איבערגעוועקט, ווען די אַנדערע צוויי שכנים פון צימער האָבן זיך געלייגט שלאָפן. אין דער פרי האָט ער זיך געשפּירט דערפרישט, אָבער דער אָנבליק פון נאָך צוויי מענטשן אין זעלבן צימער האָט אים צוריקגעפירט צו זיין ווירקלעכער לאַגע און דערמאָנט, ווו ער געפינט זיך. דאָס האָט אין אים גאָר אומדער־וואַרט דערוועקט אַ ווילן מיט עפּעס זיך צו באַשעפטיקן.

ער האָט זיך געוואַשן, ראַזירט, געגעסן פרישטיק און זיך געאיילט, ווי ער וואָלט ווירקלעך האָבן ערגעץ ווו צו גיין עפּעס דרינגלעך, אָדער גאָר זוכן אַרבעט. ווען ער איז אַריין אין צימער נעמען דאָס רעקל און הוט איז איינער פון די שכנים געזעסן האַלב אָנגעטאָן אויפן ראַנד פון בעטל און געקרעכצט. יואל האָט אים געזאָגט גוט מאָרגן און פון העפלעכקייט וועגן אים געפרעגט, ווי ער פילט זיך. אָנשטאָט אַן ענטפער האָט ער באַמערקט, ווי זיין פּנים איז פאַרקרימט פון ווייטיקן און ער אָטעמט שווער. ער האָט אים געפרעגט, צי ער קאָן אים מיט עפּעס בייהילפיק זיין אָדער ער זאָל אפשר וועמען אַריינרופן, נאָר דער שכן האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אַלס צייכן ער זאָל זיך נישט באַאומרואיקן, אַז עס איז נישט קיין נייעס ביי אים, און געבעטן זיך זעצן לעבן אים, ווייל ער וויל יואלן עפּעס זאָגן.

יואל האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן זיין נייעם שכן און געווען גרייט צו הערן, וואָס ער האָט אים צו זאָגן. דער שכן האָט אָפּגעאָטעמט, גענומען אַ טרונק וואַסער און אַראָפּגעשלונגען אַ פּיל, דערנאָך האָט ער גענומען אַ צווייטע פּיל, פון אַ קליין פלעשעלע, וואָס ער האָט געהאַלטן אין

וועסטל־קעשענע, און אַרונטערגענומען אונטערן צונג. ער האָט איצט פרייער געאָטעמט און, קוקנדיק אויף יואלן, גערעדט צו אים, ווי צו אַן אַלטן באַקאַנטן:

— איך רוף זיך זשאַרזשע, איך בין דאָ אין שטאָט אַן אַלטער תושב. לעצטנס האָט מיר פאַרכאַפּט דאָס האַרץ, און גראַד היינט איז מיר ערגער און איך זע נישט קיין מעגלעכקייט צו קענען אַרויסגיין אין גאַס. ווי איך זע, וועל איך שוין ווידער מוזן גיין צום דאָקטאָר און אפשר בלייבן אַ צייט אין שפּיטאָל, איז אפשר וואָלסטו געוואָלט אַרבעטן מיט מיר? — האָט ער פאַרענדיקט זיין אָנגעשטרענגט ריידן און געקוקט מיט אַ בעטנדיקן בליק צו יואלן.

די פראַגע איז געקומען אַזוי אומדערוואַרט, אַז אין דער ערשטער מינוט האָט ער געמיינט, אַז זיין שכן זשאַרזשע האָט געלייענט זיינע געדאַנקען. יואל האָט נישט געענטפערט דירעקט אויף דער פראַגע, נאָר געוואָלט וויסן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

זשאַרזשע האָט זיך גענומען אָנטאָן און פון צייט צו צייט זייטיק געקוקט אויף יואלן, ווי וועלנדיק זיך איבערצייגן, צי ער מאַכט נישט קיין טעות מיט זיין אויסוואַל. יואל האָט געזען, אַז זשאַרזשע איז גאָרנישט אַזוי אַלט, ווי ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן אין דער ערשטער מינוט.

זשאַרזשע האָט אַרויסגענומען פון שאַנק אַן אָפּגעבליאַקעוועט וואַליז־קעלע, עס אויפגעעפנט. אינעווייניק איז געלעגן אַ שלאַנג, איינגעדרייט אין אַ בייגל. די שלאַנג איז געווען גרויס און ס׳האָט אויסגעזען, ווי זי שלאָפט. יואל האָט, פון שרעק, זיך געוואָלט אָפּרוקן, נאָר ער האָט זיך באַהערשט. זשאַרזשע האָט די שלאַנג אַ ריר געטאָן און זי האָט זיך אָנגעהויבן באַוועגן, ווי אַ לעבעדיקע. ער האָט יואלן באַרואיקט און געוויזן, אַז די שלאַנג איז אַ קינסטלעכע און אויב מען רירט זי נישט אָן, ליגט זי, ווי זי וואָלט געשלאָפן. אין אַ צווייט וואַליזקעלע זענען געווען פלעשלעך פון פאַרשידענער פאַרב, און זשאַרזשע האָט אים דערקלערט, ווי אַזוי דער דאָזיקער מסחר גייט אָן, ווי די פאַרשידענע עליקסירן העלפן צו כלערליי קראַנקהייטן, און אים צום סוף אָנגעזאָגט, ער זאָל גיין אויף דער עסקינא לעבן דער פּראַסאַ, וווּ ס׳שטייען לאַסט־אויטאָס און וועגענער צום פאַרדינגען און אָט די דאָזיקע באַלעגאָלעס זאָל ער בלויז זאָגן, אַז

ער, זשאַרזשע, איז קראַנק און ער טוט עס די אַרבעט פאַר אים, וועט אַלץ שוין גוט זיין.

זשאַרזשע האָט נאָך צוגעגעבן, אַז פאַרנאַכט, ווען ער וועט צוריקקומען, וועלן זיי זיך צערעכענען, האָט אים געגעבן אַ ביסל קליינגעלט און עטלעכע פּאַפּירענע מילרייס אויף אויסגאָב און אים באַגלייט צו דער טיר מיט אַ פריילעכן „גיי מיט גאָט און זיי מצליח!"

יואל האָט זיך פאַרגעשטעלט אַלס זשוליאָ און זשאַרזשען צוגעווונטשן, ער זאָל זיך פילן בעסער און אים פאַרזיכערט, אַז אַלץ וועט זיין אין אָרדענונג. מיט די צוויי אָפּגעבליאַקעוועטע וואַליזקעלעך אין די הענט האָט זשוליאָ פאַרלאָזט דעם פּענסיאָן און זיך געלאָזט צו דער אָנגעמערקטער עסקינאַ, וואָס לעבן דער פּראַסאַ. מיט אַ מאָל האָט ער זיך דערפילט אויפגעלייגט און מונטער, ווי ער וואָלט געגאַנגען דערפילן עפּעס אַ זייער וויכטיקע מיסיע.

ער איז צוגעקומען צו דער פּראַסאַ אין עק פון דער אימפּעראַטריץ גאַס, האָט לאַנגזאַם אויסגעשפּרייט אַ צייטונג און די עקן אַרומגעלייגט מיט שטיינער, אַוועקגעשטעלט די וואַליזקעלעך, זיי אויפגעעפנט און געקוקט פאַר זיך, ווי טראַכטנדיק וועגן עפּעס. זשוליאָס אויסגעפּרעסטער לינענער אַנצוג, זיינע ווייסע שיך, די קאָלירטע ברילן און דאָס שיין פאַרשוירן בערדל מיט די וואָנסעס האָט אויף די באַלעגאָלעס פון דער פּראַסאָ געמאַכט אַ מאָדנעם איינדרוק. זשאַרזשע, וועלכער האָט במשך פון יאָרן דאָ פאַרקויפט די דאָזיקע עליקסיר־רפואות, איז נישט געווען צו זויבער אָנגעטאָן, ער פלעגט אויך שרייען און מאַכן משוגענע שטיק מיט דער שלאַנג אויף צוציען אויפמערקזאַמקייט פון די פאַרבייגייער, — דער דאָזיקער — האָבן די באַלעגאָלעס געטראַכט — איז עפּעס אַזוי אַנדערש, אויסגעפּוצט, שטיל, ווי ער וואָלט גאָרנישט געקאָנט רעדן.

צווישן די באַלעגאָלעס איז דערוויל באַוווּסט געוואָרן, אַז זשאַרזשע איז קראַנק און דאָס האָט זיינס אַ פריינד זיך אונטערגענומען צו שטיין פאַר אים אויף דער פּראַסאַ, ביז ער וועט געזונט ווערן. די באַלעגאָלעס און זייערע אַרויסהעלפערס האָבן אומישנע געמאַכט אַ רעדל אַרום אים און דאָס האָט צוגעצויגן קוריאָזע דורכגייערס. ווען יואל האָט געזען אַרום זיך אַ גרופּע בייגעריקע צושויער האָט ער אָנגעהויבן רעדן וועגן די

וווּנדער־עליקסירן, וועלכע היילן פֿאַרשידענע קראַנקהייטן. ער האָט גערעדט מיט באַגייסטערונג און געהאַלטן אין דער האַנט די קאָלירטע פֿלעשעלעך. ער האָט דערציילט, וואָס פֿאַר אַ ווונדער די פֿלעשעלעך קענען באַווייזן. און ווייל ער האָט אַ סך מאָל אין רעדן זיך באַנוצט מיט פֿראַנצויזיש, איז ער באַקאַנט געוואָרן ווי „דער פֿראַנצויז". די פֿראַנצויזן גלייבט מען דאָרט און אַלע האָבן געקויפֿט די קאָלירטע פֿלעשעלעך. אין אַ פּאָר שעה האָט ער געהאַט אַלץ אויספֿאַרקויפֿט און איז צוריקגעגאַנגען אין פּענסיאָן צו זשאָרזשען.

ער איז מער געלאָפֿן ווי געגאַנגען. ער האָט זיך געאיילט צו ווייזן זשאָרזשען דעם גוטן רעזולטאַט פֿון זיין ערשטן פּרוּוו, און האָט אויך געוואָלט וויסן, וואָס זשאָרזשע מאַכט, ווייל ער האָט אין אים דערפֿילט אַ פֿריינד. זשאָרזשע איז אין דער צווישן־צייט מער קראַנק געוואָרן און דער אַמבולאַנס האָט אים אַוועקגענומען אין דעם „סאַנטאַ קאַזאַ"־שפּיטאָל. יואל איז אַהין אַוועק אים זען. זשאָרזשע האָט געקראָגן אַ בלוט־שטורץ, ער איז געווען אויף דער קריטישער ליסטע און מען האָט נישט צוגעלאָזט צום אים, נאָר פֿאַר אַ „גאַרזשעטאַ" האָט ער זיך אַריינבאַקומען אין צימער, וווּ זשאָרזשע איז געלעגן מיט נאָך קראַנקע. ער האָט אָבער נישט געטאָרט פֿאַר קיין פֿאַל רעדן, האָט זשוליאָ צו אים גערעדט און זשאָרזשע האָט מיט אַ בלייער אויף פּאַפּיר אויפֿגעשריבן וואָס ער וויל זאָגן. דער קראַנקער האָט אים זייער געדאַנקט פֿאַרן אינטערעס צו קומען צו אים. יעדעס מאָל, ווען ער ליגט אין שפּיטאָל, קומט צו אים קיינער נישט. קיין געלט האָט ער ביי זשוליאָן נישט געוואָלט נעמען, זאָל ער עס האַלטן ביי זיך, ביז ער וועט ווידער געזונט ווערן און אַרויס פֿון שפּיטאָל, און וואָס שייך דעם עליקסיר, האָט ער פֿון אַ לעדערנעם בייטעלע, וואָס ער האָט געהאַלטן אונטערן קישן, אַרויסגענומען די רעצעפּטן און אים געגעבן, ער זאָל וויסן, ווי מ'דאַרף זיי צוזאַמענשטעלן.

יואל האָט פֿאַרלאָזט דעם שפּיטאָל. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז זשאָרזשע איז ערנסט קראַנק. דאָס ערשטע מאָל האָט ער איצט געשפּירט, אַז דאָס באַקענען אַזאַ פֿריינד איז פֿאַר אים געווען אַ ספּעציעל גליקלעכער צופֿאַל. אין האַנט האָט ער נאָך אַלץ געהאַלטן די רעצעפּטן פֿון די פֿאַרשידענע עליקסירן און דאָס צעטעלע, וווּ זשאָרזשע האָט געהאַט אויפֿגעשריבן, ער

זאָל אַכטונג געבן אויף אַלץ, וואָס ער פאַרמאָגט דאָרטן אין צימער און אויף זיין געלט, ביז ער וועט אַרויס פון שפּיטאָל. נאָר פון שפּיטאָל איז שוין זשאָרזשע נישט אַרויס. ווען יואל איז אין צוויי טעג אַרום געקומען אים זען, איז ער שוין געווען אין מאָרג, וווהין מען נעמט אַוועק די אָרעמע טויטע, און יואל האָט דורכגעפירט די נייטיקע פאָרמאַליטעטן, מען זאָל אים באַערדיקן אויפן שטאָטישן סעמעטעריאַ. נאָך דער לוויה זענען נאָכגעפאָרן אַלע באַלעגאַלעס פון דער פּראָסאַ, די איינוווינער פון פּענסיאָן און אַן אַ צאָל פריינד, וועלכע האָבן אים געקאָנט.

יואל איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיטן צוזאַמענמישן די עליקסירן אין די פלעשלעך, לויט זשאָרזשעס רעצעפּטן, האָט זיי טאָג־טעגלעך אַרויס־געטראָגן אויפן עק גאַס ביי דער פּראָסיניאַ, האָט גערעדט צו די אָרומיקע דעם זעלבן פּראָנצויזיש, וואָס קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען. מיט דער צייט האָט ער אויפגעהערט אַכטונג צו געבן אויף זיינע קליידער און אויסערלעכן אויסזען. ער האָט וועגן קיין זאַך זיך נישט געזאָרגט. זיין איינציקע אַקטיווקייט האָט ער אַרויסגעוויזן ביים צונויפמישן די פאַרשידענע עליקסירן און אַרויסגיין מיט זיי אין מאַרק אַריין. אָבער ווי נאָר ער איז צוריקגעקומען פון מאַרק פלעגט ער זיך אַוועקזעצן אויף דער וועראַנדע פון פּענסיאָן און קוקן פאַרשטאַרט אין ליידיקן חלל אַריין.

פּונקט ווי ער האָט אין קאַמפּינאַ גראַנדע זיך געהאַט פאַרשלאָסן און אַן שום זין זיך געוואַלגערט דאָרטן דעם גאַנצן ווינטער, אַזוי האָט ער אויך זיך געוואַלגערט אין דעם ביליקן פּענסיאָן. בלויז ביים צוגרייטן די עליקסיר־פלעשלעך אויפן מאָרגנדיקן טאָג, צו גיין מיט זיי אין מאַרק אַריין, איז ער געוואָרן אַקטיוו. אָבער ווי נאָר ער האָט געהאַט פאַרקויפט אַ געוויסע צאָל פלעשלעך האָט ער זיך באַלד אומגעקערט אין פּענסיאָן אַריין און זיך צוריק אַוועקגעזעצט אין זיין ווינקל אויף דער וועראַנדע און געקוקט פאַרטראַכט אין דער ווייטקייט אַריין.

יואלס זיצן שעהען לאַנג און קוקן פאַרשטאַרט אין ליידיקן חלל אַריין האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון איינעם, וואָס איז אַראָפּ פון זינען. אייניקע אין פּענסיאָן האָבן דאָס אויסגעטייטשט מיטן טויט פון זיין איינציקן פריינד, זשאָרזשע, נאָר קיינער האָט נישט געזען אין זיין שוויגן קיין שום בייז און מען האָט אים געלאָזט רואיק זיצן, ווי לאַנג ער האָט געוואָלט.

טייל מאָל פלעגט ער אויף דער עסקינא, ווו ער איז געשטאַנען מיט זיינע פלעשלעך, זיך פאַרחלומען און קוקן שטאַר אין דער ווייטקייט, ווי ער וואָלט קיין זאַך נישט געזען פאַר זיך, נאָר טאָמער האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום אים אייניקע דורכגייער, איז ער ווידער געוואָרן רירעווודיק, גערעדט און דערקלערט די אייגנשאַפטן פון די פאַרשידענע עליקסירן און צו וואָסערע קראַנקהייטן זיי זענען אַלץ גוט. ער פלעגט אויך אַ מאָל אַרויסנעמען די שלאַנג, זי אָנטאָן זיך אויפן האַלדז און רעדן צו איר, ווי צו אַ נאָענטן פריינד, אַן איין און אײנציקן פריינד, פאַר וועמען מען קען זיך אויסרעדן דאָס ביטערע געמיט. אים אַליין פלעגט אויסקומען, אַז די שלאַנג איז אַ לעבעדיק באַשעפעניש און מיט אירע באַוועגונגען וויל זי אים געבן צו פאַרשטיין, אַז זי פילט אים מיט אין זיין עלנט.

איין מאָל, ווען ער איז געשטאַנען אויפן מאַרק, אָנגעטאָן מיט דער שלאַנג אויפן האַלדז און מיט די פלעשלעך אין דער האַנט, האָט ער געזען ווי צווישן רעדל מענטשן אַרום אים שטייען זיינע אַלטע באַקאַנטע און קוקן אויף אים מיט שטוינונג, זייערע בליקן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן. יואל האָט געפילט ווי אַ היץ האָט אים אַ זעץ געטאָן אין פנים. ער האָט איינגעבויגן דעם קאָפּ, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די שלאַנג, איבערגעלאָזט זשאַרזשעס וואַליזקעלעך מיט די פלעשעלעך און אַנטלאָפן פון גאַס.

אויף צו מאָרגנס זענען זיינע באַקאַנטע ווידער געקומען צו דעם פלאַץ, אָבער יואל איז מער דאָרט נישט געווען. זיי האָבן אים נאָך געזוכט אין שטאָט, געפרעגט אין דער פּאָליציי, נאָר קיינער האָט נישט געוווסט, ווו ער איז אַהינגעקומען.

## קאַפּיטל פערצן

## „דיין גליק איז אונטערוועגנס"

יואל האָט אַ גאַנצן אָוונט געוואַנדערט אָן אַ ציל אַרום די פאַרמאַכטע אַרמאַזענס ביים פּאָרט, אַרויסגעקומען צו דער זייט, ווו עס געפינען זיך די קאַפע־הייזער און ווו מען פאַרקויפט כלערליי מאכלים

און געטראַנקען. ווי אַ מאָל, האָט ער זיך אָנגעטראָפן אויף די היימלאָזע וואַגאַבונדן, וועלכע וואַלגערן זיך דאָ אַרום און האַלטן זיך אויף אין נאָרעס, ערגעץ אין די פאַרשידענע סחורה־לאַגערן. איצט האָט ער אויסגעזען ווי איינער פון זיי און קיינער האָט ביי אים נישט געבעטן אַ מטבע, אַ טרונק בראָנפן, אָדער אַ וואָרעם שיסעלע רייז. אַ ביסל אָפּגערוקט פון דעם טומל אַרום די קאַפע־הייזער זענען געשטאַנען פאַראַנקערט קלענערע לאַסט־שיפן מיט פאַרשידענע פרוכטן, וועלכע האָבן געפירט סחורות אין פּאָרט־שטעט, לענג־אויס דעם ים־ברעג. איין שיף האָט זיך געגרייט אָפּצופאָרן. יואלן האָט געצויגן צו אַנטלויפן פון דאַנען. ער איז אַרויף אויף דער שיף און געבעטן דעם קאַפּיטאַן, ער זאָל אים איינשליסן אין דער מאַנשאַפט און מיטנעמען אויפן וועג קיין דרום.

די שיף „סאנטא מאריא״ איז געגאַנגען פון בעלעם אין פּארא מיט אַ לאָדונג קיין ריאָ און האָט דאָ פאַראַנקערט אויף אַ טאָג, אויסצולאָדן און אָנצולאָדן פאַרשידענע סחורות. דער קאַפּיטאַן, קארדאָסאָ, און זיין ערשטער אָפיציר אַליוועירא זענען געווען זייער צופרידן פון זייער נייעם געהילף זשוליאָ. ער האָט נישט געטרונקען, זיך נישט געזידלט, ווי די אַנדערע אויפן שיף, און זיין אַרבעט האָט ער געטאָן בשלימות. אחוץ דעם האָט ער געקאָנט האַלטן אַ פען אין האַנט און אַלץ ריכטיק נאָכקאָנטראָלירן און פאַרשרייבן, אַזוי, אַז דער ערשטער אָפיציר האָט אים פּאַקטיש איבערגעגעבן די אויפזיכט איבערן אויסלאָדן און אָנלאָדן אין די פּאָרטן, וווּ זיי האָבן זיך יעדן טאָג אָפּגעשטעלט.

יואל האָט זיין אַרבעט אויפן שיף שטענדיק געטאָן לויטן גראַפיק. אין זיין פרייער צייט פלעגט ער ליגן ביים „נאָז״ פון דער שיף און אין די בלויע הימלען זוכן אַ באַשייד פאַר זיינע פּראָבלעמען, אָדער זיך גאָר איבערגעדרייט אויפן בויך און געקוקט פאָרויס ווי די שיף שניידט זיך איר וועג אין די וואַסערן פון אַטלאַנטיק. די שיף איז געוויינלעך געגאַנגען נישט ווייט פון ברעג און פון ווייטן האָבן אין די אָוונטן געלויכטן די פּאַרמס, וועלכע זענען געלעגן לענג־אויס דעם ברעג.

יואל פלעגט אָפט מאָל פילן אַ פאַרלאַנג אַראָפּצושפּרינגען פון שיף, צושווימען צום ברעג און פאַרלירן זיך אין איינער פון די דאָזיקע פּאַרמס אַלס נאָמענלאָזער. אויפן שיף איז ער פּאַקטיש אויך אַ נאָמענלאָזער,

ווייל אויסערן קאַפּיטאַן האָט קיינער זיין פּאַספּאָרט נישט געזען און זיי וויסן בלויז, אַז ער הייסט זשוליאַ און שטאַמט פון פראַנקרייך.

באַטראַכטנדיק אַזוי די פייערלעך פון די פאַרמס, דערמאָנט ער זיך, ווי ער איז אָנגעקומען מיט דער שיף פון אייראָפּע און האָט אין אַ פאַרנאַכט אַזוי באַאָבאַכטעט דאָס לעבן אויף אַ פאַרם ביים ברעג. אויך דעמאָלט האָט ער געהאַט אַ ווילן אַראָפּצושפּרינגען פון שיף און זיך דאָרטן פאַרלירן. נאָר דעמאָלט איז ער נישט געווען קיין באַמענלאָזער אַרבעטער, ווי איצט, נאָר אַן עקסטראַוואַגאַנטער קינסטלער, וועלכער אַנטלויפט מיט זיין לייוונט און פאַרבן ווייט פון מענטשן, כדי צו פאַרנעמען זיך מיטן שאַפן גרויסע ווערק.

די „סאַנטאַ מאַריאַ" פלעגט זיך אָפּשטעלן אפילו אין קלענסטן פּאָרט, אָנלאָדן און אויסלאָדן סחורות. אין פרימאָרגן פאַראַנקערן אין וועלכן עס איז שטעטל ביים ברעג און אין אָוונט פאָרן ווייטער. די רייזע האָט געדויערט אַרום צוויי וואָכן און ווען די שיף האָט זיך אין אַ געוויסן פרימאָרגן אַריינגעגליטשט אין דער באַהיא גואַנאַבאַראַ און פאַראַנקערט נישט ווייט פון די אַרמאַזענס, וווּ מען לאָדט אויס די פּראָדוקטן פון נאָרד, האָט יואל פאַרגאַפט געקוקט אויף דער שטאָט, ווי ער וואָלט זי איצט צום ערשטן מאָל דערזען.

תיכף ווי מען איז פאַרטיק געוואָרן מיטן אויסלאָדן די סחורות איז יואל צוזאַמען מיט די אַנדערע מאַטראָסן אַוועק אין שטאָט. אויף סאַנט אננא האָט ער זיך אָוועקגעדרייט פון די אַנדערע און געגאַנגען אויף דער פּראַסאַ „אָנזע". נאָך דעם ווי ער האָט זיך דאָרטן אַרומגעדרייט אַ לענגערע צייט און געזען, אַז קיינער דערקענט אים נישט, אַז ער איז אַ ייד, האָט ער זיך אָנגעהויבן פילן אַ ביסל זיכערער און צופרידן געטראַכט, אַז ס'איז גוט אַזוי. ער איז אַריין צו שניידערן אין רעסטאָראַן, אָפּגעגעסן מיטאָג נאָך אַ צייט פאַרבראַכט אין די קאַפעען צווישן די קליענטעלטשיקעס און קלאַפּערס, און איז צוריק אַוועק צו דער שיף.

אויפן שיף האָט ער זיך באַהאַלטן אין זיין ווינקל און ביים שוואַכן עלעקטרישן לעמפּל געלייענט די יידישע צייטונג, וואָס ער האָט געקויפט ביים שיך־פוצער אויף סאַנט אננא.

כאָטש די „סאַנטאַ מאַריאַ" איז נאָך געשטאַנען איייניקע טעג אין ריאָ איז יואל מער נישט אַראָפּ אין שטאָט אַריין און יעדעס מאָל אויסגעפונען

עפּעס וואָס צו טאָן אויפן שיף. ביז אין אַ געוויסן אָוונט האָט זיך די „סאַנטאַ מאַריאַ" לאַנגזאַם אַרויסגעשלייכט פון דער מיט מיליאָנען ליכט פאַרפלייצטער באהיא גואַנאַבאַרא און זיך געלאָזט אויף צוריק, צום צפון.

אַרום דריי מאָנאַטן האָט די „סאַנטאַ מאַריאַ" זיך געשלעפּט לענג־אויס די ברעגעס פון לאַנד, ביז זי איז ביי בעלעם אַריין אין טייך אַמאַזאָנאַס און אַרויף קיין מאַנאַאָס. די דאָזיקע שטאָט האָבן קאַפּיטאַן קאַרדאָסאָ און זיין געהילף סעניאָר אָליוועירא געהאַלטן פאַר זייער היימשטאָט. אויך די שיף איז דאָ געווען רעגיסטרירט, און ס'איז נישט געווען קיין שום סיבה צו איילן זיך ווידער אין וועג אַריין. די מאַטראָסן, אפילו די עלטערע, זענען באַלד אַוועק אין די אַרומיקע בערג זוכן געליבטע, טייל פון זיי פלעגן בכלל מער נישט צוריקקומען.

אויפן שיף איז געבליבן בלויז יואל. ער האָט אַליין געוואַשן און געפּוצט די שיף, געשמירט מיט „גראַשאַ" די פאַרשידענע טיילן פון מאָטאָר, געהאַלטן טרוקן און אין אָרדענונג די שטריק, זעגלען און אַנדערע „לאָנאַס" און בכלל געזאָרגט עס זאָל זיין אויף דער שיף אָרדענונג, זי זאָל זיין גרייט צו קענען זיך לאָזן אין וועג, ווען עס וועט נייטיק זיין. אים איז געווען אַלץ איינס, ווו די שיף געפינט זיך, צי אויפן אָפענעם ים, אָדער ערגעץ אין אַ פּאָרט. ס'איז אים אויך נישט אָנגעגאַנגען די צייט, און ס'האָט אים נישט אינטערעסירט קיין זאַך אַרום אים.

די „סאַנטאַ מאַריאַ" איז שוין איינציקע מאָל געווען אין ריאָ דע זשאַנייראָ און צוריק אין מאַנאַאָס, און פון אַלע אַלטע מאַטראָסן, וואָס די שיף האָט געהאַט, ווען יואל איז אויף איר אַרויפגעקומען, איז אַצינד געבליבן נאָר דער קאַפּיטאַן מיט זיין געהילף און יואל. לעצטנס פלעגט ער אַלץ מער באַטראַכטן די שיף פאַר זיין היים און אפילו נישט אַראָפּגעגאַנגען, ווען זי פלעגט אָנקומען קיין ריאָ, אָדער ווען זי האָט פאַראַנקערט אין מאַנאַאָס. אויב ער פלעגט אַ מאָל שוין יאָ אַראָפּ פון שיף, פלעגט ער אָן אַ זין אַרומבלאָנקען אַרום די אַרמאַזענס ביים פּאָרט, אריינקוקן ערגעץ־ווו און זיך באַגריסן מיט די אייגנטימער, וועלכע האָבן אים גוט געקאַנט.

קאַפּיטאַן קאַרדאָסאָ האָט זיך מיט דער צייט זייער צוגעבונדן צו יואלן, וועמען ער פלעגט רופן אין שפּאַס: „וואַגאַבונדאָ אינטעליזשענטע". אויך דעם קאַפּיטאַנס געהילף, אָליוועירא, האָט אים גערן געהאַט און פלעגט

דורך אים דערליידיקן אַלע געשעפטן מיט די אייגנטימער פון די מאַגאַזינען און פירמעס וועמען ער האָט געפירט זיינע לאָדונגען. יואל פלעגט שטענדיק אַלץ גוט דורכפירן און ברענגען אַליוועיראַן די געהעריקע דאָקו־מענטן און דאָס געלט. די דאָזיקע אַרבעטן האָבן באַפרייט אַליוועיראַן פון גיין איבער די מאַגאַזינען און ביוראָען פון די פאַרשידענע פירמעס. מיט זיין דעליקאַטער אויפפירונג און קאָרעקטער האַנדלונג האָט זיך יואל געשאַפן אַ סך פריינד צווישן די דאָזיקע סוחרים, וועלכע האָבן אָנגעהויבן דערזען אין דעם דאָזיקן אָפּגעריסענעם אינטעליגענטן וואַגאַבונד אַ מענטש מיט גרויסע פעיקייטן און וויסן.

יואל איז אַזוי געווען פאַרטאָן, אַז ס׳איז אים שוין אָנגעקומען שווער צו דערגיין אַ טאָלק אין זיין לעבן. ס׳איז אים שווער געווען צו באַנעמען די צייט. ס׳האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז זינט ער איז אַוועק פון דעם אַמאָליקן לעבן איז שוין פאַרביי אַן אייביקייט. די גאַנצע צייט האָט ער נישט געהערט קיין ראַדיאָ, נישט געלייענט קיין צייטונג, זיך נישט אינטע־רעסירט מיט קיין שום נייעס פון דער דרויסנדיקער וועלט און געווען פאַרשלאָסן אין זיך. די צייט האָט ער געטיילט אויף טאָג און נאַכט, אָדער אויף צייט צו אַרבעטן און צייט צו רוען.

די „סאַנטאַ מאַריאַ" איז דאָס מאָל געשטאַנען פאַראַנקערט ביי דער מערקאַדאָ פון פרוכטן און די גאַנצע צייט האָט יואל כמעט נישט פאַרלאָזט די שיף. ער האָט ערגעץ דערטאַפּט אַ פּעקל אַלטע זשורנאַלן און זיי געבלעטערט. ער האָט כמעט נישט געלייענט, נאָר כסדר געקוקט אויף די בילדער, וואָס האָבן אים דערמאָנט אין לעבן.

אין מיטן, ווען ער איז געווען אַריינגעטאָן אין די זשורנאַלן האָט אים סעניאָר אַליוועיראָ אַ רוף געטאָן און געבעטן צוגיין אין אַ געוויסן מאַגאַזין דערליידיקן זיינע געשעפטן. יואל האָט אויף שנעל זיך געוואַשן און אַוועק באַזאָרגן, וואָס דער געהילפס־קאַפּיטאַן האָט געדאַרפט. דער אייגנטימער פון אַרמאַזען, וווּ יואל איז איצט געווען, האָט געהייסן זע. ער איז געווען אַ פיינער מאַן און האָט אַלע מאָל יואלן גוט אויפגענומען. אַציגד, ווען יואל האָט געהאַט דערליידיקט אַלע ענינים און געוואָלט אַרויסגיין, האָט אים זע אַריינגערופן צו זיך אין קאַבינעט.

יעדעס מאָל, ווען יואל פלעגט אַריינקומען צו זע אין מאַגאַזין פלעגט

זע מיט אים כאַפּן אַ שמועס און זיך אויספרעגן ווי ס׳גייט אים אויף דער רייזע און ווי ער לעבט אויפן שיף מיטן קאַפּיטאַן קאַרדאָסאַ און מיט אַליוועירא. זע האָט שוין לאַנג געהאַט געוואָרפן אַן אויג אויפן דאָזיקן „וואַגאַבונדאַ אינטעליזשענטע״, געוואָלט אים צונעמען אין זיין מאַגאַזין אַריין, נאָר איצט האָט ער אים אַריינגערופן צו רעדן וועגן דעם.

אין קאַבינעט האָט אים זע געבעטן זיצן און געהייסן אַריינברענגען קאַפּע פאַר ביידן. זופּנדיק די שוואַרצע קאַפּע, האָט אים דער באַלעבאָס געזאָגט, אַז ער דאַרף אַ מענטש, וואָס זאָל איבערנעמען דעם מאַגאַזין אין זיינע הענט אויף גאַנצע פיר און צוואַנציק שעה. איז אים איינגעפאַלן פאַרצולייגן זשוליען די שטעלע און אויב ער וויל, קען ער תיכף אָנהייבן אַרבעטן. יואל האָט באַלד איינגעשטימט און אַפילו נישט געפרעגט אויף די באַדינגונגען.

צוריקקומענדיק אויף דער שיף האָט יואל דערציילט דעם קאַפּיטאַן קאַרדאָסאַ און אַליוועיראַן, אַז ער האָט געקראָגן אַזאַ אָנבאָט פון זע פּעריערא און וייסט כלומרשט נישט, וואָס צו באַשליסן. ביידע האָבן אים צוגערעדט, ער זאָל אָננעמען דעם פאַרגעלייגטן פּאָסטן, ווייל אויף דער שיף וועט ער אין גאַנצן פאַרלוירן גיין. ער האָט פאַרפּאַקט זיינע זאַכן, זיך געזעגנט מיט זיינע פריינד, פאַרלאָזט די שיף און איז אַוועק צום מאַגאַזין פון דער פירמע פּעריערא, די גרעסטע הורט־פירמע פון פאַרשידענע פּרוכטן אין לאַנד.

קאַפּיטאַן קאַרדאָסאַ האָט יואלן באַגלייט ביזן טויער און געבעטן, אויב ער וועט אַ מאָל זיין אין אַ נויט זאָל ער נישט פאַרגעסן, אַז ער האָט אין אים אַ געטרייען פריינד. דערביי האָט ער אים דריקנדיק די האַנט, אַריינגעשטופּט עטלעכע גרעסערע באַנקנאָטן.



אין מאַגאַזין פון דער פירמע זע פּעריערא האָט זיך פאַר יואלן אָנגעהויבן אַ גאַנץ ניי לעבן. מיט דער צייט האָט אים דער באַלעבאָס פּאַקטיש איבערגעגעבן די גאַנצע קאָנטראָל איבער אַלץ, וואָס איז אַריינגעקומען און איז אַרויסגעגאַנגען פון מאַגאַזין. ער איז געווען באַשעפטיקט פון גאַנץ פרי ביז שפּעט נאָך מיטאָג, און נאָך דעם ווי דער מאַגאַזין האָט זיך געשלאָסן, פלעגט ער נאָך אַ צייט לאַנג בלייבן אינעווייניק און מסדר

געווען די חשבונות. אָפּט פלעגט ער אָפּגעבן דעם באַלעבאָס אַ חשבון פון אַלץ, וואָס ס׳איז אַריינגעקומען און אַרויסגעגאַנגען אין פאַרלויף פון די לעצטע פאַר טעג. ער פלעגט שליסן דעם אַרמאַזון, צו גיין עסן וועטשערע אין רעסטאָראַן אויף דער צווייטער זייט גאַס און, קומענדיק צוריק, פלעגט ער אַוועקפאַלן אין זיין קליין אָפּגעצאַמט צימערל, פאַרמאַטערט, און אָפּשלאָפן די נאַכט אין די קליידער, ביז דאָס קלינגען פון וועק־זייגער האָט אים דערמאָנט, אַז ער דאַרף עפענען דעם אַרמאַזון — ס׳איז שוין פינף אַ זייגער אין דער פרי.

אין די פרייע טעג, ווען דער מאַגאַזין איז געווען האַלב פאַרמאַכט, איז ער ביז מיטאָג שטענדיק געווען מיט עפּעס באַשעפטיקט. מיינסטן פלעגן קומען קונים, וועלכע קענען נישט קומען אין אַ געוויינלעכן אַרבעטס־טאָג. דערפאַר אָבער איז ער נאָך מיטאָג אין אַזעלכע טעג געבליבן אַליין. פאַר אים פלעגן זיך דעמאָלט אויפוויקלען בילדער פון זיין אַמאָליקן לעבן. ער האָט זיך דערשראָקן און זיי געטריבן פון זיך, אָבער די דאָזיקע בילדער זענען ווידער געקומען און ווי אין אַ פּראָמענאַדע זיך געשטעלט אונטערן ליכט־פּראָזשעקטאָר, ער זאָל זיך אין זיי איינקוקן. און זיך דערקענען.

אין געוויסע צייטן, ווען ס׳פלעגן אים באַהערשן דערינערונגען פון זיין אַמאָליק לעבן, איז אים נישט איין מאָל איינגעפאַלן זיך דורכשפּאַצירן אין צענטער שטאָט, וווּ לייבעלע האָט זיין פאָטאָגראַפישן קונסט־אַנשטאַלט, אָדער גאָר אַראָפּפאָרן אויף דער פּראָסע און צוגיין צו זיינע געוועזענע באַלעבאַטים, די בערס, אָדער אָנקלינגען צו רחלען. נאָר עפּעס האָט זיך אים דאָס אַלץ אויסגעדאַכט אַזוי נישט רעאַל, אַזוי ווייט פון אים, אַז ער האָט זיך ווי אַ קרעט פאַרגראָבן טיף אין זיין פאַראיינזאַמט ווינקל.

טראַכטנדיק אַזוי וועגן אומקערן זיך צו זיין סביבה, שטעלט ער זיך פאָר, ווי ער קומט אַלס גרויסער גביר, צאָלט אָפּ לייבעלען פאַר די בילדער, און מיט ריווח; אַרנאָלדן באַצאָלט ער אַלץ, וואָס ער האָט אויף אים אויסגעגעבן און רחלע קומט צו אים אַן אויסגעלייזטע פון אַלטן עובר בטל.

אָפּט טרעפט, אַז ער טוט אַ צאַפּל, ווען ער דערמאָנט זיך, אַז דער איינציקער שליסל צו דעם אַלעמען איז בלויז גרויס געלט, גרויס רייכטום. דאָס טרייבט אים צוריק צו דער ווירקלעכקייט און ער פאַלט אַריין אין

זיין געווינלעכער אַפּאַטיע, ווייל מיט זיין חוש אויסצוחשבונען זאַכן, ווייסט ער, אַז פון זיינע פאַרדינסטן וועט ער קיין מאָל נישט קענען דערגרייכן צו רייכקייט, און דעריבער איז ער דאָ פּאַקטיש לעבעדיק באַגראָבן אויפן גאַנצן לעבן.

זע פּערעירא, יואלס באַלעבאָס, איז היינט געקומען אין מאַגאַזין אויפגעלייגט, אָנגעטאָן אין אַ שיינעם אַנצוג און נישט געוואָלט הערן פון געשעפט. ער האָט עמעצן טעלעפאָנירט, אַז ער אַרבעט היינט נישט און ער מיט דער פרוי קומען באַלד אַהין, ער וואַרט נאָר זי זאָל צוריקקומען פון שטאָט, ווו זי איז געגאַנגען עפּעס דערליידיקן. ווען יואל איז צום באַלעבאָס צוגעשטאַנען, האַלב אין שפּאַס, ער זאָל אים זאָגן וועגן זיין היינטיקן יום־טוב, האָט ער אים בסוד דערציילט, אַז ער האָט געוווּנען אויף דער לאָטעריע. דאָ, אַרום די מאַגאַזינען האָט ער ביים קאָליקע, מאַנקאָ, געקויפט אַ צעטל און געטראָפן דאָס גרויסע געווינס. אַצינד פאָרט ער מיט נאָך פריינד אַרויס אַ לעב טאָן אויף אַן אינדזל אין דער באַהיא. יואל האָט אים געווונטשן, ער זאָל גוט פאַרברענגען, און פאַרזיכערט, אַז וועגן די מאַגאַזינען דאַרף ער זיך נישט זאָרגן.

זיין באַלעבאָס פרייד און זאָרגלאָזיקייט האָט אים אַן איבעריק מאָל איבערצייגט, ווו עס ליגט דער שליסל פון אַלץ אין לעבן. מיט מער פאַרהאַוועטקייט האָט ער זיך אַריינגעטאָן אין די טאָג־טעגלעכע אַרבעטן פון מאַגאַזין, ווי ער זאָל דערמיט וועלן פאַרשרייען אין זיך דעם ווייטיק פון זיין הילפלאָזיקייט אין זיין האָפענונגסלאָזער לאַגע.

אין אָוונט, שליסנדיק דעם מאַגאַזין, איז אים איינגעפאַלן ער זאָל נאָכטאָן דעם באַלעבאָס און אויך זיך לאָזן ווילגיין דעם היינטיקן אָוונט. צו ערשט וועט ער גיין עסן אָוונט־ברויט אין לוקסוס־רעסטאָראַן אויף דער אַווענידאַ.

ווען ער האָט אַזוי לאַנגזאַם שפּאַצירט לענג־אויס די רייען פאַרמאַכטע געוועלבער צום עק גאַס אויף אַריבערצוגיין אויף דער אַווענידאַ, איז ער פאַרבייגעגאַנגען אַ לאָטעריע־געוועלבל און אין באַלויכטענעם פענצטער האָט זיך אים עפּעס געוואָרפן אין די אויגן דער נומער פון דער נעכטיקער לאָטעריע, וואָס האָט געגעבן דאָס גרויסע געווינס.

יואל האָט נישט געוווּסט גענוי מיט וואָס און ווי אַזוי, נאָר עפּעס האָט

אים דער פינאַל פון דאָזיקן נומער אויסגעדאַכט צו זיין באַקאַנט פון ערגעץ. ער האָט זיך אויף קיין פאַל נישט געקאָנט דערמאָנען, צי ער האָט געקויפט אַ צעטעלע מיטן דאָזיקן פינאַל, אָדער ער האָט ווען עס איז געשפּילט אַ „בישע" מיטן דאָזיקן פינאַל אַלס קאָמבינאַציע. ער וואָלט מסתּמא געווען אַוועק און פאַרגעסן אין דער דאָזיקער באַקאַנטשאַפט זיינער מיטן דערמאָנטן פינאַל, נאָר דאָ איז פון ערגעץ אונטערגעקומען מאנקאָ, דער לאָמער לאָטעריע־פאַרקויפער, האָט זיך מיט אים באַגריסט, ווייל ער האָט אים גוט געקענט פון די מאַגאַזינען ביים פּאָרט, וווהין ער פלעגט קומען פאַרקויפן צעטעלעך. מאנקאָ איז געווען אַ ביסל שיכורלעך און זיך אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט. ווען יואל איז שוין געווען אַריבער די גאַס אויפן וועג צום העל באַלויכטענעם רעסטאָראַן, האָט זיך מאנקאָ אַ כאַפּ געטאָן, ווי ער וואָלט זיך פּלוצעם אין עפּעס זייער וויכטיקס דערמאָנט און מיטן גאַנצן אימפּעט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך יואלן, וועמען ער האָט נאָך פאַרכאַפּט ביים אַריינגאַנג צום רעסטאָראַן און אים אַוועקגערופן אין אַ זייט.

ווען זיי זענען געבליבן אַליין האָט מאנקאָ, אונטערשפּרינגענדיק פון פרייד אויפן קורצערן פוס, געטייטלט צו יואלן מיטן וויז־פינגער:

— יאָ, יאָ, דו האָסט ביי מיר געקויפט דעם אַנדערן האַלבן ליאָס פון נעכטיקן גרויסן געווינס פון דער פעדעראַל. איך בין שוין שיער נישט משוגע געוואָרן צו קלערן, וועמען איך האָב דעם האַלבן ליאָס פאַרקויפט, ערשט איצט, ווען איך האָב דיך דערזען, האָב איך זיך דערמאָנט. נו, גיב נאָר אַ זוך, ווו דו האָסט דעם צעטל, גיב אַ נישטער אין די קעשענעס!

יואל איז געשטאַנען און נישט געוווסט, וואָס צו זאָגן. זיכער האָט ער געקויפט ביי מאנקאָ אַ האַלבן ליאָס, ער קויפט ביי אים זייער אָפט צעטעלעך, אָבער ווו האָט ער דעם האַלבן ליאָס? ווו האָט ער אים אַהינגעטאָן? ער זוכט אין אַלע קעשענעס, וואַרפט אַרויס אַלע פּאַפּירן, צווישן זיי אַ סך צעטעלעך פון לאָטעריעס און דער האַלבער ליאָס איז נישטאָ.

מאנקאָ וויל וויסן, צי ער האָט נישט אַ מאָל דעם דאָזיקן האַלבן ליאָס איבערגעלאָזט אין אַן אַנדערע פּאַר הויזן, אָדער אפשר האָט ער גאָר דעם דאָזיקן האַלבן ליאָס אַרויסגעוואָרפן צוזאַמען מיט אַנדערע אומנוצלעכע פּאַפּירן. ביידע קוקן זיך אָן רעזיגנירט און דער לאָמער מאנקאָ גייט אַוועק מיט זיין געוויינלעך ווערטל:

— דיין גליק איז אונטערוועגנס.

מאַנקאָ איז אַוועק און יואל איז אַריין אין רעסטאָראַן. זיצנדיק ביים טישל האָט זיך אים אָנגעהויבן דאַכטן, פּונקט ווי פריער ביים באַלויכטענעם פענצטער פון לאָטעריע־געוועלבל, אַז עפּעס איז אים דער דאָזיקער נומער פון ערגעץ זייער באַקאַנט, נאָר, ווי אַזוי — דאָס האָט ער זיך פאַר קיין פאַל נישט געקאָנט קלאָר מאַכן. אָפּגעגעסן, איז ער אַרויס פון רעסטאָראַן און עפּעס, נישט ווילנדיק, זיך אומגעקערט צום מאַגאַזין מיטן זעלבן וועג, ווי ער איז געקומען. ווען ער איז צוגעקומען צום באַלויכטענעם פענצטער פון דעם לאָטעריע־געוועלבל, האָט ער אַרויסגענומען אַ שטיקל פּאַפּיר מיט אַ בלייפעדער און פאַרזיכטיק פאַרשריבן דעם פולן נומער פון דער נעכטיקער פעדעראַלער לאָטעריע, וואָס האָט געגעבן דאָס גרויסע געווינס.

ליגנדיק אין זיין צימערל אין מאַגאַזין, האָבן, ווי תמיד, גענומען זיך וועבן זיינע פאַנטאַזיעס וועגן דעם, וואָס וואָלט געווען, ווען ער געווינט טאַקע דאָס גרויסע געווינס. געוויינלעך ווערט ער פאַרמאַטערט פון מוח־אַקראָבאַציעס און ווערט אַנטשלאָפן, נאָר היינט, ווען ער האָט זיך צונויפגעטראָפן מיטן פּאַקט פון זיין באַלעבאָס, איז אים געקומען אויפן געדאַנק אַ זוך צו טאָן צווישן זיינע פּאַפּירן, אָדער גאָר אין זיינע אַלטע אַרבעטס־קליידער. ער איז אַראָפּ פון בעטל און סיסטעמאַטיש אַלץ אין צימערל איבערגעקוקט, יעדעס שטיקל פּאַפּיר, און, צו זיין גרויס שטוינונג, האָט ער געפונען אין אַ זייטיקער הויזן־קעשענע פון אַן אַלטע פּאָר הויזן אַ האַלבן ליאָס, וועגן וועלכן ער האָט גאָרנישט געוווסט, אַז ער האָט עס ווען געקויפט, ווייל מיינסטן פלעגט ער בלויז קויפן איין צעטעלע. ער האָט אויף שנעל פאַרגליכן דעם נומער און עס האָט געשטימט! דער דאָזיקער האַלבער ליאָס איז עס דער, וועגן וועלכן דער לאָמער מאַנקאָ האָט גערעדט, אַז ער האָט עס פאַרקויפט עמעצן פון די מאַגאַזין־אַרבעטער אין פּאַרט.

נישט גלויבנדיק די אייגענע אויגן האָט יואל אייניקע מאָל פאַרגליכן דעם נומער מיטן נומער אויף זיין האַלבן ליאָס און עס איז אים קלאָר געוואָרן, אַז ער האָט ווירקלעך געוווּנען אַ העלפט פון גרויסן געווינס. ער האָט דעם האַלבן ליאָס זאָרגפעלטיק באַהאַלטן אין זיין פּאָרטפעל, וואָס ער טראָגט ביים לייב. ווען ער וואָלט געלייענט צייטונגען, וואָלט ער געוווסט,

אַז זינט ס׳איז אַרויס אויפן דאָזיקן נומער דאָס גרויסע געווינס האָט מען געזוכט דעם גליקלעכן, וואָס האָט דעם צווייטן האַלבן צעטל. נאָר יואל איז געווען אָפּגעריסן פון דער גאָרער וועלט און האָט דערפון נישט געוווּסט. ער האָט זיך באַמיט צוריקלייגן און שלאָפן, נאָר טראָץ זיין גאַנצער אָנשטרענגונג צו זיין רואיק, איז עס אים נישט געלונגען.

אַ גאַנצע נאַכט האָט יואל זיך געוואַלגערט ווי אין היצערפלעט און קיין אויג נישט געקאָנט צוטאָן. ווען זע, יואלס באַלעבאָס, איז אַרום מיטאָג־צייט געקומען אין מאַגאַזין, האָט אים יואל געבעטן, ער זאָל אים געבן עפּעס געלט און דערלויבן אַרויסצוגיין אויף עטלעכע שעה.

דער באַלעבאָס האָט זייער ליב געהאַט יואלן. ער האָט אים געגעבן זיין געהאַלט פאַר דער וואָך און געהייסן גיין זיך אַ ביסל צעשטרייען אין שטאָט, ער וועט שוין פאַרנאַכט אַליין פאַרמאַכן דעם מאַגאַזין.

## קאַפּיטל פופצן

## רוף מיך „דער פּאַרשפּעטיקטער״

אויף דער אווענידא ריאָ בראַנקאָ, דערווייטערט פון טומל און געררודער, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן פּאָרט און די מאַגאַזינען, האָט יואל ערשט זיך אָנגעהויבן פילן אַ ביסל בעסער און גאַנץ אומדערוואַרט פאַר זיך אַליין האָט זיך אים אין מוח אָנגעהויבן ביסלעכווייז אויסלייגן אַ פּלאַן, ווי אַזוי צו האַנדלען אין זיין איצטיקער לאַגע. אַ פּלאַן, וואָס האָט געדאַרפט זיין פּראַקטיש, לאָגיש און נישט איבערגעאײַלט.

ס׳איז אים קלאָר געוואָרן, אַז אויב ער וועט אַזוי, אין זיין איצטיקן הולך, אַריינגיין מיטן האַלבן ליאָס צו פאַזאַנעלאָן, איז אויב זיי וועלן אים אפילו נישט וואַגן אָפּצונאַרן מיט נישט געשטויגענע דיסקאָנטעס און פּראָצענטער, וועלן זיי אָבער באַלד אַראָפּכאַפּן פון אים בילדער פאַר די צייטונגען, ווו פאַזאַנעלאָ און די לאָטעריע־פאַרוואַלטונג גיבן זייערע גרויסע אַנאָנסן. ער איז געשטאַנען לעבן פאַזאַנעלאָס גרויסער אויסשטעלונג פון בילדער פון די אַלע, וועלכע האָבן געוווּנען דעם אַנדערן האַלבן צעטל

פון גרויסן געווינס און דאָ איז יואלן איינגעפאַלן אַ גלענצנדער געדאַנק: ער וועט זיך ווענדן צו זיין פריינד לאַראָוס אין דער סיטי באַנק. ער איז אַהין אַוועק.

דער אַמאַליקער באַאַמטער אין דער סיטי באַנק, לאַראָוס, איז אין פאַרלויף פון דער צייט דערהויבן געוואָרן און געוואָרן אַן אָנפירער פון אַן אָפּטיילונג. ווען יואל, אין אַזאַ הולך, האָט געבעטן מען זאָל אים אַריינלאָזן צו סעניאָר לאַראָוס, האָט דער באַדינער ביי דער טיר אים אָנגעקוקט מיט חשד. יואל האָט פאַרשטאַנען דעם באַטייט פון דאָזיקן פאַרדעכטיקטן בליק, האָט ער אויף אַ שטיקל פּאַפּיר אָנגעשריבן אַ פּאָר ווערטער און געבעטן דעם באַדינער עס איבערגעבן סעניאָר לאַראָוס. צום גרויסן שטוינען פון באַדינער איז סעניאָר לאַראָוס אַליין אַרויסגעקומען צו אים אין פּאָדערצימער, זיך מיט אים באַגריסט און אַריינגעבעטן צו זיך אין קאַבינעט אַריין.

יואל האָט געפילט, אַז טראָץ דער וואַרעמער אויפנאַמע דאַרף ער אים געבן וועלכע עס איז דערקלערונג וועגן זיין דאָזיקן הולך. האָט ער וועגן דעם אַריינגעוואָרפן עפּעס אַ וואָרט און באַלד איבערגעגאַנגען צום עיקר, אַז ער האָט געוווּנען אַ העלפט פון גרויסן געווינס פון דער נעכטיקער פעדעראַלער לאָטעריע און וויל, אַז די באַנק זאָל דאָס געלט פאַר אים איינקאַסירן און עפענען פאַר אים אַ קאָנטאָ.

סעניאָר לאַראָוס האָט געוווּסט וועגן אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען מיט זיין פריינד, נאָר ער האָט זיך מיט קיין זאַך נישט אויסגעגעבן, אַז ער ווייסט עפּעס. סעניאָר לאַראָוס האָט אָנגעקלונגען צו זיין פּריוואַט-סעקרעטאַר, האָט אים געגעבן דאָס צעטל און געהייסן מיט נאָך אַ באַנק-אָנגעשטעלטן אַריבערגיין צו פּאַזאַנעלאָן און איינקאַסירן דעם האַלבן ליאָס. ווען דער אָנגעשטעלטער איז געקומען און געבראַכט אַ טשעק האָט ער געהייסן אַריינברענגען יואלס רעכענונג, וואָס ער האָט געהאַט געעפנט אין באַנק, איידער ער איז געפאָרן קיין נאָרד מיט די בילדער, האָט געהייסן דעפּאָנירן דעם טשעק אויף זיין קאָנטאָ, ברענגען אים אַ ביסל געלט אין מזומן און אַ טשעק-ביכל.

ביים געזעגענען זיך האָט לאַרואָס יואלן ווידער אָנגעזאָגט ער זאָל קומען צו אים יעדעס מאָל, ווען ער וועט עפּעס באַדאַרפן, דערביי האָט ער

זייער געלויבט זיין איינפאַל, וואָס אָנשטאָט צו גיין אַליין איינמאָנען דאָס געווינס, איז ער געקומען אין באַנק אַריין און אויף אַזאַ אופן זיך איינגעבערענגט אַ סך ערגערניש און אומאַנגענעמלעכקייטן.

אַרויסגעקומען פון דער זייטיקער טיר פון דער באַנק־געביידע האָט יואל געשפּירט, אַז דאָס טשעק־ביכל און דאָס פּעקל מיט באַנקנאָטן זענען דער שליסל צו אַלע זיינע פּראָבלעמען, נאָר פּונקט ווי פריער האָט ער אויך איצט געוווסט, אַז יעדע זאַך דאַרף געטאָן ווערן אין צייט און די ערשטע זאַך איז איצט, צו גיין ערגעץ ווו זיך איינהאַנדלען לייטישע קליידער און ווערן מיט לייטן גלייך.

ער איז באַלד אַוועק אין „מאַפּין סטאָרעס״ און זיך געקויפט די שענסטע קליידער, דערנאָך איז ער אַריין אין אַ פריזיער־אַנשטאַלט, זיך געשוירן און ראַזירט.

דאָס ערשטע איז ער אַוועק אויף דער פּראַסאַ אַנזע. עס איז שוין געווען פאַרנאַכטלעך און ס׳האָט געשוויבלט מיט קליענטעלטשיקעס און קלאַפּערס. הורט־קלייטן זענען געווען געפּאַקט מיט קליענטעלשטשיקעס און די קאַפּעען פול מיט באַזוכער. טייל זענען נאָר וואָס געקומען און געזוכט ווערמען, אַנדערע האָבן זיך געאיילט אהיימפאָרן. צווישן דאָזיקן פּילפּאַרביקן עולם האָט יואל זיך אַרומגעדרייט און געוואַרט ס׳זאָל אים ווער דערקענען, נאָר פּונקט ווי דעמאָלט, ווען ער איז אַהער אַראָפּגעקומען פון שיף, אַזוי האָט אים אויך איצט קיינער נישט דערקענט. ער איז געוואָרן הונגעריק, איז אַריין צו שניידערן אין רעסטאָראַן, זיך געהייסן דערלאַנגען אָוונט־ברויט, האָט לאַנגזאַם געגעסן און מיט די אויגן געזוכט אין אַלע זייטן, צי ער וועט ווער מען ס׳איז דערקענען, אָדער עמעץ וועט אים דערקענען, נאָר קיינער האָט אפילו אין זיין זייט נישט געקוקט.

ער איז אַרויס פון רעסטאָראַן און געזוכט אַ באַקאַנט פּנים, נאָר ווי אויף להכעיס האָט ער קיינעם נישט באַמערקט. ער איז אַרויס אויף סאַנט אנבאַ, איז אַוועק אויפן וועג צו דער „זאָנע״, האָט באַמערקט די האַלב־זיצנדיקע, האַלב־ליגנדיקע פאַמיליעס פון דער ווילאַ אויף זשוליאַ דאַ קאַרמאַ, ווו די קינדער האָבן זיך געשפּילט אַרום דער לייכטנדיקער לאַמטערנע אויפן פּלאַץ קעגן דער קירכע. פון דאָרטן איז ער אַוועק צו דער וויסקאָנדע דע איטאַונאַ, אָן אַ שום זין זיך געשלעפּט פאַזע די שטאָכעטן פון

קאַנאַל „מאַנגע״, וואָס האָט געגעבן דעם נאָמען דער „זאָנע״. — אַלץ איז געווען ווי מיט יאָרן צוריק, ווי דעמאָלט, ווען ער איז דאָס ערשטע מאָל אַהער געקומען, ווען ער האָט געהאַט אַזוי פיל פּלענער אין לעבן. יאָ, אַלץ איז געבליבן ווי געווען, נאָר נישט ער. ער איז געוואָרן אַן אַנדערער, כאָטש מיט וואָס אַנדערש, וואָלט ער זיך אַליין נישט געקאָנט דערקלערן.

גייענדיק אַזוי פאַרטראַכט איבער דער וויסקאָנדע דע איטאַונא איז ער דערגאַנגען ביז צום האָטעל, ווו ער איז איינגעשטאַנען ווען ער איז נאָר וואָס געקומען קיין ריאָ, וווּהין רחלע האָט אים דעם ערשטן טאָג פון זיין אָנקומען געהאַט געבראַכט. ער איז אַריין אינעווייניק, געבעטן אַ צימער, באַצאָלט פאַר אַ וואָך פאָרויס און געהאַט בדעה זיך דאָ אויסרוען איניקע טעג. די נאַכט איז ער געשלאָפן ווי אַ געהרגעטער, און ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען גרויסער טאָג.

דער קעלנער האָט זיך אַרומגעדרייט אין עס־זאַל און געוואַרט די שפּעטע געסט זאָלן שוין אָפּעסן פרישטיק און ער זאָל קענען נעמען גרייטן מיטאָג. ס׳איז געווען דער זעלבער קעלנער, וועלכער האָט צו זיין טישל צוגעפירט אַהרן לאַזערן און אים פאָרגעשטעלט אַלס אַ גייענדיקע ענציקלאָ־פּעדיע. דער זעלבער קעלנער, דער זעלבער גאָרנישט זאָגנדיקער העפלעכער שמייכל און יואל איז געווען זיכער, אַז אויך ער דערקענט אים נישט, אַז ער איז ביי אים אַ נייער גאַסט, דאָך האָט ער באַשלאָסן זיך באַנוצן מיטן קעלנערס הילף און פאַרבינדן זיך מיט אַהרן לאַזערן.

דער קעלנער האָט זיך ווי באַליידיקט, ווען יואל האָט אים פאַרגעוואָרפן, וואָס ער האָט אים נישט דערקאָנט. — צי ער געדענקט אים? אַ שיינע פראַגע, כ׳לעבן, ער וואָלט אים דערקאָנט צווישן הונדערטער געסט... ווי ס׳זאָל נישט זיין, איז דער דאָזיקער קעלנער, מיט אַן אמת אָדער ליגנט, דער איינציקער, וואָס זאָגט, אַז ער דערקענט אים און דערצו איז ער דער איינציקער, וואָס קאָן אים צונויפפירן מיט אַהרן לאַזערן. האָט ער דעם קעלנער געלאָזט דערציילן, וואָס ער האָט נאָר געוואָלט, אויף צו באַקרעפ־טיקן זיין דערקענען אים און געבעטן, ער זאָל מיטאָג־צייט מיט זיך מיטברענגען אַהרן לאַזערן, וועמען ער דאַרף זייער נייטיק האָבן.

נאָכן אָפּעסן פרישטיק האָט ער טעלעפאָנירט צו זע פרערעירא און אים דערציילט, אַז ער האָט זיך געטראָפן מיט פריינד פון פאַראַנא און ער פאָרט

נאָך היינט מיט זיי אַוועק אויף זייער פֿאַרם און ווייסט נישט, אויב ער וועט קומען צוריק, זיינע זאַכן מעג ער אַוועקגעבן, וועמען ער וויל.

אַוועקגעלייגט דאָס טעלעפֿאָן-טרייבל, האָט ער דערפֿילט, אַז דאָס האָט ער זיך אָפּגעזעגנט מיט זיין ביז איצטיקן לעבן. נאָר ווי אַזוי מען גייט אַריין צוריק אין זיין אַמאָליק לעבן האָט ער נאָך נישט געוווּסט. גראָד איצט, ווען ער איז ביי דער שוועל פֿון זיין אַמאָליק לעבן, ווייסט ער נישט, ווי אָנצוהייבן, ווי אַזוי אַהין אַריינצוקומען.

אַ ווײַלע האָט ער געטראַכט, אפשר צוגייען צו די בערס, וווּ ער האָט געוווינט, אָדער גאָר צו די רייזס, וווּ ער האָט געהאַט זיין אַטעליע. פּשוט אַזוי, אַריינקומען מיט אַ געוויינלעכן גוט מאָרגן, ווי ס'וואָלט אין דער צווישנצייט גאָרנישט פּאַסירט. נאָר באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, אַז אין דער דאָזיקער צייט איז ווירקלעך עפּעס פֿאָרגעקומען מיט אים און ער קען נישט סתם אַזוי אַריינשפּרינגען אין זיין אַמאָליק לעבן און אַזוי, נישט מיר, נישט דיר, אָנהייבן פֿון דעם, ווי ער האָט עס איבערגעלאָזט. ער מוז זיך פֿריער מיט אַלעם באַקענען און זען, ווי ס'זעט אויס די סביבה היינט צו טאָג.

מיטאָג-צייט האָט זיך אַהרן לאָזער באַוויזן אין עס-זאַל פֿון האָטעל. ער איז אַ ווײַלע געשטאַנען ביי די ערשטע עטלעכע טישלעך און אים אַרומגעזוכט מיט די אויגן, ערשט ווען יואל האָט אים אַ רוף געטאָן איז ער צוגעקומען צו זיין טיש. ער האָט זיך געמיט צו ווייזן אַ פֿריילעכע מינע און זיך פֿאַרענטפֿערט פֿאַר זיין קורצזיכטיקייט, וועלנדיק צו נישט מאַכן דעם איינדרוק פֿון זיין נישט צו באַגייסטערט זיין פֿון דער באַגעגעניש מיט יואלן.

יואל האָט אהרן לאָזערן פֿאַרבעטן צו עסן מיט אים מיטאָג. זיי זענען געזעסן איינער קעגן צווייטן און געשוויגן. ס'האָט געקאָנט הייסן, אַז ס'איז נישט גלייך צו רעדן ביים עסן; ס'האָט געקאָנט זיין, אַז יעדער איינער האָט נישט געוווּסט, ווי אַזוי אָנצוהייבן דעם שמועס און וואַרט דעריבער דער צווייטער זאָל זיין דער ערשטער. צום סוף האָט יואל איבערגעריסן די שטילקייט:

— אהרן לאָזער, איך וויל דורך אייך דערגיין וועגן אַלץ, וואָס איז דאָ פֿאָרגעקומען אין דער צייט וואָס איך בין דאָ נישט געווען. איך ווייס,

אַז איר ווייסט אַלץ, כ׳וועל אייך גוט באַלוינען. איר זאָלט זיך מאַכן פרײַ פון אַלע אַנדערע באַשעפטיקונגען און מיר אַרויסהעלפן אין אַלץ, וואָס איך וועל זיך נייטיקן.

אהרן לאָזער האָט צוגעבאָמקעט און געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ, וואָס האָט געקאָנט הייסן:

— וואָדען, וואָס ס׳איז געשען ווייסן דאָך קינד און קייט, איז וואָס איז דאָ פאַראַנען צו דערגיין ?.. ווידער, פון זיינע אַלע אַנדערע באַשעפטיקונגען קען ער זיך זייער לייכט מאַכן פריי...

יואלס ערשטע פראַגע איז געווען:

— איר האָט געקאָנט לייבעלען פון פאָטאָגראַפישן קונסט־אַנשטאַלט?

— צי איך האָב געקאָנט לייבעלען? אַ שיינע פראַגע, כ׳לעבן, געווען מיין בעסטער פאַרטנער אין שאַך...

נאָך אַ ווײַלע שוויַגן האָט אַהרן לאָזער, מיענדיק זיך צו באַהערשן, צוגעגעבן:

— אָרעמער לייבעלע, נישט געקאָנט איבערטראָגן דעם פאַרלוסט, האָט ער זיך גענומען דאָס לעבן... מען האָט אים געפונען הענגען אונטערן סופיט פון זיין אַטעליע.

יואל האָט ווי פאַרשטאַרט געקוקט אין אָפענעם פענצטער אַריין און ס׳האָט זיך פאַר אים אָפּגעשפּיגלט דאָס בילד, ווי לייבעלע הענגט אונטערן סופיט פון זיין אַטעליע. זעט אויס ווי אַן אויסגעשטאָפּט באַשעפעניש, אַ שפּילצייג אין די געשעפטן. ווען ער שעמט זיך נישט פאַר אַהרן לאָזערן און ווען ס׳שטערט אים נישט די גלאַנציקע טרער, וואָס אין זיין אויג, וואָלט ער אים דערציילט, וואָס ער טראַכט איצט... די סיטואַציע איז אָבער געווען אַן ערנסטע און וועלנדיק איבערגיין צו אַן אַנדער טעמע, האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— וואָס טוט עפּעס מסיע אַרנאָלד?

— זינט ראַקעל, די גאָטזעליקע, איז פלוצעם געשטאָרבן, איז ער פאַראַליזירט און ליגט אין אַ סאַנאַטאָריע.

יואלן איז אַ פראָסט אַדורכגעלאָפן איבערן לייב. דער גאָפּל איז אים אַרויסגעפאַלן פון האַנט און אַ הויכן קלונג געטאָן אין טעלער. דער קעלנער איז צוגעקומען צום טיש און אָנגעשטעלט אַ פּאָר פרעגנדיקע אויגן, נאָר

יואל האָט צו אים קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. ער האָט זיך איצט אין גאַנצן פאַרלוירן און געשפּירט, אַז נאָך רחלס טויט האָט אַלץ פאַרלוירן דעם זין. גוט וואָלט ער געטאָן, ווען ער פאַרשווינדט איצט ענדגילטיק, און לאָזט נישט איבער נאָך זיך קיין שפּור.

יואל האָט געשוויגן און געלאָזט אַהרן־לאַזערן דערציילן וועגן אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען נאָך זיין אַוועקפאָרן. אַהרן לאַזער האָט גערעדט געלאַסן, אָן אויפרעגונג, ווי ער וואָלט וועלן אומבאַמערקט זיך דורכשליכן דעם דאָזיקן אומאַנגענעמען מאָמענט פון דערציילן יואלן, וואָס עס איז אַלץ דאָ פאָרגעקומען. ביי זיך האָט אַהרן לאַזער געטראַכט, אַז וואָס ווינציקער יואל וועט וויסן וועט זיין פאַר אים געזינטער.

יואל האָט זיך נישט געקאָנט באַהערשן און טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן. ער האָט זיך ווי פאַרשעמט פאַר אַהרן לאַזערן און געפרוווט אַ שמייכל טאָן, אויסווישנדיק דערביי די טרערן מיטן ברעג פון טיכעלע, נאָר די טרערן האָבן זיך נישט געלאָזט פאַרווישן, זיי האָבן געשטראָמט. ער האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף די הענט און געהעשעט אין טיכעלע אַריין.

אין עס־זאַל איז שוין קיינער נישט געווען און אַהרן לאַזער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער דאַרף אים לאָזן זיך אויסוויינען, האָט ער זיך אויפגעהויבן פון בענקל און איז אַרויס פון זאַל.

יואל האָט זיך געמיט צו באַהערשן און איז אַרויס פון ליידיקן זאַל. אויפן גאַס האָט ער צוגערופן אַ טעקסי און זיך געהייסן פירן צום בית־עלמין אויף קאַזשו, וווהין אַהרן לאַזער האָט אים אַ מאָל געהאַט געפירט, ווען ער איז נאָר וואָס געקומען קיין ריאָ.

ער האָט געהייסן דעם שאָפער וואַרטן אויף אים און איז אַריין אין טויער פון בית־עלמין. דער באַדינער איז אים אַנטקעגנגעקומען און, ווי עס זאָל אים ווער האָבן צו וויסן געטאָן, ווער עס וועט באַלד אַהער קומען, האָט ער אים געוויזן אויפן פרישן קבר מיט דעם צייטווייליקן טאָוול, וווּ עס איז געווען אויפגעשריבן רחלס נאָמען און די דאַטע, ווען זי איז געשטאָרבן. ער איז געשטאַנען פאַר דעם דאָזיקן פרישן קבר, געלייענט צום צוואַנציקסטן מאָל די אויפשריפט אויפן טאָוול, זייער גוט געוווּסט, וועמענס נאָמען עס איז, נאָר עפּעס נישט געקאָנט תופס זיין דעם רעאַלן זין פון

דעם אַלעמען. ער האָט נישט געקאָנט געפינען קיין צוזאַמענהאַנג צווישן זיינע חלומות וועגן אַ לעבעדיקער רחלע און דעם דאָזיקן בערגל ערד; ס'האָט זיך אים נישט געוואָלט גלייבן און עס האָט זיך אים זייער געוואָלט עס זאָל ווער אונטערקומען און צו נישט מאַכן דאָס דאָזיקע שפּיצל, זיין טראַגיש פּאַרשפּעטיקן... דער פרישער קבר און דער אויפגעשריבענער טאָוול זענען אָבער געווען פאַקטן... ער האָט געפּרוווט עפּעס זאָגן, ווי ער וואָלט וועלן זיך פאַרענטפערן פאַרן דאָזיקן בערגל ערד, פאַר וואָס ער האָט אַזוי געהאַנדלט קעגן איר, פאַר וואָס ער האָט איר אַזוי לאַנג געלאָזט וואַרטן, ביז דאָס האַרץ האָט מער נישט אויסגעהאַלטן און געפּלאַצט... נאָר אַנשטאָט ווערטער האָבן זיך טרערן געגאָסן פון זיינע אויגן און פון זיין האַלדז האָט זיך געריסן אַן אומאויפהערלעך כאָרכלען.

יואל האָט נישט געהאַט קיין אַנונג, ווי לאַנג ער שטייט שוין דאָ אַזוי, איבערגעבויגן איבער רחלעס קבר. נאָר ווייזט אויס, עס איז שוין געקומען די צייט, ווען מען שליסט די טויערן פאַר באַזוכער. איז דער דינער צו צו אים, אים לייכט גענומען אונטערן אָרעם און אַרויסגעפירט צו דער וואַרטנדיקער טעקסי. אַ פאַרלוירענער, אַ רעזיגנירטער, ווי קיין זאַך אין דער וועלט וואָלט אים שוין איצט נישט אָנגעגאַנגען, האָט ער זיך געלאָזט פירן צו דער טעקסי, זיך אַהין אַריינגעזעצט און נישט אויפגעהערט העשען אין טיכל אַריין.

יואל איז שוין די צווייטע וואָך נישט אַרויס פון זיין צימער אין האָטעל. דער קעלנער, וועלכער האָט פון אַהרן לאָזערן עפּעס געוווסט, וואָס דאָ קומט פאַר, פלעגט אים אַריינברענגען עסן אין צימער אַריין, נאָר יעדעס מאָל, ווען ער איז געקומען אַרויסנעמען דאָס געפעס, איז דאָס עסן כמעט ווי נישט אָנגערירט געווען, און וויפל ער האָט צו אים נישט גערעדט ער זאָל עפּעס עסן, האָט ער אים געגעבן אַ מטבע און געהייסן צונעמען די כלים.

איין מאָל, נאָך מיטאָג, איז צו אים אין צימער אַריינגעקומען אַהרן לאָזער. ער האָט זיך אַ ווײַלע אַרומגעדרייט שווייגנדיק, געקוקט אויפן בילד פון רחלען, וואָס איז געשטאַנען אויף דער קאָמאָדע, האָט געכאַפּט אַ בליק אויף יואלן, וועלכער האָט זיך געוואַלגערט אין די קליידער אויפן

בעטל, און שוין געהאַט באַשלאָסן אַוועקצוגיין, אַזוי אומבאַמערקט און שווייגנדיק ווי ער איז געקומען. נאָר האַלטנדיק שוין די קליאַמקע פון דער טיר, האָט ער אַזוי זיך, ווי צו זיך אַליין, אַ זאָג געטאָן:

— עס ווערט אין גיכן אַ יאָר, מען וואָלט איר געדאַרפט שטעלן אַ שטיין...

ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז יואלן אינטערעסירט קיין זאַך נישט און ער הערט זיך נישט צו צו קיין זאַך, אָבער אַהרן לאָזערס זאָג האָט ער דערהערט. ער האָט זיך אויפגעהויבן פון בעט, אַ קוק געטאָן אויף אהרן לאָזערן, ווי ער זאָל אים ערשט איצט האָבן דערזען, און ציילנדיק די ווערטער, ווי וועלנדיק ספּעציעל באַטאָנען זייער באַטייט, האָט ער געזאָגט אין זיין זייט:

— איך אַליין וועל איר שטעלן אַ מצבה, אַזאַ ווי עס פּאַסט פאַר רחלען...

יואל האָט איצט אַהרן לאָזערן נישט אָפּגעלאָזט פון זיך, אים אומעטום מיטגענומען. אַהרן לאָזער האָט איצט מער נישט פאַרקויפט קיין „וואַסער", ווי ער פלעגט רופן זיינע קאָסמעטישע אַרטיקלען, אויף דער „זאַנע", קיין בריוו האָט ער נישט אָנגענומען צו שרייבן, נאָר געלעבט פון יואלס געהאַלט, וואָס ער פלעגט אים אויסצאָלן פּינקטלעך.

אַ וואָך צייט זענען יואל און אהרן לאָזער יעדן טאָג געפאָרן אין דער פרי אין ביוראָ פון אַ מצבה־קריצער, ווו יואל האָט געצייכנט אַ מאָדעל פאַר אַ פּאַסיקער מצבה פאַר רחלעס קבר. עטלעכע מאָל, ווען עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַלץ איז שוין אויף אַ וועג, האָט זיך יואל עפּעס פאַרקוקט אויף אַ דעטאַל, אויף אַ געוויסן שטריך, וואָס איז אים נישט זייער געפעלן געוואָרן, האָט אַלץ אַוועקגעוואָרפן און אָנגעהויבן פון דאָס ניי. איין מאָל האָט ער אַ גאַנצן טאָג געצייכנט, איז נישט אָפּגעטרעטן פון דער צייכנברעט, ביז מען האָט געשלאָסן די ביוראָ, און אויף צו מאָרגנס איז ער געקומען זייער פרי און פאַרענדיקט די צייכענונג. צופרידן מיט דער צייכענונג האָט יואל צוגעזאָגט דעם מצבה־קריצער, אַז ער וועט אים גוט באַצאָלן, ער זאָל אַוועקלייגן אַלע אַנדערע אַרבעטן און ווי אַמשנעלסטן אויס־פאַרטיקן די מצבה.

די גאַנצע צייט פון זיין האַוּוען אַרום דער צייכענונג און אַלע אַנדערע צוגרייטונגען, וועלכע זענען געווען נייטיק צו דעם אויפדעקן די מצבה

אויף רחלעס קבר, איז ער נישט געווען מסוגל צו טראַכטן וועגן קיין שום אַנדערע זאַך. אין דער לעצטער וואָך, ווען אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק צום אָפּדעקן דעם שטיין, האָט יואל פּלוצעם אָנגעהויבן פילן, אַז דאָס אַלץ וועט אפשר אויף אַ געווּיסן שטייגער לייזן דאָס פּראָבלעם פון דער טויטער רחלען, אָבער פאַר קיין פאַל נישט דאָס פּראָבלעם פון לעבעדיקן יואל. ער האָט דערביי אָנגעהויבן טראַכטן, אַז ער מוז ווי אַמשנעלסטן זען אויסצוגעפינען עפּעס אַן אָנהאַלט אין לעבן, וואָס זאָל אים געבן כּוח צו לעבן און געבן זיין לעבן אַ זין. דעם געדאַנק האָט ער אַרויסגעבראַכט פאַר אַהרן לאַזערן, נאָר אַהרן לאַזערס אידעאַל איז געווען — דער רייכער, אַרויפגעאַרבעטער חברה־מאַן, וואָס האָט אַ געשעפט אויף דער אוועניד׳א. האָט ער יואלן פאַרגעלייגט זיך אַריינוואַרפן אין פאַרשיידענע קאָמערציעלע אונטערנעמונגען און שוין געווען גרייט אים צונויפצופירן מיט פאַסיקע פערזאָנען, נאָר גראָד דאָס האָט יואלן איבערצייגט, אַז אַהרן לאַזער פאַרשטייט אים נישט, אַז ער באַגרייפט נישט, וואָס אים קוועלט אויף אַן אמת און האָט מער וועגן דעם נישט גערעדט.

ביי יואלן אין קאָפּ האָט זיך אָנגעהויבן אויספּיקן אַ פּלאַן: פאַר וואָס נישט איינאָרדענען אַ שיינע סאַנאַטאָריע פאַר אַזעלכע באַעוולטע, ווי רחלע?.. פאַר וואָס טאַקע נישט אָפּקויפן די סאַנאַטאָריע, וווּ מסיע אַרנאַלד געפינט זיך און מאַכן דערפון אַ געזעלשאַפטלעכע סאַנאַטאָריע פאַר קראַנקע און פאַרפירטע, אויף רחלעס נאָמען?

אַ געוויסן טאָג האָט מען יואלן גערופן אין באַנק אַריין. דאָרט האָט אים זיין פריינד לאַראָוס פאַרגעשטעלט אַ געוויסן סעניאָר ראַשא, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט אַ גרויסער פירמע פון לאַנד און הייזער־מעקלעריי און לאַראָוס האָט אים פאָרגעלייגט, ער זאָל מאַכן דאָס געשעפט, וואָס ראַשא לייגט פאָר. ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ גרויסער געביידע אין שטאָט־צענטער, וועלכע מען האָט געקאָנט קויפן פאַר אַ ביליקן פּרייז, ווייל די קאָמפּאַניע, וואָס איז איצט די אייגנטימערין פון דער געביידע, איז געגאַנגען באַנקראָט. יואל האָט באַלד אויסגעשריבן אַ טשעק אויף דער סומע, סעניאָר ראַשא האָט אים געגעבן אַ קבלה און צוגעזאָגט צו באַזאָרגן די פּאַפּירן אויף צום אונטערשרייבן אין טאַבעליאָן אין אַ פּאָר טעג אַרום.

יואל האָט זיך נישט געהאַט וואָס צו איילן, איז ער דערווייל געזעסן און געשמועסט מיט זיין פריינד לאַראָוס און איידער ער האָט באַוויזן אַוועקצוגיין איז סעניאָר ראָשא געוועזן צוריק און מיט אַ שמייכל דערציילט, אַז ווען ער איז געקומען צוריק אין ביוראָ האָט אים דער שותף זיינער געזאָגט, אַז אַ געוויסע באַנק איז פאַראינטערעסירט אין דער דאָזיקער געביידע, און אויב ער איז איינשטימיק קען דער קאָנטראַקט אין טאַבעליאָן באַלד געמאַכט ווערן אויף דער באַנק און ער וועט האָבן זיין ריווח, אַרום אַ האַלבן מיליאָן.

לאַראָוס האָט געשיקט נאָך קאַפע. זופנדיק די שוואַרצע קאַווע האָט סעניאָר ראָשא באַמערקט, אַז אויב זשוליען זאָל וועלן, וואָלט ער אויף דער מאָרגנדיקער זיצונג פון דירעקטאָרן־ראַט פאַרגעלייגט זיין אָנשליסן זיך אין דער פירמע אַלס „שטילער שותף". ס'איז אַ פאַקט, אַז אַ סך מאָל זענען זיי נייטיק גרעסערע סומעס געלט און זיי מוזן זוכן זייטיקע קוועלן, איז בעסער אַריינצונעמען אַ שותף מיט אַ גרעסערן קאַפּיטאַל.

יואל האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט און געבעטן סעניאָר ראָשאַ, ער זאָל אָפּקויפן די פּראָפּריעדאַדע, ווו עס איז די סאַנאַטאָריע „סאַנטאַ ראָזאַ" אויף פּעניא. ער האָט עס נייטיק צו שענקען אַ געוויסער ווילטע־טיקער אינסטיטוציע. זאָל ער עס פאַר אים קויפן און דורכפירן אַלע פאָרמאַליטעטן.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט יואל זיך געפונען ביי לאַראָוסן אין קאַבינעט און אונטערגעשריבן די געהעריקע פּאַפּירן אַלס „שטילער שותף" פון דער גרויסער פירמע פון אומבאַוועגלעכע גיטער, „ראָשא עט קאָמפּאַני". זיינע פאַרדינסטן האָט ער געהייסן דעפּאָזיטירן אויף אַ ספּעציעלער באַנק־קאָנטאָ.

סעניאָר ראָשא האָט געהאַט דורכגעפירט די קניה פון דער סאַנאַטאָריע „סאַנטאַ ראָזאַ". ער האָט יואלן איבערגעגעבן די פּאַפּירן און פון אים באַקומען אַ טשעק איף דער פולער סומע.

## קאַפּיטל זעכצן

# „סאַנטאַ ראָזאַ“

דאָס אויפדעקן דעם שטיין אויף רחלעס קבר איז געווען באַשטימט אויף זונטיק אין דער פרי. אַלץ איז געווען גרייט און פאַר יואלן איז דאָס געווען אַ טיפע איבערלעבונג. ער האָט געפילט ווי ער וואָלט זיך געגרייט צו דער חתונה־פייערונג מיט איר.

אַהרן לאָזער האָט די גאַנצע צייט געאַרבעט מעשים, אַלע זאָלן וועגן דעם וויסן באַצייטנס. ס'איז זיך טאַקע צונויפגעקומען אַ גרויסער עולם. ס'זענען געווען אַלע מאַדאַמען, וועלכע האָבן, ווי ראַקעל, אָנגעפירט מיט „הייזלעך“; אַזעלכע, וועלכע האָבן געהאַט געאַרבעט פאַר ראַקעלן; חברה־לייט פון אַלע סאָרטן, סיי די וואָס זענען נאָך טיף אין זומפּ, סיי די, וועלכע האָבן זיך שוין געהאַט אַרויסגעאַרבעט און געשטאַנען מיט געשעפטן אויף דער אַוועני́דאַ ריאָ בראַנקאָ. ביי רחלעס קבר האָט זיך פאַרזאַמלט די אונטערוועלט פון ריאָ, וואָס לעבט פון ווייסן שקלאַפן־האַנדל.

דער טאָג איז געווען אַ לויטערער, אַ שיינער. אַלע וואָס האָבן געהאַלטן פאַר זייער חוב צו זיין ביים אָפּדעקן דעם שטיין אויפן קבר פון דער גרויסער ראַקעל, האָבן זיך פאַרזאַמלט אויפן הייליקן אָרט זייער פרי. ס'האָט אויסגעזען ווי זיי וואָלטן קומען אַ קוק טאָן, ווו זייערע קברים וועלן מיט דער צייט זיין, נאָר געווײנט האָבן זיי דערווייל אויף די קברים פון די אַנדערע... די גאַנצע געזעלשאַפט האָט דערמאָנט אין אַן אָפּגעלעבטן דור, וואָס שטאַרבט אָפּ... קיין איין יונגע פרוי, קיין איין יונגער־מאַן האָט זיך דאָ נישט געזען און אויב ס'איז געווען אַ יינגערער, ווי יואל, האָט מען אים פון צווישן די פאַרפּוצטע פרויען און אויסגעפּראַנטעוועטע מענער נישט אַרויסגעזען.

אהרן לאָזער האָט אויך געזאָרגט פאַר די, וואָס האָבן געווינט ווייט און פאַר קראַנקע, וואָס האָבן נישט געקאָנט אַליין קומען. ער האָט נאָך זיי

אַלע געשיקט טעקסיס. אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט האָט ער געשענקט די, וועלכע האָבן געוווינט אין דער סאַנאַטאָריע „סאַנטאַ ראָזאַ" און גאָר באַזונדער דעם אַ מאָל עלעגאַנטן מסיע אַרנאָלד, וועמען ער האָט געהייסן ברענגען מיט דער „שטול אויף רעדלעך", כדי מען זאָל אים קענען ארומפירן.

אהרן לאָזער האָט געפילט בחוש, אַז נאָך דעם, ווי ס'וועט דורכגעפירט ווערן די צערעמאָניע פון אויפדעקן דעם שטיין, און דער עולם וועט זיך צעגיין, וועט יואלן באַהערשן אַ פּוסטקייט, וועלכע קען זיין פאַר אים זייער טראַגיש און אפשר גאָר פאַטאַל. ער האָט געוואָלט ביי אים דערגיין, וואָס ער דענקט צו טאָן נאָך דעם, ווי ער וועט האָבן דערפילט זיין חוב לגבי רחלען, נאָר יואל האָט אויסגעמיטן צו געבן אים אַן ענטפער. דאָס האָט אים אַ ביסל געשראָקן, נאָר קיין עצה האָט ער דערצו נישט געהאַט. בלית בריה האָט אהרן לאָזער באַשלאָסן האַלטן אויפן אויג יואלן, אַכטונג געבן אויף אים און זיין גרייט אויף יעדן פאַל...

יואל האָט באַשטעלט דעם סעניאָר רייז, דאָס חזנדל, ביי וועמען ער האָט אַ מאָל געהאַט זיין אַטעליע פון בילדער, ער זאָל קומען מיט משוררים און מאַכן דעם „אל מלא רחמים". מער האָט ער מיט קיינעם פון זיינע אַמאָליקע פריינד נישט געהאַט קיין שום פאַרבינדונג.

דאָס חזנדל האָט זיך נישט געשפּירט היימיש צווישן דאָזיקן געזינדל, ווייל זיי פלעגן אים רופן אויף זייערע שמחות און לוויות, אויסער דעם פלעגט ער אלול צייט יעדן טאָג כמעט אַרויספאָרן אויפן גוטן אָרט, מאַכן אַ „מלא" און קריגן גוט באַצאָלט. יואל האָט זיך געפילט ווי אַ פרעמדער צווישן דאָזיקן עולם, וועלכן ער האָט נישט געקאָנט. אפילו מיט מאָריצן, דעם איינציקן, וועמען ער האָט געקאָנט פון דער ערשטער צייט, ווען ער איז נאָר וואָס געקומען אַהער, האָט ער אויך נישט גערעדט. ער האָט טאַקע באַמערקט עטלעכע מאָל ווי מאָריץ האָט זיך געהאַט דערנענטערט צום אים, נאָר אהרן לאָזער האָט שוין דערפאַר געזאָרגט, קיינער זאָל אים נישט באַלעסטיקן. ס'האָט געהייסן, אַז ער איז שטאַרק דערשלאָגן און איז נישט וויליק צו רעדן מיט קיינעם.

דאָס חזנדל האָט אויסגעציקלט דעם „אל מלא רחמים שוכן במרומים"... די משוררים האָבן באַגלייט און ווען ער איז געקומען צו רחלס נאָמען,

האָבן אַלע אויסגעבראָכן אין אַ ביטער געוויין. געוויינלעך פּלעגט דאָס הונדל איבערהיפּערן גאַנצע טיילן פון אַ „מלא״ און בכלל אַלץ געמאַכט בקיצור, נאָר דאָ האָט ער געוווסט, אַז ביי יואלן איז ער זיכער מיטן פאַרדינסט און דערפאַר האָט ער דעם אל מלא רחמים אויסגעצויגן און אויסגעציקלט אין דער באַגלייטונג פון די משוררים.

נאָכן פאַרענדיקן דעם „אל מלא רחמים״ האָט יואל געזאָגט קדיש און אין זיין שטימע האָט זיך דורכגעריסן געוויין. די פאַרזאַמלטע האָבן מיטגעוויינט.

אָפּגעזאָגט קדיש, האָט יואל זיך אַרויפגעשטעלט אויף עפּעס און אַ מאַך געטאָן מיטן האַנט, ווי ער זאָל בעטן מען זאָל זיך נישט צעגיין און זיך צוהערן צו דעם, וואָס ער האָט זיי צו זאָגן:

„איך האָב באַשלאָסן צו פאַראייביקן ראָקעלס נאָמען אויף אַן אייגנאַרטיקן שטייגער. ווי איך זע אייך אַלע דאָ, ווייס איך, אַז קיינער פון אייך האָט נישט קיין קינד און קיין רינד און כאָטש איר זענט אַלע אַזוי אויסגעפּוצט און זעט אויס שיין, זענט איר דאָך אַלע אומגליקלעכע און היימלאָזע... איר האָט נישט מיט וועמען אויסצורעדן אַ וואָרט, איר האָט נישט ווער ס'זאָל אייך דערלאַנגען אַ לעפל וואַרמס, ווען איר ווערט קראַנק. דערצו ווערט מען אויך נישט יינגער, נאָר עלטער. איז האָב איך געקויפט די סאַנאַטאָריע „סאַנטאַ ראָזאַ״, וועלכע וועט פון היינט אָן הייסן „סאַנאַטאָריע און מושב זקנים ראָקעל״...

„ליקווידירט אייערע אַפּאַרטאַמענטן און אַלע געשעפטן און ציט זיך אַהין אַריין, אַפילו מאָרגן. קיין שום באַדינגונגען ווערן קיינעם נישט געשטעלט און קיין שום געלט דאַרף מען נישט האָבן אויף אַהין אַריינצוקומען... ביז וואַנען יעדער איינער פון אייך וועט לעבן, וועט ער האָבן זיין ערלעך אויסקומעניש אין דער דאָזיקער היים און איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר אַרום וועט יעדער האָבן זיין קרקע אויפן בית־עלמין, אַ לייטישע לוויה און אַ קדיש אַ גאַנץ יאָר... דער דירעקטאָר פון מושב זקנים וועט פון היינט אָן זיין אייער אַלעמענס באַקאַנטער אהרן לאָזער. צו אים זאָלט איר זיך ווענדן מיט אַלע אייערע פּראָבלעמען, ער וועט יעדן פון אייך פיין באַהאַנדלען... איצט — האָט ער צום סוף צוגעגעבן — פאַרבעט אייך אַהרן לאָזער צום חנוכת הבית פון דאָזיקן מושב זקנים״.

ווען יואל האָט געענדיקט רעדן איז געוואָרן צווישן עולם אַ גערודער, ווי אַ וואַלד וואָלט זיך געזשומעט. אין דער זעלבער מינוט האָט יואל אַראָפּגעצויגן דעם לייוונט, וואָס האָט איינגעהילט דעם שטיין און עס האָט זיך אַנטפּלעקט די פּרעכטיקע מאַרמאָרענע מצבה. האָט מען נישט געקאָנט וויסן, וואָס עס האָט מער אויפגעטרייסלט דעם עולם. צי דאָס איז פון גרויסער באַגייסטערונג פון דער מצבה, צי דאָס איז צוליב דער גרויסער נייעס פון נייעם מושב־זקנים אויף איר נאָמען.

רחלס מצבה איז געווען גרעסער פון אַלע אַנדערע מצבות אויפן בית־עלמין און אויסער די גרויס האָט זי אימפּאָנירט מיט דער אַנדערשקייט. עפּעס האָבן אַלע מצבות געהאַט אַ שאַבלאָנעם נוסח. רחלס מצבה האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן אינהאַלטספולן דענקמאָל, וואָס דערציילט עפּעס וועגן דער פּערזאָן גופא. דאָס איז געווען אַ קינסטלערישע קאָמפּאָזיציע — אַ בוים, וועמענס קרוין־קאָפּ איז געווען איינגעבויגן און איבערגעבראָכן אין מיטן. אויף דעם הויפּט־צווייג פון איינגעבראָכענעם בוים איז, ווי אַ פרוכט, געווען איינגעפּאַסט אַ באַשיידן בילדל מיט רחלס קאָפּ.. די דאַטן פון געבוירן און טויט, צוזאַמען מיטן נאָמען, געשריבן מיט שוואַרצע אותיות — „זי איז קוים אַלט געווען 30 יאָר״.

יואל אַליין האָט אויך געכאַפּט אַ בליק אויפן איבערגעבראָכענעם בוים און רחלעס בילד, איינגעפּאַסט אין אַראָפּהענגענדיקן קרוין־קאָפּ און עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז זי שמייכלט צו אים מיט דאַנק אויף די ליפּן. ער האָט צוגערופן אַהרן לאָזערן, פאַר אַלעמען אין די אויגן אים געגעבן אַ בינטל שליסלען און אַ דיקן קאָנווערט מיט דאָקומענטן, דערביי גערעדט אין זעלבן טאָן פון זיין פריערדיקער רעדע, ווי דאָס זאָל ווירקלעך זיין דער פינאַל.

— אַהרן לאָזער, איר האָט דאָ די שליסלען און די עקסקריטורא פון דער פּראָפּריעדאַדע פון דער סאַנאַטאָריע, וואָס וועט אויף שטענדיק געהערן צו די דאָזיקע עלטערע מענער און פרויען, וועלכע דאַרפן אַ היים. איר זענט דער באַלעבאָס פון דעם אַלעמען. פאַרבעט אַלעמען צום צוגעגרייטן חנוכת־הבית, וואָס וואַרט אויף זיי אַלע אין זייער נייער היים, אין מושב זקנים און זקנות „ראָקעל״.

אַהרן לאָזער איז געווען גערירט ביז טרערן און האָט ערשט איצט

אָנגעהויבן באַגרייפן, אַז דאָס האָט יואל געזאָרגט פאַר אים, ער זאָל האָבן אַ היים אויף דער עלטער. נישט וועלנדיק אַרויסווייזן זיינע געפילן, האָט ער אָנגעהויבן אַלעמען אונטעריאָגן, זיי זאָלן גיין, זיך אַריינזעצן אין די וואַרטנדיקע טעקסיס און פאָרן אין זייער נייער היים אויף ראַקעלס נאָמען. פאָרנדיק צוזאַמען מיט יואלן אין איינער פון די טעקסיס האָט אַהרן לאָזער אַרומגענומען יואלן און אים געקושט.

אין מושב זקנים „ראקעל" זענען די טישן געווען געגרייט מיט אַלדאָס גוטס. נאָכן צובייסן און כאַפּן אַ טרונק האָבן אַלע באַקומען לשון. די „גרויסע" מאַדאַמען האָבן זיך געקלאָגט: — דאָס גאַנצע פאַרדינסט גייט אַוועק אויף צאָלן פראָצענטער און כאַבאַר די פאַרשידענע בלוט־זויגערס, איז דאָך שוין גלייכער זיך אַריינציען אַהער אויף ווי לאַנג דער איבערשטער וועט שענקען דאָס לעבן; די קלענערע מאַדאַמען און די פאַרוואַלטערס פון די הייזלעך האָבן געבעטן אַהרן לאָזערן זיי צו פאַרשרייבן און צוגרייטן אַ פּלאַץ, ווייל זיי ציען זיך אַריבער אַזוי שנעל, ווי זיי וועלן נאָר קענען. פון די מענער, וואָס זענען אַלע מיינסטן געווען אָרעמע, ווי אַהרן לאָזער אַליין, האָבן טייל געהאַט בדעה דאָ צו בלייבן שוין איצט, און אַהרן לאָזער האָט אייניקע שוין מיטגענומען מיט זיך, זיי זאָלן איבער־נעמען געוויסע אויפגאַבן אויף אַכטונג צו געבן און באַזאָרגן נייטיקע זאַכן פאַר דער געביידע.

אייניקע רייכע שמוק־הענדלער האָבן אַ ביסל געמורמלט אין אַ זייט, אַז מען האָט נישט געדאַרפט אַלץ מאַכן אַזוי איבערגעאיילט, מ'האָט זיך געדאַרפט מיט וועמען פריער מיישב זיין, באַטראַכטן, ווי אַזוי אַזאַ גרויסע אונטערנעמונג **דורכצופירן**, **נאָר יואל האָט אפילו** נישט געוואָלט זיך צוהערן צו די דאָזיקע שמועסן, ווייל ער האָט געוווּסט וואָס עס דריקט די דאָזיקע מענטשן...

אַהרן לאָזער איז הפנים געווען באַקאַנט מיטן פּלאַן פון דער געביידע, האָט ער באַלד איבערגענומען די אָנפירונג, האָט אַלעמען געוויזן די לופטיקע צימערן מיט די טעראַסעס און געלויבט די באַדינונג פון די אָנגעשטעלטע, וועלכע ער וועט אויך אויף ווייטער זען צו באַשעפטיקן. ווען מ'האָט שוין געהאַט זיך באַקענט מיט אַלע ווינקעלעך פון דער פּרעכטיקער געביידע, האָט אַהרן לאָזער אַלעמען אַריינגעבעטן אין האָל,

וואָס איז געווען אַ מין פּלאַץ פאַר אונטערנעמונגען, געבעטן זיך זעצן אויף די ווייכע שטולן און אַליין איז ער אַרויף אויף דער קליינער עסטראַדע, וואָס איז געשטאַנען אין אַ זייט, און זיך געווענדעט צום עולם:

— שוועסטער און ברידער! מיר האָבן שוין אַ היים, אָבער אַזאַ שיינע היים מוז האָבן אַ מקום קדוש, ווען מיר דאָס פּלאַץ טאַקע מאַכן פאַר אַ שול. מיר וועלן אַהער אַריינשטעלן אַן אָרון קודש מיט אַ ריינקייט און דאָ וועלן מיר דאַווענען און בעטן צו גאָט... לאָמיר אַלע פאַרגעסן, וואָס ס׳איז געשען מיט אונדז ביז איצט, לאָמיר אַוועק פון דער געזעלשאַפט, וואָס וואַרפט זיך מיט אונדז, און לאָמיר אָפּלעבן אונדזערע יאָרן געשווינט און געקרוינט, ווייל וואָלט די גאָטזעליקע ראַקעל דאָ געווען, וואָלט זי זיכער מיט מיר איינגעשטימט... ס׳איז נאָך פאַראַנען אַ סך, וואָס צו טאָן דאָ: מען דאַרף לאָזן שרייבן אַ ספר, דורכפירן אַ שיינעם סיום הספר, אויספּוצן דאָס מקום קדוש מיט אַ שיינעם אָרון קודש, מיט אַ פרוכת און מענטעלעך פאַר דער ריינקייט... שוועסטער און ברידער, מיר האָבן אַ סך אַרבעט אויף די קומענדיקע מאָנאַטן, ווייל אויף די ימים נוראים וועלן מיר דאַרפן האָבן פאַרטיק אונדזער מקום קדוש...

אַלע האָבן אַהרן לאָזערן אַפּלאָדירט און געווונטשן געזונט און דערפאָלג ביים אָנפירן מיט דער אָרגאַניזירונג פון מושב זקנים און ביים דורכפירן די אַלע פּלענער.

ווען די אַפּלאָדיסמענטן האָבן איינגעשטילט האָט אַהרן לאָזער זיך געווענדעט צו יואלן, וואָס איז געשטאַנען אין אַ זייט, אים געגעבן די האַנט און געווונטשן אים, ער זאָל האָבן גייסטיקן פאַרגעניגן פון זיין גרויסן אויפטו צו פאַראייביקן ראַקעלס נאָמען אויף אַזאַ שיינעם אופן און דערביי האָט ער אויסגערופן צו יואלן:

— ליבער מענטש, איר האָט מיט אייער נאָבעלן זשעסט געמאַכט דעם ערשטן טריט אַראָפּצונעמען די שאַנדע פון אונדזער היגן יידישן יישוב, ער זאָל נישט זיין מער צעטיילט צווישן זיך אין כלומרשטע טמאים, און, מ׳שטיינס געזאָגט, טהורים...

איןביידנס אויגן זענען געשטאַנען טרערן.



אין די פרימאָרגן־שעהען איז אין הילפס־פאַראיין געשטאַנען אַ לאַנגע ריי צום סעקרעטאַר סעניאָר בערג. אויך יואל איז געשטאַנען אין דער ריי. אין זיין הולך האָט יואל נישט צו פיל אימפּאָנירט דעם סעניאָר בערג. ער האָט אים אויפגענומען מיט דער זעלבער קאַלטקייט ווי ער נעמט אויף אַנדערע אימיגראַנטן. ער האָט אם אָנגעוויזן אַ שטול צום זיצן און געוואַרט, אַז יואל זאָל אַרויסזאָגן זיין בקשה, מן הסתם וועגן הילף, וואָס יעדער בעט פון הילפס־פאַראיין. נאָר אָנשטאָט דעם דאָזיקן „עפּעס צו בעטן" האָט יואל אַרויסגענומען אַ פּאָרטפעל, אים אַוועקגעלייגט פאַר זיך אויפן אַרויסגערוקטן דעקל פון שרייבטיש און, אַרויסנעמענדיק אַ טשעק פון דער סיטי־באַנק אויף אַ פערטל מיליאָן, אויסגעשטעלט אויפן נאָמען פון סעניאָר בערג, האָט ער צו אים געזאָגט:

— סעניאָר בערג, איך וויל איר זאָלט אויפגעבן דעם דאָזיקן פּאָסטן אייערן און איר זאָלט אַלס לייטער זיך אָפּגעבן מיט אַ געזעלשאַפטלעכער פונדאַציע, וואָס איך האָב געשאַפן אויף צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון איינער אַ רחלע. אויב איר זענט מסכים, איז דער דאָזיקער טשעק בלויז אַ התחלה, קיין געלט וועט נישט פעלן! אָנהייבן וועט איר מיט אַ קינ־דערהיים און שול פאַר אָרעמע קינדער. און אויסער דער דערציִונג און מאָלצייטן פאַר אָרעמע קינדער, זאָלט איר עפּעס טאָן פאַר דערוואַקסענע, וועלכע דאַרפן זיך לערנען אַ פאַך. קוים זענט איר פאַרטיק מיט די דאָזיקע געביטן זאָלט איר זיך נישט אָפּשטעלן און גיין ווייטער אויף צו פאַרבעסערן די לאַגע פון אָרעמען קליענטעלשטשיק, וואָס קען אין ערגעץ נישט קריגן קיין פּעקל. עפענען אַזאַ מין קאָאָפּעראַטיוו פאַר די דאָזיקע אָרעמע־לייט וואָלט געווען אַ גרויסער יושר. אפשר וואָלט אויך צו נוץ געקומען לייי־קאַסעס, ווו מ׳זאָל זיי באָרגן געלט אָן פּראָצענט אויף דורכצושטופּן די שווערע צייט. מיט איין וואָרט: איך וויל, איר זאָלט זיך אונטערנעמען שאַפן אַ נעץ פון אינסטיטוציעס פאַר סאָציאַלער הילף אויפן נאָמען פון דער דאָזיקער רחלע, אָבער אינסטיטוציס, וועלכע זאָלן ווירקלעך העלפן און נישט בלויז האָבן אַ שילד אָן אַ תוכן, אָן הילף. יואל האָט דערביי אַרויסגענומען אַ פאַרשריבענעם בויגן פּאַפּיר, אַוועקגעלייגט פאַר

סעניאָר בערג און געוואָרט ער זאָל עס איבערלייענען. ס'איז געווען אַ קאָנטראַקט, ווו אין תמצית זענען געווען אויסגערעכנט די אַלע דעטאַלן, וועגן וועלכע יואל האָט נאָר וואָס גערעדט און דערצו איז ער, סעניאָר בערג, באַשטימט געוואָרן אַלס דער דירעקטאָר פון דער פונדאַציע מיט אומבאַגרענעצטע פולמאַכטן און אַן אָנגעזעענעם געהאַלט, פון וועלכן דער טשעק אויף אַ פערטל מיליאָן איז געווען אַן אַדעראויף.

סעניאָר בערג איז געזעסן און געקוקט פאַרגאַפט אויפן דאָזיקן כמעט אומבאַקאַנטן פאַרשוין אין אָרעמען הולך און נישט געוואָלט גלויבן, וואָס ער האָט נאָר וואָס געהערט און געלייענט. ווען נישט דער באַנק־טשעק וואָלט ער דעם דאָזיקן מענטש אָנגענומען פאַר אַ ווילדן פאַנטאַזיאָר, אָדער גאָר פאַר אַ משוגענעם. פאַר דער צייט וואָס ער איז סעקרעטאָר פון הילפס־פאַראיין האָט ער זיך באַגעגנט מיט פאַרשידענע טיפּן און כאַראַקטערן, נאָר דאָס וואָס ער האָט דאָ איצט געהערט און זיך דערוווּסט האָט לחלוטין נישט אַריינגעפּאַסט זיך אין דער סאַמע ווילדסטער פאַנטאַזיע... דאָס אוממעגלעכע האָט פלוצעם אָנגעהויבן באַקומען ביי אים אין מוח אַ געוויסע פאָרם פון רעאַליטעט, ער האָט דעם קאָנטראַקט אונטערגעשריבן.

יואל האָט צוגענומען דעם אונטערגעשריבענעם קאָנטראַקט, איבער־געלאָזט סעניאָר בערג אַ קאָפּיע, האָט אים געגעבן אַ וויזיט־קאַרטל צו סעניאָר לאַראָוס און אים געזאָגט, אַז יעדעס מאָל, ווען ער וועט דאַרפן געלט, זאָל ער צוגיין אין סיטי־באַנק און רעדן מיטן דאָזיקן סעניאָר לאַראָוס. וועגן זיך גופא האָט יואל צוגעגעבן:

— איך אַליין וויל נישט קיין כבוד און וועל זיך אין גאַנצן נישט וועלן באַווייזן אין דער געזעלשאַפט. אַלע אייערע געלט־טראַנזאַקציעס וועלן דערליידיקט ווערן דורכן באַנק און אויב איר וועט אָפּהיטן די פונקטן פון קאָנטראַקט, זענט איר באַלעבאָס איבער דער דאָזיקער אונטערנעמונג פון סאָציאַלער הילף. אויב איר וועט מוזן אויסזוכן אַ תירוץ, ווער עס האָט אייך דאָס אַלץ פינאַנסירט, זוכט אייך אויס וועלכן תירוץ איר ווילט נאָר, אַבי דער נאָמען פון רחלען זאָל אומעטום זיך אָנזען. ווער זי איז געווען, איז קיינעמס דאגה נישט.

יואל און סעניאָר בערג האָבן זיך געזעגנט ווי אַלטע פריינד און יואל האָט עפּעס נישט ווילנדיק זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט, אַז עס

קען זייער מעגלעך זיין, אַז זיי וועלן זיך מער נישט זען, וואָס סעניאָר בערג האָט געפּרוווט אַוועקמאַכן מיט אַ שפּאַס: מיר וועלן זיך זען, אָבער מיר וועלן זיך נישט דערקענען...

סעניאָר בערג האָט זיך געמיט צו גלויבן, אַז אַלץ, וואָס דער דאָזיקער כמעט אומבאַקאַנטער יונגער־מאַן האָט מיט אים אָפּגעמאַכט איז ווירקלעך אַן אמת, דאָך האָט ער נאָך נישט געהאַט אויפגעגעבן זיין אַמט אין הילפס־פּאַראיין, און אויך דאָס טראַכטן וועגן איינאָרדענען אַ קינדערהיים איז ביי אים צוגעגאַנגען אַ ביסל נאַכלעסיק. אמת, עס איז געווען זומער און די שולן זענען געווען געשלאָסן, האָט ער יעדעס מאָל אָפּגעלייגט דאָס גיין זוכן אַ פּאַסיקע געביידע פאַר דער קינדערהיים אויף אַ צווייטער געלעגנהייט, נאָר איין מאָל האָט ער באַמערקט אויף ווילא איזאבעל, ווו ער האָט געוווינט, אַ גרויסע געביידע מיט אַ שיינעם גאָרטן צום פאַרדינגען. איז אים איינגעפאַלן צו דערוויסן זיך וועגן דער מעגלעכקייט צו דינגען די דאָזיקע געביידע. אַזוי ווי אויף צו דינגען אַזאַ בנין דאַרף מען דאָך האָבן אַ גאַראַנטיע, איז ער צוליב דעם אַוועק אין שטאָט, אַריין אין דער סיטי־באַנק און געפרעגט אויף סעניאָר לאַראָוס. שוין די אויסשטאַטונג פון דער ביוראָ האָט אים איבערראַשט און ווען מען האָט אים אַריינגעפירט צום סעניאָר לאַראָוס און יענער, הערנדיק וועגן וואָס ער איז צו אים געקומען, ווער עס האָט אים אַהער געשיקט, האָט אים אָנשטאָט געבן אַ „פיאַנסע" פאָרגעלייגט צו קויפן פאַר דער שול די דאָזיקע געביידע. סעניאָר לאַראָוס האָט תיכף אָנגעקלונגען צו דער גרויסער פירמע ראָשא עט קאָמפּאַני, זיי געהייסן קויפן די געביידע און באַשטעלן די געהעריקע איינריכטונגען, לויט די אָנווייזונגען פון סעניאָר בערג. איז ער געוואָרן אויסער זיך און ביסלעכווייז אָנגעהויבן זיך איינלעבן מיטן געדאַנק, אַז דאָס אַלץ איז אַבסאָלוטע ווירקלעכקייט און ער דאַרף זיך נעמען ערנסט צו פאַרווירקלעכן די פּלענער אין לעבן.

דאָס וואָס סעניאָר בערג האָט נישט געהאַט קיין פינאַנסיעלע דאגות, האָט אים דערמעגלעכט איינצואָרדענען די געביידע אויפן סאַמע מאָדערנסטן שטייגער: אַ פליגל איז געווען באַשטימט פאַר שלאָף־צימערן, ווייל ער האָט פאָרויסגעזען, אַז ס'וועלן זיין יתומים; אַ קיך איז ספּעציעל איינגעריכט געוואָרן אויף צו קענען די קינדער געבן מיטאָגן און לייכטע

מאָלצייטן; אויפן הויף זענען געווען איינגעאָרדנט וואַרשטאַטן פאַר שלאָסעריי, סטאָלעריי און מעכאַניק, כדי די עלטערע קינדער זאָלן זיך קענען לערנען אַ פאַך, ווען זיי וועלן ענדיקן די שול.

סעניאָר בערג האָט נאָך אַלץ נישט געגלייבט, אַז דאָס פינאַנסירן די קינדערהיים און די עלטערע קלאַסן וועט אַזוי אָנגיין אָן אויפהער, עפּעס האָט זיך נישט געקאָנט ביי אים אין מוח איינגעסטיקן דער געדאַנק, אַז ערגעץ ווו איז פאַראַן אומאויסשעפּלעכער געלט־קוואַל און בלויז פאַרן נאָמען „ראַקעל״, אויפן שילד פון דער געביידע, וועט ער קריגן אַלץ, וואָס ער וועט האָבן נייטיק פאַר דער קינדערהיים און שול.

יעדעס מאָל, ווען ער האָט געהאַט צו מאַכן גרעסערע אויסגאַבן, איז בערג אַוועק צו סעניאָר לאַראָוס אין דער סיטי־באַנק, מיט דער כוונה צו קריגן פון אים אַ גוטהייסונג. נאָך דער דאָזיקער לאַראָוס האָט אָן שום עקסטראַ באַכפּראַגעס אַ קוק געטאָן אויף דער ציפער און אים אויסגע־שטעלט אַ טשעק אויף דער נייטיקער סומע. ווען אַזעלכע פאַלן האָבן זיך עטלעכע מאָל איבערגעחזרט, האָט ער פאַרלוירן דעם פריערדיקן אומצוטרוי און צוגענומען אָנגעשטעלטע און די בעסטע לערערס. היות ווי דער אָפּצאָל אין שול איז סיי פאַר לימודים, סיי פאַר מאָלצייטן, סיי פאַר טראַנספּאָרטאַציע געווען אַ מינימאַלער, האָבן די אָרעמע עלטערן גערן געשיקט אַהין זייערע קינדער.

מיט דער צייט איז די שול געוואַקסן. עס זענען געקומען קינדער פון קליינע שטעטלעך, וועלכע האָבן באַקומען אַ וווין־אָרט אין שול; יתומים האָט מען דאָרטן געהאַלטן אויף אַלעם גרייטן און די קיך האָט פּאַקטיש באַדינט די קינדער אַזוי, אַז זיי האָבן געקראָגן גענוג עסן אין שול, און זיי האָבן אָנגעהויבן אויסזען בעסער און געזינטער, ווי זיי האָבן אויסגעזען אין זייערע אָרעמע היימען. דער רום פון דער שול האָט זיך פאַרשפּרייט איבער די סאַמע אָרעמסטע הייזער און אַרום דער מיסטעריע פון דער דאָזיקער שול, ווער עס האָט זי געשאַפן און ווער עס האַלט זי אויס, זענען פּשוט געשאַפן געוואָרן לעגענדעס.

סעניאָר בערג, וועלכער איז לאַנגע יאָרן געווען דער סעקרעטאַר פון הילפס־פאַראיין, האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין שטעל און איז איצט געווען איינער פון די דירעקטאָרן פון דער פאַרוואַלטונג. אויף די זיצונגען

פון דער פאַרוואַלטונג פלעגט ער, פונקט ווי מען פלעגט עס טאָן מיט אים, ווען ער איז געווען סעקרעטאַר, זוכן צו דערגיין, צי דער סעקרעטאַר טוט זיין אַרבעט בשלימות, צי די נויטבאַדערפטיקע האָבן נישט צו באַקלאָגן זיך אויף די אָנגעשטעלטע, און דאָס איז געטאָן געוואָרן נישט אַזוי, כדי אויסצובעסערן די באַציונג צו די, וועלכע קומען אָן נאָך הילף, נאָר צו צענזורירן די אָנגעשטעלטע און האָבן זיי וואָס פאַרצוואַרפן. סעניאָר בערג האָט איצט פאָזירט אַלס אָנגעזעענער געזעלשאַפטלעכער טוער און פאַרמעגלעכער דירעקטאָר פון דער גרויסער שול און יתומים־הויז און אומעטום האָט ער אָנגעהויבן צו זאָגן אַ דעה.

## קאַפּיטל זיבעצן

## קאָאָפּעראַטיוו „ראַקעל"

יואל האָט זיך אַרומגעדרייט אויף דער פּראַסאַ־אָנזע אין אָפּגעטראָגענע מלבושים און אויסגעזען ווי איינער פון דער מחנה קלאַפּערס און קליענטעלשטשיקעס, וועלכע קומען יעדן פאַרנאַכט אַהין איינקויפן, און מיט פּעק פאַרשווינדן זיי אין די טראַמווייען אין פאַרשידענע ריכטונגען. יואלס אָנצוג האָט אויסגעזען נישט געפּרעסט און נישט גערייניקט. דאָס רעקל האָט געהאַט אויפן פּלייצע העלע פּאַסן פון אויסגעטריקנטן שווייס, די הויזן צעקנאָדערט און די שיך זענען געווען מיט אויסגעדרייטע קנאַפּל. אין דאָזיקן הולך האָט יואל זיך אַרומגעדרייט אויף דער פּראַסאַ צווישן די פאַראָרעמטע קלאַפּערס און סתם אָרעמע־לייט און קיינער האָט זיך אויף אים אפילו נישט אומגעקוקט.

נאָך מיטאָג פלעגט זיך אין קאַפע אויף דער עסקינאַ אַרום אַ טישל אַרומזעצן אַ גרופּע קליענטעלשטשיקעס, וועלכע האָבן נאָך ווי ס'איז קאַבירט ערגעץ, פאַרדינט אַ פּינפּערל, אויך אַ מאָל ענטרעגירט אַן אָביעקט, אָבער זייער לאַגע איז געווען אַ מין לאַנגזאַמער טויט. קיין קרעדיט ביי די סוחרים אויף דער פּראַסאַ האָבן זיי נישט געהאַט, קיין געלט אויף צו קויפן סחורה צום קלאַפּן האָבן זיי נישט פאַרמאָגט, האָבן זיי זיך

געמוטשעט. אין שפּאָס פלעגט זיי בערקאָ רופן די נוטה למותניקעס...

בערקאָ איז געווען אַ ליטווישער געזונטער מיטליאַריקער בחור, וואָס איז שוין אויסגעוועזן אַ וועלט און געדינט — ווי ער אַליין פלעגט זיך באַרימען — אַלע עבודה זרות שבעולם. איצט איז ער פאַרוואָלגערט געוואָרן קיין ריאָ דע זשאַנײַראָ. אין אָנהייב האָט ער געקלאַפּט און געמאַכט אַ גאַנץ פיינע קליענטעלע, נאָר צוליב זיין גרויס מויל האָט ער זיך איינגעקויפט אין „יחוס" ביי די קרעמער און זיי האָבן אים אָפּגעשניטן דעם קרעדיט, ווייל ער איז צו קלוג פאַר זיי, איז ער איצט, ווי אַלע אַנדערע נוטה למותניקעס, געבליבן מיטן בייטשל, אָן קונדן, אָן קרעדיט, אָן געלט אויף צום לעבן און אָן אויסזיכטן אויף צו קענען זיך צו עפּעס דערשלאָגן. דער דאָזיקער בערקאָ איז צווישן דער גרופּע געווען דער געלערנטער. ער האָט זיך באַנוצט מיט אַ תורה־ווערטל, מיט אַ העברעישן אויסדרוק און בכלל געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ שטיקל אינטעליגענט און היות ער האָט געהאַט אַ זייער שטאַרקן חיתוך הדיבור, האָט כמעט קיינער נישט געקאָנט קומען צום וואָרט ווען בערקאָ האָט גערעדט. פון וויטן האָט עס געקאָנט אויסזען ווי בערקאָ פירט טיש מיט חסידים, זאָגט תורה, גיט אַרויס זיין פסק, וואָס איז רעכט און וואָס אומרעכט — וועגן אַלץ און אַלעמען אין דער קאָלאָניע. די אַלע צוהערערס האָבן נעבעך געהאַט זייערע אייגענע דאגות פרנסה, האָבן זיי געשוויגן און בערקאָן געלאָזט רעדן, זיך צוגעהערט צו זיינע אָריינזאָגעכצן אויפן חשבון פון די סוחרים, וואָס ביי אים אין מויל זענען זיי געווען פשוטע בייטל־שניידערס און קעשענע־גנבים.

צום דאָזיקן טישל פלעגט זיך אויך יואל צווזעצן. אין דער ערשטער צייט האָט ער פשוט געשוויגן. ער האָט זיך קיין מאָל נישט געאײַלט. ווען בערקאָ פלעגט אויפהערן רעדן, האָט ער צוגעוואָרפן אַ באַמערקונג, אַז דער פסוק, וואָס ער באַנוצט, לייענט זיך גאָר אַנדערש. בכן, דער פסוק איז גאָר אַזוי און אַזוי. אויב ער וויל, אדרבא, זאָל ער נאָכקוקן דאָרט און דאָרט, וועט ער אַליין זען. צו דער איבערראַשונג פון די אָנוועזנדיקע האָט בערקאָ נישט אָפּגעשייגעצט דעם פרעמדן פאַר זיין חוצפּה, ווי ער האָט עס געטאָן מיט אַנדערע. בערקאָן האָט אימפּאָנירט יואלס סאָליד וויסן און די באַשיידנקייט, מיט וועלכער ער האָט זיין באַמערקונג געמאַכט.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט איז זיך בערקאָ פאַרזעסן לענגער ווי געוויינלעך

און ס'איז אויסגעקומען, אַז ער און יואל זענען געבליבן די לעצטע מיט די ליידיקע טעפּעלעך פון קאַווע. בערקאָ האָט געוואַרט אויף איינעם, וועלכער האָט אים צוגעזאָגט צו ברענגען אַהער געלט, וואָס ער איז אים כלומרשט שולדיק, און דערווייל האָט ער נישט אויפגעהערט זיך קלאָגן אויף די שלעכטע געשעפטן, אַז די פּרויען האָבן נישט קיין געלט, אָדער זיי באַהאַלטן שוין זייערע אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס אויף קאַרנאַוואַל, אַז עס ווערט אוממעגלעך צו עקזיסטירן ביי די דאָזיקע באַדינגונגען...

די קעלנערס האָבן זיך געהאַלטן אין טוישן, האָבן זיי געמוזט באַצאָלן פאַר דער אויסגעטרונקענער קאַווע. זוכנדיק אין די קעשענעס צוצולייגן די רעשט אויף צו באַצאָלן, האָט יואל באַמערקט, אַז בערקאָ האָט פּשוט נישט קיין געלט, האָט ער צוגעוואָרפן דעם קעלנער די נייטיקע פּאַר מילרייס און פאַר איין וועגס פאַרבעטן בערקאָן, ער זאָל מיט אים גיין עסן וועטשערע. זיי זענען אַריין אין שניידערס רעסטאָראַן און בערקאָ האָט פאַרלאַנגט זיי זאָלן זיך זעצן ביי דער טיר, ווייל טאָמער קומט אים זוכן דער, וואָס האָט אים צוגעזאָגט צו ברענגען דעם חוב.

ביים עסן האָט יואל געפרעגט בערקאָן, צי ער וואָלט נישט געווען בכוח עפּעס אויפצוטאָן פאַר די דאָזיקע אָרעמע נוטה למותניקעס. מיט דער פראַגע האָט יואל געעפנט בערקאָס מויל. אַ שפּרודלדיקער קוואַל האָט פון אים גענומען שטראָמען.

— זיי, די קליענטעלטשיקעס, קאָן מען ראַטעווען נאָר מיט אַ קאָאָפּעראַטיוו! די סוחרים זויגן אויס דאָס בלוט פון זייערעביינער, נעמען אַרויס די עצמות מיט געבן קרעדיט.

בערקאָ האָט נישט אויפגעהערט אַרויסצולייגן זיין פּלאַן וועגן אַ קאָאָפּעראַטיוו:

— אַזאַ קאָאָפּעראַטיוו איז אַ לעבנס־נויטווענדיקייט. אַזעלכע קאָאָפּעראַטיוון פון הויזירער אין בוענאָס איירעס האָבן זיך אַנטוויקלט אין זייער וויכטיקע עקאָנאָמישע אינסטיטוציעס, אויך דאָ איז אַזאַ אונטערנעמונג מעגלעך. איך וואָלט אין אַזאַ קאָאָפּעראַטיוו, ראשית, צוגענומען צו דער אַרבעט אָט די לעבעדיקע מתים, וואָס דרייען זיך אַרום אויף דער פּראַסאַ, זיי וואָלטן אַמבעסטן געשפּירט דאָס האַרץ פון אַ קליענטעלשטשיק, וואָס קומט נאָך אַ פּעקל אויף קרעדיט. יעדן איינעם, דעם

אָרעמסטן, וואָלט מען געגעבן אויף קרעדיט אַ פּעקל צו קלאַפּן, קיינער וואָלט נישט אָנגעזעצט, ווייל מען וואָלט דאָך זיי באַרעכנט דעם ראַיעלן פּרייז און נישט צוגעשריבן צום חשבון. מען וואָלט קיין מאָל נישט פּראָטעסטירט קיין וועקסעלע, נישקשה, אַ געשעפט קען אויסטראָגן אַ ביסל פאַרלוסטן אויך. איבערהויפּט איז נייטיק דאָס איינפירן מענטשלעכע באַציונגען און רעספּעקט פון איינעם צום צווייטן.

בערקאָ איז געווען דערוואַרעמט פון רעדן און סתם אַזוי אַ פרעג געטאָן:

— אָ, ווען איך קריג ערגעץ דעם נייטיקן קאַפּיטאַל פאַר אַ קאָאָפּעראַטיוו!

יואל האָט אים אַ פרעג געטאָן, צי ער קאָן דעם סעניאָר בערג און צי ער לייענט זיין צייטונג.

— צי איך קען סעניאָר בערג? — האָט בערקאָ געזאָגט מיט חידוש — מיר זענען דאָך פון דער זעלבער פּאַרטיי. זיין צייטונג לייען איך, ווען די פאַרב איז נאָך נישט טרוקן.

— אויב אַזוי — זאָגט יואל — טאָ גייט מאָרגן פרי צו סעניאָר בערג.

יואל האָט זיך געמאַכט, ווי ער פאַרשטייט נישט אָט דאָס דאָזיקע שמייכלען, און אים אַזוי זיך געגעבן אַן עצה טובה, ער זאָל איבעררעדן מיטן סעניאָר בערג, טאַקע באַלד מאָרגן פרי.

— לייגט אים פאָר אייערע פּלענער צו עפענען אַ קאָאָפּעראַטיוו, זאָגט אים, אַז דער גביר פון דער פונדאַציע אויפן נאָמען פון איינער אַ רחל וועט אַריינלייגן אין אַ קאָאָפּעראַטיוו אַ גרויסע סומע געלט אָן פּראָצענט און חוץ דעם וועט ער זאָרגן פאַר קרעדיט אין די גרעסטע פאַבריקן פון טעקסטיל, אַזוי, אַז דער קאָאָפּעראַטיוו זאָל האָבן אַלץ פון דער ערשטער האַנט און קענען טאַקע אַלץ לייזן ביליקער פון די סוחרים אויף דער פּראַסאַ. איך וועל מאָרגן פרי אָנקלינגען דעם דאָזיקן גביר און דערפון לאָזן וויסן סעניאָר בערג.

ביים געזעגענען האָט יואל אים נאָכגעשריגן:

— למען השם, פאַרגעסט נישט מאָרגן צו זען סעניאָר בערג!

בערקאָ האָט זיך אַ גאַנצע נאַכט געדרייט אויף זיין בחוריש בעטל און נישט געקאָנט איינשלאָפן. ער האָט זיך קוים דערוואַרט ס׳זאָל טאָג ווערן און ער זאָל קאָנען גיין מיט זיין פּלאַן צו סעניאָר בערג.

אַריינגעקומען אין רעדאַקציע איז ער זייער פרי. ער האָט גענומען

אַ צייטונג און אָנגעהויבן לייענען די נייעס. נאָר דאָ האָט אים דערוואַרט אַ גרויסער סורפּריז: סעניאָר בערג, ווי ער זאָל האָבן געוואָרט, האָט אים באַלד אריינגערופן צו זיך אין קאַבינעט און פאַרשלאָסן די טיר.

בערקאָ, וואָס האָט נעכטן אין קאָפּע עפּעס יאָ און נישט צוגעהערט זיך צו די רייד פון האַלב־אָפּגעריסענעם יואל, האָט זיך איצט דערוווּסט פון סעניאָר בערג, אַז ער האָט שוין באַקומען אַ גאַר גרויסן טשעק אויף צו עפענען אַ קאָאָפּעראַטיוו־קראָם פאַר קליענטעלשטשיקעס און ער, בערקאָ, דאַרף זיך שוין נעמען צו דער אַרבעט. ווי ער זאָל קענען זיין לאַגע, האָט סעניאָר בערג באַלד טאַקע אַרויסגענומען אַ געוויסע סומע געלט און געגעבן בערקאָן אויף לויפנדיקע הוצאות און ביים געזעגענען זיך האָט ער אים אָנגעזאָגט:

— גייט אַרויס און דערציילט יעדן וועגן דער דאָזיקער געשעעניש און אין דער היינטיקער צייטונג וועל איך אויך געבן אַ גרעסערע נאָטיץ וועגן דעם. מיר האָבן נישט וואָס מורא צו האָבן, ווייל מיר האָבן גענוג געלט און האָבן אַ גוטן אַדוואָקאַט אויף דורכצופירן אַלע לעגאַלע פּאַפּירן, נאָר ס׳וואָלט כדאי געווען באַצייטנס צו וויסן, וואָס די סוחרים וועלן זאָגן צו דעם...

ווען דער געוויינלעכער עולם פון די „נוטה למותניקעס״ האָט זיך נאָך מיטיק פאַרזאַמלט אַרום בערקאָס טישל אין קאָפּע אויף דער עסקינאַ, האָט זיי דערוואַרט די גרעסטע סענסאַציע — בערקאָ האָט געקראָגן אַ גרויסע סומע געלט אָן פּראָצענט אויף צו עפענען אַ קאָאָפּעראַטיוו פאַר קליענטעלשטשיקעס. די נייעס האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט צווישן עולם אויף דער פּראַסאַ און אָנגעמאַכט אַן איבערקערעניש. די, וועלכע האָבן פריער זיך געשעמט אַריינצושמעקן אין דעם קאָפּע פון די שלעפּערס, ווי זיי פלעגן רופן די אָרעמע קלאַפּערס, זענען פּלוצעם איצט געקומען זיך זען מיט זייער אַלטן פריינד בערקאָ. זיי האָבן זיך צוגעזעצט צו זיין טישל, אויף שנעל אויסגעטרונקען אַ קאַווע און טאַקע געוואָלט דערגיין, צי ס׳איז טאַקע אמת, וואָס מען דערציילט אויף דער פּראַסא וועגן בערקאָס קאָאָפּעראַטיוו.

אין אָוונט זענען געקומען עטלעכע סוחרים אויסשפּיאָנירן, ווי ס׳האַלט. זיי זענען געשטאַנען ביים „עקספּרעס״, געוואַרט אויפן קאַווע און אונטער־

געהערט, וואָס מ׳שמועסט ביי די טישלעך, ווו בערקאָ איז געזעסן. זיי האָבן געוווּסט, אַז אויב די מעשה איז אמת און מ׳וועט עפענען אַ קאָאָפּעראַטיוו אויף דער פּראַסאַ, שטייט זיי פאַר אַרויסצוגיין צוריק קלאַפּן, גלייך מיט זייערע היינטיקע קונים.

נאָך עטלעכע טעג זענען די אַלע „נוטה למותניקעס״ פאַרשוווּנדן פון דער קאַפע, ווו זיי פלעגן גאַנצע נאָכמיטיקן אָפּזיצן צוזאַמען מיט בערקאָן. בערקאָ האָט זיך אַלע באַשעפטיקט אין די גרויסע מאַגאַזינען, וועלכע מ׳האָט געהאַלטן אין איבערמאַכן אויף אַ שיינער, מאָדערן איינגע־ריכטעטער קלייט פון אַלע סאָרטן סחורות. אויפן גרויסן באַלקאָן האָט מען אַרויפגעצויגן אַ נייעם שילד — „קאָאָפּעראַטיוו ראַקעל״. דעם נאָמען „ראַכעל״ האָבן אייניקע געלייענט: „ראַכע״, ס׳זאָל מיינען, אַז דערמיט גייט מען נעמען ראַכע, נקמה פון די סוחרים־הויטשינדער אויף דער פּראַסאַ.

אינעווייניק איז אין אַ זייטיק צימער שוין געווען איינגעריכטעט אַ ביוראָ פאַר בערקאָן מיט זיינע געהילפן. אויף די ווענט זענען געווען לאָזונגען: „אַלע פאַר איינעם און יעדער פאַר אַלע״ און „אין איניקייט איז אונדזער קראַפט!״

די קאָאָפּעראַטיוו האָט זיך ביסלעכווייז איינגעאָרדנט און געגרייט זיך צו דער דערעפענונג. דער קאַפּיטאַל, וואָס סעניאָר בערג האָט פאַרשאַפט האָט דערמעגלעכט צונויפצושטעלן אַן אויסערגעוויינלעכן אויסוואַל פון די שענסטע סחורות צו ביליקע פּרייזן. מ׳האָט געמאָלדן, אַז יעדער איינער וועט האָבן קרעדיט ביז אַ געוויסן מאַקסימום און קיין שום גאַראַנטיעס וועלן נישט נייטיק זיין, ווייל אַלע קונים אין דער קאָאָפּעראַטיוו ווערן אויטאָמאַטיש מיטגלידער פון געשעפט. צום סוף יאָר וועט מען יעדן געבן אַ טייל פון דעם נעטאָ־פאַרדינסט פון דער קאָאָפּעראַטיוו.

די פייערלעכע דערעפענונג פון דעם רייך־אויסגעשטאַטן קלייט מיטן ריזיקן אויסוואַל פון שיינע סחורות צו ביליקע פּרייזן האָבן צעמישט די סוחרים. אויף דער פּראַסאַ האָבן די סוחרים געפּרוּווט איינטענהן צו די קליענטעלשטשיקעס אין אַ כלומרשט פריינדלעכן טאָן:

— מיר האָבן אייך דען, חלילה, שלעכטס געטאָן מיטן געבן אייך סחורה אויף קרעדיט? מיר האָבן אייך געטרויט און איר האָט זיך גאַנץ פיין אַרויפגעאַרבעט. איז פאַר וואָס זשע ווילן זיי אונדז צעברעכן? אמת, מיר

האָבן אַ טייל פון די באַרוועסע נישט געוואָלט געבן קיין קרעדיט, איז עס דאָך אונדזער פּראַצע, קומט אונדז עפּעס דערפאַר? וואָס האָט מען אויף אונדז אויסגעטראַכט אַ קאָאָפּעראַטיוו?

די סוחרים האָבן נישט אויפגעהערט צו טענהן, אַז זיי האָבן די קליענטעלטשיקעס געהאָלפן ווערן דאָס, וואָס זיי זענען איצט. ווען זיי גיבן נישט די קליענטעלטשיקעס קיין קרעדיט וואָלטן זיי נישט געקאָנט ווערן אַזאַ אָרגאַניזירטער כוח, ווי זיי זענען איצט. די קליענטעלטשיקעס זענען אויך נישט שולדיק געבליבן קיין ענטפער. זיי האָבן אויף די סוחרימס קעפּ אויסגעגאָסן דעם גאַנצן כעס, וואָס האָט זיך ביי זיי אָנגעזאַמלט אין פאַרלויף פון יאָרן. מ׳האָט זיך קעגנזייטיק אַריינגעזאָגט, נישט געזשאַלעוועט קיין שטעך־ווערטלעך. מ׳האָט מער נישט מורא געהאַט פאַרן אָפּשניידן קרעדיט, פאַר דער חוצפה פון אַנטקעגנרעדן אַ קרעמער, ווי עס איז געווען דער שטייגער ביז איצט.

די צייטונגען האָבן זיך כלומרשט געפּרוווט האַלטן נייטראַל. ס׳האָט געזאָלט הייסן: נאָך אַן אינסטיטוציע צוגעקומען אין דער קאָלאָניע, זאָל זיין מיט מזל!ביידע צייטונגען האָבן טאַקע געגעבן די אָפיציעלע קאָמוני־קאַטן און אַנאָנסן פון דעם קאָאָפּעראַטיוו, אָבער סעניאָר בערגס צייטונג האָט אָפן געלויבט די איניציאַטיוו פון דעם קאָאָפּעראַטיוו און גערופן צו שטיצן די דאָזיקע וויכטיקע אינסטיטוציע.

די סוחרים האָבן אויך נישט געשוויגן. אָפיציעל האָט עס געהייסן, אַז ס׳איז אַ פרייע לאַנד, בראַזיל, און פרייע קאָנקורענץ איז דערלאָזבאַר, נאָר עפּעס האָט זיך דאָרטן אין געהיים געקאָכט ביי די סוחרים. אין די צייטונגען איז פּלוצעם דערשינען אַ קאָמוניקאַט פון אַ סוחרים־פאַראיין מיט די נעמען פון די באַרימטסטע אַדוואָקאַטן אַלס זייערע יורידישע ראַטגעבער. די דאָזיקע אַדוואָקטן — האָבן זיי געגעבן אָנצוהערן — וועלן זיך נעמען איינמאָנען מיט כוח די אַלע פאַרלעגענע חובות ביי זייערע קונדן, וועלכע דאַרפן זיי איצט נישט מער. אַחוץ דעם האָבן די אַדוואָקאַטן גענומען זוכן און נישטערן אין דער פאַרגאַנגענהייט פון די, וואָס זענען טעטיק אין דעם קאָאָפּעראַטיוו און זיך געמיט אויסצופּרובירן דאָס אַלט־באַקאַנטע מיטל פון פּאָליטישע פאַרפאָלגונגען. צוליב דעם, וואָס די לינקע פּאַרטייען זענען געווען דעמאָלט פאַרבאָטן אין לאַנד, האָבן זיי גערעכנט

אויף אַ לייכטן זיג, נאָר גאַנץ אומדערוואַרט פאַר די סוחרישע רעדלפירער האָבן זיי אויסגעפונען, אַז עפּעס אַ גאָר מעכטיקער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער כוח שטייט הינטער דעם דאָזיקן קאָאָפּעראַטיוו און די גרעסטע אַדוואָקאַטן האָבן מיט זייערע מסירות גאָרנישט געקאָנט טאָן.

## קאַפּיטל אַכצן

# מיט זיך אַליין

יואל האָט זיך איצט נאָך ווינציקער געוויזן אויף דער פּראַסאַ. דאָס טישל אין קאַפע אויף דער עסקינאַ איז געווען ווי פאַריתומט. בערקאָ האָט מער נישט געהאַט קיין צייט דאָרט צו זיצן און זיינע פריינד פון די „נוטה למותניקעס", זענען געווען באַשעפטיקט אין דעם קאָאָפּעראַטיוו, אָדער אַלס קליענטעלשטשיקעס. אויב ס'זענען שוין אייניקע אַריינגעקומען אין קאַפע, האָבן זיי זיך געאיילט, און אויסטריקנדיק דאָס קאַווקלע זענען זיי באַלד אַוועק צום טראַמוויי.

יואל פלעגט זיך אין די נאָכמיטיק־שעהען אַראָפּכאַפּן אויף דער פּראַסאַ דע רעפּובליקאַ, לעבן דער סענטראַל דא בראַזיל. דאָרטן זענען אין די שעהען, ווען די געווינסן קומען אַרויס, געשטאַנען די שפּילערס מיט זייערע צעטעלעך, געוואַרט און געהאָפט אויף עפּעס אַ געווינסל און ווען זיי האָבן גאָרנישט געוואונען, זענען זיי געשטאַנען און קאָמבינירט, וואָס צו טאָן דעם מאָרגנדיקן טאָג. אויך יואל פלעגט זיך דאָרט אַרומדרייען. ער האָט געוואָלט זיך דערגרונטעווען צו דער מענטשלעכער מענטאַליטעט, וואָס חלומט אויס וועלטן פון גליק און צופרידנקייט, וואָס מ'קאָן דערגרייכן מיט געלט, און ווען מ'האָט שוין דאָס געלט איז מען דערמיט אַזוי אומבאַהאָלפן, ווי ער איז איצט...

ביי די בישע־שפּילער איז יואל געווען פאַררעכנט פאַר אַן אייגענעם. וואַרטנדיק אויפן רעזולטאַט פון די זשאָגאָס אַרום לאָטעריע־קלייטל, האָט ער זיך גערן צוגעהערט צו זייערע מעשות וועגן געחלומטע געווינסן, און וואָס ס'איז דערפון אַרויסגעקומען, ווען זיי האָבן געשפּילט לויט ווי ס'האָט

זיך זיי געחלומט. אויך ער פלעגט זיי איבערדערציילן אַזעלכע ענלעכע פּאַסירונגען. ווען ס'איז אַרויסגעקומען דער רעזולטאַט און זיי האָבן נישט געוווּנען — פלעגט ער מאַכן דעם אָנשטעל, ווי ער וואָלט היינט יאָ עפּעס האָבן געוווּנען און האָט זיי איינגעלאַדן אויף אַ קאַפּעזיניאַ.

אָפּגעפּטרט די צייט פון די בישע־שפּילן, האָט זיך יואל באַזעצט אויף די בענק אין גאָרטן, אָדער גאָר אויף דער פּראַסא דאַ רעפּובליקאַ גופא. דאָרטן איז געווען דער טרעף־פּונקט פון פּראָסטיטוטקעס, וועלכע האָבן זיך אַרומגעוואָלגערט און נישט געהאַט קיין היים, מייסטע פון זיי זענען געווען ווענעריש קראַנקע, האָבן נישט געהאַט אויף אָפּצועסן אַ מאָלצייט און זייער גאַנצע גאַרדעראָב איז באַשטאַנען פון די פּאָר שמאַטעס, וואָס זיי האָבן געטראָגן אויפן לייב.

יואל האָט זיי אַלע געקאָנט און זיי האָבן אים אויך געקאָנט. זיי פלעגן זיין בייז אויף אים, ווייל קיין מאָל האָט ער קיין איינער פון זיי ניט מיטגע־נומען מיט זיך, נאָר געגעבן אַ פּאָר מילרייס אויף אַ מאָלצייט און נאַכטלעגער אין די דערבייאיקע האָטעלעכלעך. ער פלעגט זיי זאָגן גאַנץ אָפן, אַז אויב ער דאַרף אַ נקבה זוכט ער אָפּ אַ שיינע און אַ געזונטע, און זיי העלפט ער בלויז, ווי נויטבאַדערפטיקטע, וועמען ער איז שטענדיק גרייט צו העלפן. אָפרו־סטאַציעס אַרום דער פּראַסא דאַ רעפּובליקאַ און דעם דאָרטיקן גאָרטן.

די טעג פלעגט יואל ווי ס'איז דורכשטופן מיט שפּאַצירן אין פאַרשידענע אַלע האָבן אים שוין אין דער געגנט געקאָנט און אים געגריסט, ווי איינעם פון די, וואָס האָבן אַ געוויסע פונקציע אויף דער פּראַסא. מען זעט זיך יעדן טאָג, און ווען מען באַמערקט אַז זיי קומען מער נישט אַהין, פרעגט זיך נאָך איינער ביים אַנדערן אויפן פאַרלוירענעם, ביז מען פאַרגעסט אין אים.

אין יואלס לעבן האָט זיך מיט דער צייט איינגעשטעלט אַזאַ מין געוווינהייט: עסן פרישטיק אין קאַפע אויף דער עסקינאַ צווישן די איילנדיקע קליענטעלטשיקעס; מיטיק עסן ביי שניידערן אין רעסטאָראַן און בכיוון איבערוואַרטן אייניקע שטראָמען פון פאַרשידענע טיפּן געסט; נאָך מיטיק גיין אויף דער פּראַסא דאַ רעפּובליקאַ צו די בישעס; נאָך די בישעס זיצן אויף די בענק און סתם אַרומשלעפּן זיך ביז פאַרנאַכט; פאַרנאַכט אויסמישן זיך צווישן די קליענטעלטשיקעס און קלאַפּערס אויף דער פּראַסא, כאַפּן אַ קוק אין דעם קאָאָפּעראַטיוו, אין דער רעדאַקציע פון

סעניאָר בערגס צייטונג און שפּעט אין אָוונט זיך אַריינכאַפּן אין זיין איינזאַם צימערל אין האָטעל און באַמיען זיך איינשלאָפן.

דער אינטערעס צו אַזאַ מין זינלאָז לעבן האָט זיך ביי אים אָנגעהויבן אויסוועפּן אוּן ער האָט גענומען זוכן עפּעס אַ באַשעפטיקונג, כדי נישט צו האָבן אין טאָג אַזוי פיל פּוסטע שעהען.

ער האָט זיך צופעליק געטראָפן מיט אייניקע קאָנדוקטאָרן פון די טראַמוויי׳ען און זיך נאָכגעפרעגט, ווי אַזוי מען קען אָנקומען אַלס קאָנדוקטאָר. ער איז אַוועק אַרבעטן אין דער קאָמפּאַני פון די באָנדעס. ער האָט דורכגעמאַכט די שול. אַ צייט געווען אַ פּראַקטיקאַנט און דערנאָך אַ רעגולערער קאָנדוקטאָר. פון אָנהייב האָט אים אינטריגירט די ספּעציעלע דיסציפּלין פון דער קאָמפּאַני, מיט זייערע „באָטאַ סעקרעטאַ״, וועלכע די קאָנדוקטאָרן פלעגן רופן „באָסאַ סעניאָראַ״, ווייל עס זענען בלויז געווען אָנגעגעבן די איניציאַלן ב. ס. סוף כל סוף האָט אים אַזאַ באָסאַ סעניאָראַ אָנגעקלאָגט, אַז ער האָט נישט אָפּגעקלאַפּט אויפן זייגער אַלע פּאַסאַזשירן, פון וועלכע ער האָט געהאַט איינגעקאַסירט, און מען האָט אים באַלד אַראָפּגענומען פון דער אַרבעט און אָפּגעזאָגט פון דער שטעלע.

איין מאָל האָט מען אים פאַרגעלייגט צו ווערן אַ לערער אין אַ דערבייאיק שטעטל. יעדן פרימאָרגן איז ער געפאָרן אין שטעטל אריין מיט דער לעאָפּאָלדינאַ־באַן און פאַרנאַכט איז ער צוריקגעקומען. די איינוווינער פון שטעטל, וועלכע האָבן זיך דאָרטן באַזעצט צוליב דער ביליקייט פון דירות, האָבן געאַרבעט אין שטאָט און פלעגן אַרויספאָרן צו זייער אַרבעט אין דער פרי און פאַרנאַכט צוריקקומען, אַזוי אַז ער פלעגט זיך מיט זיי טרעפן בלויז ביים הין־ אָדער צוריק־פאָרן. אין שטעטל זענען אַ גאַנצן טאָג בלויז געבליבן די פרויען אין זייערע היימען.

יואל האָט זיך זייער גוט איינגעלעבט מיט די קינדער. זיי האָבן אים ליב געקראָגן און ער האָט געפונען אין זייער געזעלשאַפט אַ גייסטיקן נחת רוח, אַ מין רואיקייט און שלווה, וואָס ער האָט שוין לאַנג נישט געפילט. איינע פון די שכנות האָט אים איין מאָל פאַרבעטן צו זיך אין הויז אויף טיי. בכן, זי וויל זיך מיטן לערער דורכשמועסן וועגן איר טייבעלען, וועלכע האָט אָנגעהויבן אָקאָרשט גיין אין שול אַריין. האָט זיך צעפלאַקערט אַ פייער פון רכילות אין שטעטל, אַזוי וויט, אַז דער דאָזיקער פּרויס מאַן האָט

איין מאָל יואלן אָפּגעשטעלט ביים באַן און אים געוואָרנט... דעם זעלבן טאָג האָט ער גענומען די באַן אויף צוריק, אפילו נישט געבעטן דעם געהאַלט, וואָס מען איז אים געווען שולדיק פאַרן מאָנאַט, און אין דעם דאָזיקן שטעטל מער נישט צוריקגעקומען.

ער איז געוואָרן אַן איינמאָנער ביי אַ קליענטעלטשיק. הפנים ער האָט נישט גענוג צודרינגלעך געמאָנט ביי די קונים די פינפערלעך, האָט אים דער באַלעבאָס אָפּגעזאָגט און נאָך דערצו געמאַכט אַ שם אויף דער פּראַסאַ, אַז ער האָט אים געמאַכט אַ תל פון דער קליענטעלע. כאָטש וואָס עס באַטייט דער דאָזיקער תל האָט ער נישט געזאָגט און ווען מען האָט אים געפרעגט מיט אַ ווונק אויף ערלעכקייט האָט ער צוגעגעבן אויפן קול, אַז ער איז זייער ערלעך, מען קען אים געטרויען אומגעציילט געלט.

איינער, וואָס האָט געזוכט צו דערווערבן קונדן אין די רייכע אַפּאַרטאַ־מענטס, האָט אים געגעבן זיידנס צו גיין קלאַפּן און רק רעדן פראַנצויזיש, האָט ער עפּעס יאָ געמאַכט איניקע קונדן, נאָר זיי זענען אַלע געווען „טשעוועקעס״, האָט אים דער באַלעבאָס צוגענומען די אינקאַסאָ־קאַרטלעך.

איינער האָט אים געגעבן בילדער פון הייליקע און אויסגעלערנט דעם ספּעציעלן שטייגער, ווי זיי פאַרצולייגן דעם קונד, ווייל מען טאָר חלילה נישט זאָגן, אַז מען פאַרקויפט זיי פאַר געלט, נאָר מען טוישט זיי אויס. אָבער אין וועלכן הויז ער איז געקומען זענען די ווענט געווען באַהאָנגען מיט „סאַנטאָס״. צום סוף פון אַ גאַנצן טאָג זיך אַרומשלעפּן האָט ער אָנגעטראָפן אויף אַן אינטעליגענטן מענטש, וועלכער האָט אים אויסגערעדט, פאַר וואָס ער גיט זיך אָפּ מיט פאַרקויפן אַזעלכע זאַכן. האָט ער זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין און אַוועק.

די גאַנצע צייט וואָס יואל דרייט זיך אַרום אויף דער פּראַסאַ האָט ער זיך געמיט אויסצומיידן אַמאָליקע באַקאַנטע. זיין ספּעציעל־אָפּגעלאָזענער הולך, אויסגעדרייטע שיך, אָפּגעבליאַקעוועטער ברינענער אַנצוג און די שטרויענע שליאַפּע מיט די קאָלירטע ברילן האָבן אים געמאַכט ענלעך צו די צענדליקער קלאַפּערס אויף דער פּראַסאַ, אויף וועמען קיינער קוקט זיך נישט אום. אָפּט פלעגט ער שטיין נישט ווייט פון דער ראַזורע, ווו זיין געוועזענער באַלעבאָס, בער, האָט געאַרבעט און יענער האָט אים נישט דערקענט. דאָס זעלבע איז געווען מיטן חזנדל, וואָס האָט דאָך אים שוין געזען ביים

אויפדעקן די מצבה אויפן בית־עלמין און אויך ער האָט אים נישט דערקענט אויף דער פּראסא. מ׳קאָן נישט זאָגן, אַז ס׳איז יואלן נישט געווען אויפפאַלנדיק, וואָס קיינער דערקענט אים נישט מער, נאָר גראָד האָט עס אים איצט גוט געַנוצט, און ער האָט זיך אויך געהאַלטן מיט אַלעמען פון דער ווייטנס, ווי איינער, וואָס גייט זיך זיין וועג און מישט זיך נישט אין קיינעמס געשעפטן. קיינער האָט זיך דעריבער אויך נישט געמישט אין זיינע געשעפטן...

יואל האָט שטענדיק געגלייבט, אַז מ׳קען דאָס לעבן לאָזן גיין אָן שום ציל און זין, ווי ס׳פליסט אַ טייך, מיט דער צייט וועט עס אים ערגעץ ווו דערפירן. דאָס ארומוואַלגערן זיך אַרום דער פּראסא איז פּאַקטיש געווען אַ פּועל יוצא פון דער דאָזיקער איינגעגלויבטקייט. ער האָט געוואָלט לעבן אָן שום זאָרגן און אָן שום קלערן וועגן קיין זאַך, נאָר עפּעס האָט נישט געקלאַפּט. ער האָט דערפילט, אַז אַלץ איז פּוסט און אָן אַ שום זין. אָט די פּוסטקייט, כאָטש ער האָט אויך פריער געוווּסט וועגן איר, האָט אים געטריבן פון זיך.



אַ וואָך צייט האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט איבער די דערפער פון די פּישער אויף דעם צווייטן ברעג פון גואנאבארא אין עסטאַדאָ דאָ ריאָ און געזוכט אַ פּלאַץ ווו זיך צו באַזעצן. פון אַלע פּלעצער איז אים אַמבעסטן געפעלן אַ קליין פישער־דערפל נישט ווייט פון איקאראהי, ווו אויפן קעגנאיבערדיקן ברעג איז געווען קאזשו אין ריאָ דע זשאנייראָ. ער האָט געדונגען ביי אַ פּישער אַ הייזל, וואָס איז געווען האַלב ליידיק און דער פּישער האָט עס ספּעציעל אויסגעריינִיקט פאַר אים, איז אַוועקגעפאָרן אין שטאָט און צוריקגעקומען מיט זיינע פּעקלעך.

דער רואיקער ים־שפּיגל, דאָס אַזוי רואיקע לעבן פון די דאָרפסלייט, וואָס האָט אויסגעזען ווי אין אַ פאַרוואָרפענעם עק, ערגעץ אין דזשונגל, די אַרומיקע בערג, פון וואַנען מען האָט אין אַ לויטערן טאָג געקאָנט זען דעם אַנדערן ברעג פון דער גואנאבארא אין קאזשו — דאָס אַלץ האָט יואלן צוריקגעבראַכט זיין גייסטיק גלייכגעוויכט. ער האָט באַשלאָסן זיך בעמען מאַלן אַ גרויסן לייוונט.

ער האָט זיך שוין לאַנג אַרומגעטראָגן מיט אַ פּלאַן פון אַ גרויסער וואַנט־מאַלעריי, ווי די, וואָס באַצירן די ווענט פון קונסט־מוזעאומס און עפנטלעכע געביידעס. אין דער דאָזיקער וואַנט־מאַלעריי האָט, לויט זיין פּלאַן, געדאַרפט קומען צום אויסדרוק דער גרויסשטאָטישער הו־הא פון אַ פאַרשידנפאַרביקער מענטשן־מאַסע און צווישן דער דאָזיקער מאַסע בלאָנ־דזשען צוויי פאַרליבטע, וועלכע זוכן איינער דעם אַנדערן אַ גאַנץ לעבן לאַנג און קאָנען זיך נישט געפינען. זייער באַגעגעניש קומט ערשט פאָר אויפן בית עלמין, ווו דער געליבטער באַקלאָגט דעם פריצייטיקן טויט פון זיין געליבטע.

יואל האָט געהאַט אויסגעפּלאַנעוועט די הויפּט־אידעע פון דער דאָזיקער מאַלעריי, האָט אָנגעצויגן אויף אַ ראַם אַ גרויסן לייוונט, אים ווי געהעריק צוגעגרייט, אָנגעוואָרפן אייניקע סקיצירטע צייכענונגען פאַר געוויסע דעטאַלן פון בילד און מיטן גאַנצן ברען זיך גענומען צו דער ריזיקער אַרבעט.

אַ גאַנצן ווינטער האָט יואל געאַרבעט איבער זיין בילד און כמעט נישט געקומען אין שטאָט אַריין. עפּעס, ווי ער זאָל האָבן אַ ספּעציעלע כוונה דערביי, האָט ער געיאָגט דאָס בילד זאָל וואָס שנעלער פאַרטיק ווערן. ער האָט געגעסן און געשלאָפן לעבן געשטעל פון פאַרבן אַרום בילד.

## קאַפּיטל ניינצן

# אויפן ראַנד פון גוואַנאַבאַראַ

פאַר ראש השנה איז אויסגעפאַלן רחלס יאָרצייט. איז ער געקומען אין שטאָט אַריין, מיט דער דעה צו בלייבן איבער ימים נוראים. אין אָוונט האָט ער געדאַוונט אין מושב זקנים און געזאָגט קדיש. אין דער פרי האָט ער ווידער געדאַוונט פאַרן עמוד, געזאָגט קדיש און באַלד נאָך פרישטיק זענען אַלע אַוועקגעפאָרן מיט טעקסיס אויפן גוטן אָרט. דאָס חזנדל האָט געמאַכט אַ „מלא" און יואל האָט ווידער געזאָגט קדיש. מיט די זעלבע טעקסיס זענען אַלע צוריקגעפאָרן אין מושב זקנים אַריין

און בלויז יואל מיט אַהרן לאַזערן און דער פּאַראַליזירטער אַרנאָלד האָבן זיך געלאָזט פירן אין אַ טעקסי צו דער פּראסא, כלומרשט באַקוקן די שטאָט און כאַפּן אַ קוק אויף דער פּראסא אַנזע...

די טעקסי איז געפאָרן אויף ווילא איזאַבעל, פאַרפאָרן פאַר דער גרויסער געביידע, וווּ ס'איז געווען די קינדערהיים, דער בית יתומים, די שול און די פאַך־שול פאַר דערוואַקסענע שילער. ס'איז פונקט געווען אָפּרו־צייט און די קינדער האָבן מיט רעש און געפּילדער געשפּילט אין פאַרשידענע שפּילן אויפן גרויסן הויף. זיי זענען געזעסן אין דער טעקסי און געקוקט פאַרגאַפט דורך דעם אָפענעם אייזערנעם טויער און דורך די אייזערנע שטאַכעטן — דאָ צו די שפּילנדיקע קינדער, דאָ צום גרויסן שילד איבערן טויער מיט רחלס נאָמען.

אַהרן לאַזער און אַרנאָלד, וועלכע האָבן עפּעס געהערט וועגן דעם אַלעמען, נאָר האָבן עס ערשט געזען צום ערשטן מאָל, האָבן זיך שווייגנדיק איבערגעקוקט, ווי זיי וואָלטן זען אַ שטיק וווּנדער.

פון דאָרטן האָט זיי די טעקסי געפירט אויף דער פּראסא אַנזע. יואל האָט געהייסן זיך אָפּשטעלן אויף וויסקאָנזע דע איטאאונא, אַנטקעגנאיבער דער קלייט פון דער קאָאָפּעראַטיוו פאַר קליענטעלטשיקעס. ס'איז געווען פאַרנאַכט צו, פונקט אין דער צייט קומען קליענטעלשטשיקעס און גייען מיט זייערע פּעקלעך אָננעמען באַשטעלונגען פון קונדן. אויבן האָט איבער דער גאַנצער ברייט פון דער געביידע געגלאַנצט דער גרויסער שילד מיט רחלס נאָמען. אין קלייט און אין דרויסן, אַרום קלייט, האָבן זיך געזאַמלט גרופּעס קליענטעלטשיקעס, פאַרברענטע פון זון, פאַרהאָרעוועטע פון אַ טאָג פּראַצעווען, נאָר זייער רואיקייט און באַזאַכטקייט האָט עדות געזאָגט אויף אַ געפיל פון געזיכערטער סאָלידאַריטעט און צופרידנקייט מיטן קערעווען דעם אייגענעם גורל.

צוריק צום מושב זקנים זענען זיי געפאָרן שווייגנדיק. ווען זיי האָבן ביים אַריינגאַנג זיך געזעגנט, האָט דער פּאַראַליזירטער אַרנאָלד געבעטן יואלן ער זאָל זיך צו אים צובייגן, און ווען ער האָט זיך צוגעבויגן, מיינענדיק אַז ער וויל אים עפּעס זאָגן, האָט ער אים געקושט. אַהרן לאַזער האָט יואלן געדריקט די האַנט און געזאָגט, אַז אַזאַ מצבה האָט זיך רחלע אַליין נישט געקאָנט פאַרשטעלן...

מיט אַ צוויי טעג שפּעטער, האָט מען יואלן פלוצעם גערופן אין מושב זקנים. דאָרט האָט מען אים געזאָגט, אַז אַרנאָלד האָלט שלעכט און האָט געבעטן אים רופן. ווען ער איז געבליבן אַליין מיט אַרנאָלדן, האָט ער אים דערציילט, אַז ער האָט זיין גאַנץ לעבן ליב געהאַט רחלען, אָבער זי האָט נאָר אים, יואלן, ליב געהאַט... דאָס חתונה האָבן מיט מאַריצן און קומען אַהער, און שפּעטער איר ערשטע צייט אין ריאָ, זענען געווען אומבאַדייטנדיקע עפּיזאָדן אין איר לעבן און אויך דאָס האָט זי געטאָן מיטן ציל צו קענען אים, יואלן, העלפן... ווען ער האָט איר אַרויסגעראַטעוועט פון די הענט פון מאַריצן, האָט זי געפילט צו אים אַ געפיל פון דאַנקבאַרקייט, וואָס ער האָט זייער געשעצט... ער איז אָבער דאַן שוין געווען קראַנק און מער ווי פאַרערונג און פריינדשאַפט האָט צווישן זיי נישט געקאָנט עקזיסטירן... די גרעסטע אָנשטרענגונגען און קאָסטן זענען נישט געווען צו פיל פאַר איר אויף צו העלפן אים, יואלן, שטודירן אין דער קונסט־שול אין פּאַריז.

אַרנאָלד האָט אים געבעטן ער זאָל אים איבערדרייען אויף דער צווייטער זייט און מיט אַ טאָן פון צופרידנקייט און רואיקייט, ווי איינער איז צופרידן פון האָבן דערפילט אַ וויכטיקע שליחות, האָט ער שמייכלענדיק געזאָגט יואלן:

— נאָך דעם ווי איך האָב מיט מיינע אייגענע אויגן געזען, ווי דו האָסט אויף אַזאַ שיינעם שטייגער פאַראייביקט ראַקעלס נאָמען, קען איך שוין רואיק שטאַרבן. איך אַליין האָב פון לעבן גענאָסן אַלץ, וואָס אַ לעבעדיקער מענטש קאָן נאָר דערוואַרטן אין לעבן... טייערער פריינד, איך גיב דיר מיין קופערט, ס'זענען נאָך דאָרטן פאַראַנען איניקע ווערטפולע זאַכן, טו דערמיט ווי דיר וועט געפעלן... הלוואי וואָלט איך כאָטש געווען ווערט זאָלסט לכל הפחות באַזאָרגן, אַז עס זאָל ווער זאָגן קדיש נאָך מיר...

די לוויה האָט יואל דורכגעפירט אויפן חשבון פון מושב זקנים. אויפן בית עלמין האָט דאָס חזנדל געמאַכט אַ „מלא" און ער אַליין האָט געזאָגט נאָך אים קדיש אויפן גוטן אָרט און אויך די גאַנצע צייט פון שבעה, וואָס יואל איז געזעסן צוזאַמען מיט די איינוווינער פון מושב זקנים.

*

די געשעפטן אין דער פירמע „ראָשא עט קאָמפּאַני" זענען געגאַנגען

זייער גוט. יואלס פריינד אין דער סיטי־באַנק, לאַראָוס, האָט אים צוגעשיקט חודשלעכע באַריכטן פון זיין איינקונפט און דערפון האָט ער געזען, אַז אין זיין גאַנץ לעבן וועט ער קיין מאָל נישט פאַרברויכן דאָס געלט, וואָס ליגט אויף זיין קאָנטאָ אין באַנק, איז אים איינגעפאַלן עס צעטיילן צווישן די יידישע אינסטיטוציעס. ער איז אַוועק צום רב און פאַרגעלייגט אַזאַ פּלאַן:

דער רב זאָל צונויפרופן אייניקע כלל־טוער און צוזאַמען מיט זיי שאַפן אַ פונדאַציע אויפן נאָמען „רחל", וועלכע זאָל שטענדיק זיין גרייט צו העלפן מיט געלט אַלע וווילטעטיקע און קולטורעלע אינסטיטוציעס אין דער יידישער קאָלאָניע. אַזוי, למשל, זאָל די לייי־קאַסע קריגן אַ געוויסע סומע געלט אַלס גרונט־קאַפּיטאַל און אַלע נויטבאַדערפטיקע זאָלן קריגן הלוואות אָן זשיראַנטן, און די פאַרלוסטן זאָלן אַראָפּגערעכנט ווערן פון דעם דאָזיקן גרונט־קאַפּיטאַל. פאַר דער ביבליאָטעק זאָל מען קויפן אַן אייגענע געביידע, זי זאָל נישט דאַרפן זיך מאַטערן צו צאָלן דירה־געלט און אַ געוויסער פאָנד זאָל שטיין צו דער דיספּאָזיציע פון דער פאַרוואַלטונג פון ביבליאָטעק אויף אויסצוהאַלטן אַ געצאָלטן ביבליאָטעקאַר. די אַנדערע אינסטיטוציעס זאָלן קריגן פּלאַץ פאַר זייערע טעטיקייטן אין דער זעלבער גרויסער געביידע, וואָס די פונדאַציע וועט קויפן און איבערבויען פאַר דעם צוועק. איין גרויסער זאַל זאָל אײַנגעריכט ווערן אויף צו שפּילן טעאַטער מיט אַלע מאָדערנע איינריכטונגען, אַזוי, אַז ווען יידישע אַרטיסטן וועלן אַראָפּקומען זאָלן זיי האָבן וווּ צו שפּילן יידיש טעאַטער. בכלל זאָל די דאָזיקע פונדאַציע מיט אירע קאַפּיטאַלן העלפן יעדע געזונטע איניציאַטיוו, וואָס וועט נאָר אויפקומען אין דער יידישער קאָלאָניע אין די קומענדיקע יאָרן, נישט מאַכנדיק קיין שום אונטערשייד צווישן איין סאָרט ייד און צווייטן.

מיט אַ וואָך שפּעטער האָט דער רב גערופן יואלן צו זיך און צוזאַמען מיט נאָך אייניקע כלל־טוער האָט ער אים איבערגעגעבן וועגן זייער באַשלוס אָנצונעמען זיין פאָרשלאַג. ער האָט אים פאָרגעשטעלט דעם אַדוואָקאַט, וואָס וועט דורכפירן די לעגאַלע פּאַפּירן און יואל האָט באַלד אויסגעשריבן אַ טשעק אויף אַ גאָר גרויסער סומע אויף דער סיטי־באַנק און איבערגעגעבן דעם רב. מ'האָט געטרונקען לחיים און אַלע האָבן יואלן געוווּנטשן אריכת ימים און הצלחה, ווו ער וועט זיך קערן און ווענדן. ביים אַוועקגיין האָט יואל איבערגעלאָזט דעם רב אַ פיינעם פּדיון און אים געבעטן, ער זאָל נישט

מאַכן קיין צו פיל טומל וועגן אים פּערזענלעך, ווייל ער איז גאָרנישט אַזוי גרויס, מען זאָל וויסן וועד ס'האָט דאָס אַלץ אויפגעטאָן. ער זוכט נישט קיין כבוד און וויל נישט מפורסם ווערן. דער רב האָט זיך געחידושט אויף זיין מאָדנער בקשה און עס אים צוגעזאָגט.

יואלס נאָמען, אַלס איינער וואָס האָט געראַטעוועט די יידישע אינסטי־טוציעס פון אונטערגאַנג, איז געוואָרן אַ שם דבר אין שטאָט. אַלע האָבן גערעדט פון דאָזיקן מאָדנעם מענטש, וועלכער יאָגט זיך נישט נאָך קיין כבוד, און קיינער ווייסט כמעט נישט, ווער ער איז, פון וואנען ער קומט און ווי אַזוי ער איז געקומען צו אַזאַ גרויס עשירות. אָפט מאָל פלעגט ער אַליין זיין אַן עדות פון פאַרשידענע לעגענדעס וועגן אים, וואָס ער האָט געהערט דערציילן אין אַ קאַפע, אָדער גאָר אויף אַ קולטור־אָוונט אין די נייע לאָקאַלן, ווו ביי יעדער געלעגנהייט האָט מען דערמאָנט דעם אַנאָנימען נדבן, און ער איז דערביי געווען צווישן עולם אין זיין איינפאַכער קליידונג און קיינער האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט.

נאָך יומים נוראים איז יואל צוריק אַוועק אין פישער־דאָרף און זיך אין גאַנצן אַריינגעטאָן אין מאָלן. ער האָט זיין טאָג איינגעאָרדנט אַזוי: אין דער פרי פלעגט ער זיך באָדן אין ים, נאָך פרישטיק אַרבעטן ביים בילד, נאָך מיטיק — שפּאַצירן אַרום דאָרף אָדער אין די אַרומיקע בערג און ווען ס'איז געוואָרן פינצטער, פלעגט ער ביים שיין פון אַ נאַפט־לאָמפּ אין זיין הייזקע לייענען ביז שפּעט אין אָוונט און אָפט מאָל אַזוי אַנטשלאָפן ווערן און זיך אויפכאַפּן ערשט ווען די הענער האָבן אָנגעהויבן קרייען אויף טאָג.

די פישערקע, ביי וועמען ער האָט געדונגען דאָס הייזל, האָט אים געוואַשן די וועש און באַזאָרגט מיט מאָלצייטן. ער איז געווען אין אַ שטימונג פון האָבן עפּעס דערגרייכט, צו וואָס ער האָט געשטרעבט. דאָס בילד איז פון טאָג צו טאָג געוואַקסן און באַקומען די געהעריקע פאָרם. סוף זומער איז עס געווען אין גאַנצן פאַרטיק און געשטאַנען איבערגעצויגן אויף דער ווערענדע פון זיין הייזקע.

איין מאָל איז אַהרן־לאָזערן איינגעפאַלן זיך אַראָפּצוכאַפּן אין דאָרף אַריין און זען וואָס יואל מאַכט. ער האָט מיטגענומען מיט זיך אַ פּאַק צייטונגען און זשורנאַלן, ווייל ער האָט געוווסט, אַז יואל האָט ליב צו

לייענען. אין דאַרף איז אים שווער אָנגעקומען זיך צו דערפרעגן אויף אים. ערשט אַ פישער־פרוי וואָס האָט צעשפרייט נאַסע נעצן אויף אַ פּלויט, האָט אים אָנגעוויזן, ער זאָל אַריינגיין אין אַן אַלטער הייזקע, וואָס שטייט אין טאָל — דאָרט וווינט עפּעס אַ פרעמדער.

אַהרן־לאַזער האָט געוואַרט אויף יואלן אַ שפּאָר שטיקל צייט, און זיך נישט געקענט דערוואַרטן. ער האָט זיך גענומען אויספרעגן, וואָס ער טוט, און ווי ער פאַרברענגט די צייט. די פישער־פרוי האָט אַהרן־לאַזערן אַרויפגעפירט אויף דער וועראַנדע:

— אָט־אָ ביי דעם בילד פאַרברענגט ער גאַנצע טעג — האָט זי געטייט מיטן פינגער. — דאָ עסט ער, דאָ שלאָפט ער, פון דאַנען קאָן מען אים נישט אָוועקרייסן. איידער ער איז היינט אַרויסגעגאַנגען שפּאַצירן, האָט ער דאָס בילד אויפגעדעקט און געקוקט דערויף עטלעכע שעה. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קניען און עס צוגעדריקט צו זיך, דערנאָך האָט ער עס אַרומגעהילט און אַוועק אויף זיין שפּאַציר אין די בערג.

אַהרן־לאַזער האָט נאָר געוואַרט די פישער־פרוי זאָל אַוועק. ער האָט באַלד דאָס בילד אויפגעדעקט און אַזש אַ ציטער געטאָן. אין דער לינקער זייט פון בילד האָבן אין הינטערגרונט זיך געוויסט מצבות. און פון פאָרנט איז געווען אַ גרויסע מצבה מיט אַן איבערגעבראָכענעם בוים. אין צענטער האָט זיך מאַיעסטעטיש אויפגעהויבן דער אַראָפּהענג פון אַ באַרג־קייט, וואָס ציט זיך פאַזע דעם גוואַנאַבאַראַ בעקן. צופוסנס פון באַרג ליגט אַ צעטראָס־קעטער קערפּער פון וועלכן מ׳זעט נאָר אַן מילדע, אָבער שטאַרקע אויגן, וואָס קוקן צו דער גרויסער מצבה, אין הויך פון דער מצבה בליצט אַראָפּ אַ בליק פון אַ יונג־פרוי אין די שפּאַלטן פון באַרג.

אַהרן־לאַזער האָט שיער נישט אָנגעהויבן שרייען, אָבער אין דעם מאָמענט האָט ער דערזען, ווי צו אַ ווינקל פון בילד איז צוגעטשעפּעט אַ בריוו אין אַ פאַרמאַכטן קאָנווערט. ער האָט דעם בריוו אַ כאַפּ געטאָן, אויפגעריסן און גענומען לייענען:

— „מיין ווילן איז — איר זאָלט מיך מקבר זיין אויף קאַדזשו, אויפן בית עלמין פון די חברה־לייט, נישט ווייט פון רחלס קבר. מיין גאַנץ פאַרמעגן מיט די איינקונפטן לאָז איך איבער פאַר די פונדאַציעס אויפן נאָמען פון רחל, אויף צו שטיצן און אויסהאַלטן אַלע צדקה־ און קולטור־אינסטי־

טוציעס. פאַרוואלטן זאָל אַ געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט מיטן רב בראש. דאָס בילד געהער דער שטאָטישער קונסט־גאַלעריע. יואל בערמאַן״.

אויף אהרן לאָזערס פאַרצוויפלטע געשרייען איז אויף דער ווערענדע אַרויסגעלאָפן די פישער־פרוי. זי האָט נאָר אַ בליק געטאָן, געזען ווי דער גאַסט רייסט זיך די האָר פון קאָפּ, און איז שנעל געלאָפן אין דאָרף אַלאַרמירן פויערים, זיי זאָלן איינשטילן דעם משוגענעם. אָבער אהרן לאָזער איז זיי אַנטקעגנגעלאָפן, ברעכנדיק מיט די הענט:

— גייט, ראַטעוועט! און ער האָט זיי אַ וויז געטאָן אויפן בילד.

אַ ביסל שפּעטער, ווען אהרן לאָזער איז געקומען צו זיך האָט ער זיך גענומען בעטן ביי די פישער זיי זאָלן גיין זוכן יואלן. אָבער די נאַכט איז שוין צוגעפאַלן און קיינער האָט אין די בערג נישט געוואָלט גיין.

אויף צו מאָרגנס איז דער פישער, ביי וועמען יואל האָט געוווינט, צוזאַמען מיט עטלעכע יונגע־לייט, בערג־קלעטערער, אַוועק זוכן אין די בערג. אַ האַלבן טאָג האָבן זיי אַרומגעזוכט. ערשט מיטיק־צייט, ווען די זון איז געווען אין מיטן הימל, האָבן זיי עפּעס דערזען. צווישן פעלדזן, ביים אַראָפּהענג פון דער באַרג־קייט, קעגנאיבער דער גואַנאַבאַראַ, איז ער געלעגן מיט אָפענע אויגן און זיין פאַרשטאַרטער בליק האָט אַריבערגעקוקט אין דער גרויסער שטאָט אַריין.

